# אויסגעוועהלטע שריפטען

פון

## דר. י. א. הורוויטש

(יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי)



אין פיער בענדער

ארויסגעגעבען פון
„יצחק אייזיק הורוויטש׳ם פובליקאציאָנס קאָמיטעט"
ניו־יאָרק, 1917.

# איבער די ארטאגראפיע פון דיזע שריפטען.

---

בנוגע צו דעם אידישען „ספעלינג" הערשט אין אונזער פרעסע אַן אמת'ע תהו ובהו. מען האלט זיך כלומר'שט אַן דער אַלטער דייטשער אויסלעגונג פון ווערטער, — וואָס די דייטשען האָבען שוין אגב מיט אַ יאָר דרייסיק צוריק רעפאָרמירט פאר זייער אייגענעם געברויך, פאַקטיש האָט יעדע אידישע צייטונג, יעדער זשורנאַל אַן אייגענע אויסלעגונג, און גאָר אָפט געפינט איר פארשידענע שרייבארטען אין דערזעלביקער צייטונג און אפילו אין דעמזעלביקען אַרטיקעל.

די פיר בענדער פון מיינע שריפטען, וואָס ערשיינען איצטער, באשטעהען פון ארטיקלען, וואָס זיינען אין פארשידענע צייטען געדרוקט געווען אין פארשידענע היגע אידישע צייטונגען, וואָכענבלעטער און מאָנאַטשריפטען. עס איז דעריבער נויטיג געווען אָנצונעמען אַן איינהייטליכע אַרטאָגראַפיע פאר די אַלע שריפטען.

וועגען דער פראַגע האָט מען אין די לעצטע יאָרען פיל גערעדט און געשריבען. עס אַרבייט אַף דעם אַ קאָמיטע, וואָס באשטעהט פון מר. ב. באָרוכאָוו'ן, מר. אלכסנדר הארקאווי און מר. יהודה יאָפע. איך האָב געפאָלגט, אזוי ווייט ווי מעגלאך, דעם פאָנעטישען סיסטעם, וואָס מר. באָרוכאָוו רעקאָמענדירט אין דעם „פנקס". עס האָט זיך אָבער אויסגעוויזען אַ סך שווערער, איידער מען האָט גע־קענט ערוואַרטען. איינע פון די וויכטיקסטע מניעות איז געווען וואָס פאר די זעצערס איז די אַרט אויסלעגונג גאַנץ פרעמד. דעריבער האָט מען געמוזט אין פילע שטעלען איבערלאָזען די אַלטע אויסלעגונג פון די ווערטער. אין דעם דריטען און פערטען באנד איז די נייע אַרטאָגראַפיע שוין מער אויסגעהאַלטען.

י. א. הורוויטש.

דר. י. א. הורוויטש.

## אויסגעוועהלטע שריפטען.

ערסטער באנד:

# אימיגראציע אין אמעריקע.

ניו־יארק, 1917.

# פאררעדע צום ערסטען באַנד.

דיזער באנד איז ניט קיין איבערזעצונג פון מיין ענגלישען בוך איבער איינוואַנדערונג. דער לעזער וועט אַבער דאָ געפינען בקצור דעם אינהאלט פון יענעם בוך, נאָר אין אַ מער פּאָפּולערער פאָרמע. פון דער אַנדערער זייט האָב איך דאָ איינגעטיילט מער פּלאַץ ספּעציעל דער אידישער איינוואַנדערונג, ווי אין דעם ענגלישען בוך. אין דעם קאַפּיטעל איבער פאַרמעריי האָב איך זיך באנוצט מיט פרישען מאַטעריאַל, וואָס איז ערשינען שפּעטער ווי מיין ענגלישער בוך איז אַרויס. דער קאַפּיטעל איבער די שטעלונג פון דער אמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פּארטיי צו אימיגראציע איז אין דעם ענגלישען בוך נאָר ניטאָ.

י. א. ה.

# אינהאלט:

## ערסטע אָפּטיילונג.

## צווייטע אפטיילונג.

### די אידישע איינוואנדערונג



## דריטע אפטיילונג.

### איינוואנדערונג און דער געזעץ.



## פערטע אפטיילונג.

### די שטעלונג פון אמעריקאנער סאציאליסטען צו אימיגראציע.

קאפיטעל: זייטע:

ערסטע אבטיילונג.

# אלגעמיינע אורזאכען און ווירקונג פון איינוואנדערונג.

## ערסטער קאפיטעל

## אלגעמיינע איבערזיכט

.1

איינע פון די הויפט־פאדערונגען פון די אמעריקאנער ארגאניזירטע ארבייטער פאר די לעצטע פינף און צוואנציק יאהר, איז די באשרענקונג פון איינוואנדערונג. די היגע ארבייטער מיינען אז ווען מען זאל ניט אריינלאזען קיין פרעמדע ארבייטער, וואלט די קאנקורענץ צווישען די ארבייטער געווען קלענער און די אמעריקאנער ארבייטער וואלטען געקענט אויספירען זיי זאלען קריגען העכער באצאלט. דאס איז דער עיקר פון די ארגומענטען, אלע אנדערע טענות זיינען ניט מער ווי אן אויסרייד.

די אידישע כלל־טוערס וואס אפעלירען קעגען די באשרענקונג פון איינוואנדערונג צו דעם געפיל פון מענטשלאכער סימפאטיע מיט די ארעמע איינוואנדערער, צו די אמעריקאנער טראדיציעס א. אז. וו. לעבען נאך אלץ אין דער געדאנקען־וועלט פון אמאל. זיי פארשטעהען ניט, אז אויף די טענות וועגען סימפאטיע מיט'ן דלות ענטפערט מען אז „צדקה הויבט זיך אן אין דערהיים“, אז די אמעריקאנער ארבייטער זיינען אליין אביונים און זיי זיינען פאר אונדז בילכער, — לאזען די אייראפעאישע עמיגראנטען בלייבען אין דערהיים און אויסקעמפפען ביי זיך בעסערע באדינגונגען פאר די ארבייטער. און וואס איז שייך צו די גרויסע אמעריקאנער טראדיציעס, געהערען זיי צו אזא צייט, ווען אמעריקע איז נאך געווען א נייע לאנד און האט זיך גענויטיקט אין ארבייטער צו ענטוויקלען די

אוצרות פון דער נאַטור, דעמאָלט האָט מען נעדאַרפט אַריינלאָזען יעדערען. איצטער אָבער, ווען מיליאָנען היגע אַרבייטער געהען אַרום לעדיק, איז פאַר די אימיגראַנטען גופא אַ טובה, מען זאָל פאַר זיי פאַרשפּאַרען די טיר, — זיי וועלען זיך ניט רואינירען אומזיסט אויף צו באַרייכערען די שיפּס־קאָמפּאַניעס.

די אַלטע עקאָנאָמיסטען, וואָס זיינען געווען די וויסענשאַפטליכע פאַרטרעטער פון דעם קאַפּיטאַל, האָבען געלערנט, אַז די רעגירונג טאָר זיך ניט מישען אין געשעפט, דער האַנדעל דאַרף זיין פריי, יעדער איינער דאַרף זיין פריי צו אַרבייטען אַזוי פיל שטונדען אַ טאָג ווי ער וויל, פאַר אַזעלכע שכירות, ווי עס לוינט זיך איהם, אונטער אַזעלכע באַדינגונגען ווי עס געפעלט איהם. דאָס האָט געקלונגען זעהר שעהן און פרייהייטלאַך, אָבער היינט־צו־טאָג ווייסען מיר, אַז די דאָזיקע „פרייהייט פון דער אַרבייט“ איז אין דער פּראַקטיקע געווען ניט מער ווי אַ פאַרמאַסקירטע שקלאַפעריי פאַר דעם אַרבייטער. זיין „פרייהייט“ צו אַרבייטען פון פריהמאָרגען ביז שפּעט ביינאַכט האָט איהם געצוואונגען צו אַרבייטען לאַנגע שטונדען, וואָרים זייענדיק אונאָרגאַניזירט און ניט האָבענדיק פון וואָס צו לעבען אָהן אַרבייט, האָט ער ניט געקענט אויסקלייבען.

ווען די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַוועגונג איז געוואָרען אַ קראַפט, וואָס מען האָט זיך מיט איהר געמוזט רעכענען, האָט זיך געבילדעט צווישען די דייטשע פּראָפעסאָרען אַ „פאַראיין פאַר סאָציאַל־פּאָליטיק“, וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע אויסצואַרבייטען פּלענער פון סאָציאַלע רעפאָרמען.

די דייטשע סאָציאַל־פּאָליטיקער האָבען גאַנץ ריכטיק איינגעזעהען, אַז דער איינצעלנער אַרבייטער קען זיך אַליין ניט העלפען, ער מוז באַשיצט ווערען פון דעם געזעץ, דאָס הייסט פון דעם שטאַט. אין דייטשלאַנד אָבער האָט דאָס געמיינט די פאַרשטאַרקונג פון דעם דייטשען פּאָליציי־שטאַט, וואָס מישט זיך אַריין אין דעם פּערזענלאַכען לעבען פון דעם בירגער אויף יעדען שריט און טריט. די דייטשע סאָציאַל־פּאָליטיקער האָבען אויף דעם אופן פאַרבונדען זייערע סאָציאַל־רעפאָרמען מיט דעם דייטשען פּאָליציי־שטאַט. זייערע געגנער פון דעם אַלטען חדר האָבען זייער סאָציאַל־פּאָליטיק געגעבען דעם נאָמען שטאַאַטס־סאָציאַליזם, און זיי האָבען דעם נאָמען אָנגענומען. ערגעץ אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישער לץ האָט זייער

סאַרט סאָציאַליזם געגעבען דעם שפּיץ־נאָמען „פּאָליציי־סאָציאַליזמוס“.

אין די פאַראייניקטע שטאַטען האָט נאָך מיט אַ יאָהר צוואַנציק צוריק געהערשט די אַלטע ענגלישע פּאָליטישע עקאָנאָמיע: דער שטאַט טאָר זיך ניט מישען אין די באַציהונגען צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט — איז געווען דער כלל.

טאָמאַס דזשעפערסאָן, דער פאַרפאַסער פון דער רעוואָלוציאָנערער „דעקלערעישאָן אָוו אינדעפּענדענס“ און דער דריטער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטען, האָט פאַרטראָטען דעם געדאַנק, אַז די געזעלשאַפט איז ניט מער ווי אַ צאָל יחידים. וואָס יעדער איינער פון זיי לעבט זיך פאַר זיך, נאָר פון צייט צו צייט טרעפען זיי זיך צוזאַמען צו פירען געשעפטען צווישען זיך. ווען זיי וואָלטען אַלע געווען אָנשטענדיקע לייט, וואָלטען זיי צווישען זיך געקענט אויסקומען גאָר אָהן קיין שום רעגירונג. נאָר ווייל עס געפינען זיך מענטשען, וואָס ווילען אַריינכאַפּען וואָס עס געהערט צו אַן אַנדערען, דאַרף מען האָבען אַ רעגירונג, וואָס זאָל זיי געבען איבער די הענט. די רעגירונג איז, הייסט דאָס, ניט מער ווי „אַ נייט־וואָטשמאַן“ (אַ נאַכט־סטרוזש, דער אויסדרוק ווערט טאַקע געברויכט אין דער אַמעריקאַנער פּאָליטישער וויסענשאַפט). די בעסטע רעגירונג איז יענע, וואָס רעגירט וואָס ווייניקער.

דיזער אינדיווידואַליסטישער אַנאַרכיזם איז געווען זעהר רעוואָלוציאָנער אין דער צייט ווען די ענגלישע קאַפּיטאַליסטען האָבען זיך באַנוצט מיט דער מאַכט פון דעם ענגלישען שטאַט צו דערשטיקען דעם האַנדעל און די אינדוסטרי פון די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס. מיט הונדערט יאָהר שפּעטער איז די טעאָריע זעהר גוט צוניץ געקומען דעם אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטישען קלאַס אין זיין קאַמף פאַר עקאָנאָמישע הערשאַפט.

אָבער אין די לעצטע צוואַנציק יאָהר איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין דער אַמעריקאַנער עפענטלאַכער מיינונג. דער וואוקס פון די יוניאָנס איז געווען איינע פון די וויכטיקסטע אורזאַכען פון דער ענדערונג. די יונאָינס האָבען שטענדיק אַגיטירט פאַר אַלערליי אַרבייטער־געזעצע. אין דערזעלבער צייט האָבען די דייטשע סאָציאַל־פּאָליטיקער געהאַט אַ שטאַרקען איינפלוס אויף די אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטען. ביז גאָר ניט לאַנג צוריק זיינען די אַמע־

ריקאנער אוניווערסיטעטען געשטאנען א סך נידעריקער פאר די אייראפעאישע. א יונגער מאן, וואס האט געענדיקט אן אמעריקאנער קאלעדזש און האט געוואלט ווייטער שטודירען, פלעגט פאהרען קיין דייטשלאנד און לערנען זיך פאליטישע עקאנאמיע ביי די דייטשע פראפעסארען. די דייטשע „סאציאל־פאליטיק“ האט זיך אויף דעם אופן פארשפּרייט צווישען אמעריקאנער געבילדעטע יונגע לייט. זיי האבען זיך ניט באגנוגענט מיט טעאריעס, זיי האבען אויך פּרובירט צו העלפען לייזען די אמעריקאנער סאציאלע פראגען אויף א פראקטישען אופן. צו דעם צוועק האבען זיי גענומען גרינדען אלערליי „סאשאל סעטלמענטס“ און עהנליכע אונטערנעמונגען. עס האט זיך געבילדעט א גאנצער פאך — „סאשעל וואירקערס“. פון אנהויב זיינען זיי געווען שוואך, אבער די אויסברייטונג פון דער סאציאליסטישער באוועגונג אין אמעריקע האט זיי פארשאפט דיזעלבע שטעלונג, ווי די אויסברייטונג פון דער דייטשער סאציאל־דעמאקראטיע האט מיט פערציק יאהר פריהער פארשאפט זייערע רביים אין דייטשלאנד.

די אמעריקאנער סאציאל־רעפארמערס, די פראגרעסיסטען, וואס האלטען פאר די ארגאניזירטע ארבייטער, זיינען ארויס קעגען די נייט־וואטשמאן־טעאריע פון דעם שטאט אים נאמען פון דער דייטשער טעאריע פון דעם אלמעכטיקען שטאט*).

די אונבעשרענקטע פרייהייט אין דעם געשעפטסלעבען גיט דעם רייכען און דעם שטארקען די פרייהייט צו דריקען דעם ארעמען און דעם שוואכען; די אייזענבאהנען דריקען דעם פארמער און דעם קליינעם געשעפטסמאן, די טראסטס דריקען די קליינע אונטערנעמער, דער קאפיטאליסט דריקט דעם ארבייטער, דעריבער מוז דער געזעץ באשרענקען די פערזענליכע פרייהייט פון דעם יחיד, כדי איהם צו באשיצען געגען דעם שטארקערען. און באשרענקען מוז מען

*) דער דזשעפערסאנישער אנארכיזם זאגט, אז דער יחיד האט געוויסע „נאטירליכע רעכטע“, וואס האבען עקזיסטירט איידער עס האט זיך געגרינדעט דער שטאט און וואס דער שטאט מוז אנערקענען. אויף דעם ענטפערען די מאמינים פון דעם אלמעכטיקען שטאט, אז וואו עס איז ניטא קיין שטאט, דארטען קען קיינער ניט האבען קיין „רעכטע“. דער יחיד האט נאר אלע רעכטע, וואס דער שטאט געפינט פאר נויטיק איהם צו שענקען, און עס איז גאר ניטא קיין גרעניץ אויף ווי ווייט דער שטאט מעג באשרענקען די פרייהייט פון דעם יחיד.

טאקע די פריייהייט פון דעם איינצעלנעם ארבייטער לטובת דער גאנצער ארבייטערשאפט**).

ווען איהר וועט אנווענדען דיזע צוויי טעאריעס אויף די פראגען וועגען אימיגראציע, וועט איהר קלאר זיין, אז פון דעם דזשעפערסאנישען שטאנדפונקט טאר זיך דער שטאט איינמישען ניט מישען אין דעם עניין. — יעדער יחיד מעג זיך פארען פריי וואו עס געפעלט איהם; פארקערט, פון דעם שטאנדפונקט פון די היינטיקע סאציאל־רעפארמערס האט דער שטאט דאס רעכט צו באשטימען, וועמען ער וויל ארייינלאזען אין לאנד און וועמען ער וויל ניט.

מיט עטלאכע יאהר צוריק האט אן אמאליקער ענגלישער „פעביאן סאשעליסט" דזשאן מארטין אנגעשריבען אן ארטיקעל אין דעם עקאנאמישען זשורנאל, וואס ווערט ארויסגעגעבען פון דעם הארווארדער אוניווערסיטעט, וואו ער האט געוויזען ווי דער שטאט פירט דורך ביסלאכווייז דעם סאציאליסטישען פראגראם, — ווי אזוי אלערליי געשעפטלאכע באציהונגען קומען איינע נאך דער אנדערער אונטער דער רשות פון שטאט. צווישען די ענינים, וואס זיינען פריהער געווען א פריוואט־זאך און ווערען איצט רעגולירט פון דעם שטאט, האט ער אויך אנגעוויזען אויף אימיגראציע, אויב דער פראגראם פון שטאטס־סאציאליזם באשטעהט אין דעם, אז דער שטאט רעגולירט די גאנצע געשעפטלאכע טעטיקייט פון דער געזעלשאפט, טו קען ער ניט איבערלאזען צו די יחידים, אז יעדער איינער זאל אליין פאר זיך באשטימען וואו ער וויל זיך באזעצען.

**) אט צום ביישפיל, מען האט אין איליגאי באשרענקט מיט'ן געזעץ דעם ארבייטסטאג פאר פרויען, האט מען ביי דער איינצעלנער ארבייטערין אוועקגענומען די „פריייהייט" צו ארבייטען לענגערע שטונדען. עס זיינען געווען פרויען, וואס האבען געארבייט פון שטיק און זיי האבען דורך דעם פערלארען א טייל פון זייערע פערדיענסטען, און עס איז זעהר מעגליך, אז זיי איז אנגעקומען טאקע זעהר שווער צו ליידען פון דעם אין אנהויב. אבער עס איז געווען א טובה פאר דאס רוב פון די ארבייטערינען, ווייל זיי האבען געוואונען אויף א פאר שטונדען אין טאג פריייהייט פון דער שקלאפעריי אין די פאבריקען. און חוץ דעם האט די באשרענקונג פון ארבייטס־שטונדען גרעסער געמאכט דעם באדארף אויף ארבייטערינען און האט אלזא געשאפען ארבייט פאר פיעלע פרויען, וואס זיינען פריהער געווען לעדיג. דאס האט געמוזט העלפען אלע ארבייטערינען קריגען בעסער באצאלט.

אין אנהויב פון דער אגיטאציע פון די ארגאניזירטע ארבייטער געגען איינוואנדערונג זיינען זיי געווען געגען אימיגראציע בכלל. אין די לעצטע צוואנציק יאהר אבער איז די איינוואנדערונג פון ענגלאנד, איירלאנד, דייטשלאנד, שוועדען און נארוועגיע שטארק געפאלען, און צו גלייכער צייט איז געשטיגען די איינוואנדערונג פון רוסלאנד, עסטרייך און איטאליע. די געגנער פון איינוואנדערונג האבען דעריבער געביטען זייער טאקטיקע: זיי זאגען אז זיי זיינען גאר ניט געגען אימיגראציע בכלל. אדרבא, גוטע אימיגראנטען — ענגלענדער, איירישע, דייטשען, שוועדען, זיינען זיי צו יעדער צייט ליב; זיי ווילען נאר ניט „די אונגעווינטשטע אימיגראנטען פון מזרח און דרום אייראפא". ס'הייסט, די אידען, די פאליאקען און די איטאליענער, וואס שטעהען אויף א נידעריקער מדרגה פון קולטור און זיינען דעריבער צופרידען מיט אזעלכע נידעריקע שכירות, וואס דער העכער ענטוויקעלטער אמעריקאנער ארבייטער קען דערפון ניט מאכען קיין לעבען. דער תירוץ איז אבער ניט קיין ערלאכער, ווארים אין יענער צייט ווען די אימיגראנטען זיינען געווען אויסשליסלאך ענגלענדער, איירישע און דייטשען, האבען די געגנער פון אימיגראציע געפונען ביי זיי פונקט די זעלבע חסרונות, וואס די היינטיגע שונאים פון אימיגראציע זוכען אויס ביי די אידען, ביי די פאליאקען און ביי די איטאליענער. נאר, פארשטעהט זיך, עס קען היינט ניט שאטען צו לויבען די ענגלישע און איירישע און דייטשע אימיגראנטען, ווארים קומען אהער וועלען זיי דאך ניט, און דערווייל בערוהיקט מען דערמיט אלע ענגלישע, איירישע און דייטשען, וואס זיינען שוין דא לאנג און וואלטען זיך אפשר געשטעלט דאגעגען, ווען מען זאל וועלען באשרענקען די איינוואנדערונג אין אלגעמיין.

אפשר אבער זיינען מיר טאקע ערגער פון די איירישע אדער פון די דייטשען? ערגער הייסט נאטירליך ארעמער. נו, איז עס א פאקט, אז ווי ארעם עס זיינען די היינטיקע אימיגראנטען, וואס קומען פון רוסלאנד, פון עסטרייך און איטאליע, זיינען די אמאליקע אימיגראנטען געווען א סך ארעמער. מיט א יאהרהונדערט צוריק זיינען די אימיגראנטען געווען אזוי ארעם, אז זיי האבען ניט געהאט מיט וואס אפילו צו קויפען א שיפסקארטע, פלעגען זיי מאכען א קאנטראקט מיט דער שיפסקאמפאניע, אז ווען זיי וועלען אנקומען אהער, זאל דער קאפיטאן פון שיף זיך פארקויפען פאר שקלאפען אויף

א צייט מיט יאהרען. ביי יעדען אנקומען פון אן אימיגראנטען־שיף פלעגט פארקומען אן אוקציאן: מ׳פלעגט פארקויפען גאנצע פאמיליעס ווי בהמות.

דער לעצטער אוקציאן איז אפגעהאלטען געווארען אין 1819. אבער דער נעקסטער דור אימיגראנטען איז ניט געווען פיעל בע־סער געשטעלט. די מיליאנען איירישע און דייטשען, וואס זיינען געקומען אהער פאר דעם בירגער־קריעג, זיינען געווען אונוויסענד און פון דערהיים זיינען זיי צוגעוואוינט געווען צו א זעהר געמיינעם לעבען. די היינטיקע אימיגראנטען זיינען געווים ניט ארעמער פון יענע, ווארים היינט צו טאג קאסט א שיפסקארטע צוויי מאל אזוי פיל, ווי מיט א יאהר צוואנציק צוריק.

דער אמת׳ער גרונט פארוואס די ארגאניזירטע ארבייטער זייי־נען היינטצוטאג געגען אימיגראציע איז דער זעלביקער ווי מיט פינף און צוואנציק יאהר צוריק. זייער שטעלונג איז קלאהר אויסגעדריקט געווארען פון פראפעסאר קארווער פון דעם הארווארדער אוניווערסי־טעט אויף דעם יאהרליכען צוזאמענפאר פון דעם פעריין פון דעם אמעריקאנער עקאנאמיסטען אין 1910.

די לאגע פון דעם אמעריקאנער ארבייטער איז העכער איידער די לאגע פון דעם אייראפייאישען, דערפאר וואס דער אנגעבאט פון הענט אין אמעריקא איז קלענער. לאזט אריין אהער אלע ארבייטער פון אייראפא פריי, וועט מיט דער צייט דער אמעריקאנער ארבייטער פארלירען זיין פריווילעגירטע שטעלונג.
דער פאבריקאנט איז פראטעקטעט געגען דער קאנקורענץ פון אויסלענדישע סחורה דורך הויכע איינפורס־צאלען, כלומרשט צוליב דעם ארבייטער, כדי ער זאל קענען צאלען הויכע אמערי־קאנער שכירות, צו דער זעלבער צייט אבער לאזט מען אריין בי־ליגע אויסלענדישע ארבייטער פריי. דער ארבייטער פערלאנגט אויך „פראטעקשאן“ פאר זיין סחורה — ס׳הייסט פאר „הענט“.

דער אמעריקאנער ארבייטער־קלאס וויל זיין אן אריסטאקראטיע צווישען דעם אינטערנאציאנאלען פראלעטאריאט, און דער ריכטי־קער מיטעל צו באהויפטען אזא אריסטאקראטישע שטעלונג איז צו באפעסטיקען די אריסטאקראטישע פריווילעגיעס דורכ׳ן געזעץ.

אזא שטרעבונג איז גאר ניט קיין נייס אין דער מענטשלא־כער געשיכטע. דער קאמפף פון דער וועלט־שטאט רוים פאר די

וועלט־הערשאפט איז געווען א קאמפּף פון דעם גאנצען רוימי־שען, פאָלק, אויך פון דעם רוימישען פּראָלעטאריאט, פאר הערשאפט איבער אלע אנדערע פעלקער, דער וואָרט "פּראָלעטאריאט„ גופא שטאמט פון דער רוימישער געשיכטע.

די היינטיקע האלטונג פון דעם אמעריקאנער ארבייטערקלאס צו די אייראפּעאישע ארבייטער ווייזט, אז די מארקסיסטישע טעאָ־ריע וועגען דער אינטערנאציאנאלער סאָלידאריטעט פון דעם פּראָ־לעטאריאט איז נאָך היינט אויך ניט מער ווי אן אידעאל.

## 2.

## איינוואנדערונג און דער ארבייטס-מארק.

די וואָס שרייען אז מען מוז באשרענקען די אימיגראציע, מיי־נען, אז צוליב איהר וועט דאָ איבערפילט דער ארבייטער־מארק, עס וואקסט די ארמעע פון ארבייטסלאָזע און זיי רייסען איינער ביי דעם אנדערען דעם ביסען פון מויל. דאָס איז ניט מעהר ווי די אַלטע בורזשואזנע טעאָריע פון דעם „ווײַרדזש פאָנד“, נאָר אי־בערגעניצעוועט אויף דעם אנדערן זייט. די טעאָריע איז באנוצט געוואָרען אין דער ערסטער העלפט פון דעם נייצעטען יאהר־הונדערט פון די בורזשואזנע עקאָנאָמיסטען צו באַקעמפּפען די פאָ־דערונגען פון די ארבייטער. עס איז פאראן נאָר אַ געוויסער פאָנד פון דעם געזעלשאפטלאכען קאפּיטאל וואָס קען אָנגעווענדעט ווע־רען אויף צו צאָלען שכירות. ווען די צאָל ארבייטער וואקסט, מוז יעדענס חלק ווערען קלענער. קעגען דעם איז פאראן נאָר איין מיטעל: זאָלען די ארבייטער ניט האָבען קיין קינדער, וועט מיט דער צייט זייער צאָל קלענער ווערען און דעמאָלט וועלען זיי קריגען העכער באצאָלט.

דיזע טעאָריע איז היינט־צו־טאָג פארוואָרפען געוואָרען פון אפילו די בורזשואזנע פּראָפעסאָרען פון פּאָליטישע עקאָנאָמיע. מארקס האָט מיט איהר אויפגעראמט אין דעם ערסטען באַנד פון זיין „קאפּיטאל“. היינט אָבער איז זי ווידער אויפגעפרישט געוואָ־רען פון די געגנער פון אימיגראציע. עס הייסט שוין ניט, לאָזען די ארבייטער ניט האָבען קיין קינדער, נאָר: לאָזען די אויסלענדישע ארבייטער זיצען אין דער היים, וועט פאר די היימישע בלייבען מער. דער עיקר איז דערזעלבער. דער געדאנק שטאמט פון דעם

ענגלישען גלח מאַלטוס, וועלכער האָט מיט מער ווי הונדערט יאָהר צוריק ערקלערט, אז די מענטשהייט מוז אייביק בלייבען אָרעם, ווייל די צאָל מיילער וואקסט גיכער ווי די צאָל ביסענס.

די וואָס שרעקען זיך פאר אימיגראַציע זאָגען מיט אַנדערע ווערטער די אייגענע זאַך, דאָס הייסט, אז די צאָל אימיגראַנטען וואָס קומען אריבער אהער איז גרעסער איידער די צאָל שטעלען וואָס זיי קענען געפינען, און דעריבער וואַקסט די אָרמעע פון אַר־בייטסלאָזע, און עס ווערט רק שווערער צו מאַכען אַ לעבען.

און ווידער האָט קיינער פון די געגנער פון אימיגראַציע ניט געפּרופט צו אונטערזוכען די פאַקטען, צי איז ווירקלאַך אזוי ווי זיי דוכט זיך אויס. לאָמיר אַקאָרסט אַ קוק טאָן, ווי איז געוואָקסען די פּראָדוקציאָן אין אַמעריקע.

די פּראָדוקציאָן פון קוילען איז געוואָקסען פון 140,000,000 טאָן אין 1890 ביז 448,000,000 אין 1910. דאָס הייסט, אין דער צייט פון 20 יאָהר האָט זיך די פּראָדוקציאָן פון קוילען פאַר־דרייפאַכט. די פאראייניקטע שטאַטען עקספּאָרטירען כמעט גאָר קיין קוילען ניט. דאָס הייסט, אַז אין 1910 זיינען דאָ פארברויכט געוואָרען דריי מאָל אזוי פיעל קוילען ווי אין 1890. קוילען זיינען דער פונדאַמענט פון דער גאַנצער אינ־דוסטרי. דאָס ווייזט אַז עס איז פארברויכט געוואָרען דריי מאָל אזוי פיל סטים (פּאַרע), דאָס הייסט אז די גאַנצע אינדוסטרי איז געוואַקסען אַן ערך אין דערזעלבער פּראָפּאָרציע. די באפעלקערונג פון די פאראייניקטע שטאַטען איז אין 1890 געווען 63,000,000, און אין 1910 האָט זי באַטראָפען 92,000,000, דאָס הייסט אין דער צייט איז זי געוואַקסען מיט 46%. אַלזאָ וועה־רענד דער פארברויך פון קוילען איז אויסגעוואַקסען דריי מאָל אזוי גרויס ווי אין 1890, איז די באפעלקערונג גרעסער געוואָרען מיט אַ קנאַפּע העלפט. אין ענגלאַנד איז אין דער זעלבער צייט די פּראָדוק־ציאָן פון קוילען געוואַקסען אין גאַנצען 50%. ווען איהר פארגלייכט די ענגלישע פּראָדוקציאָן פון קוילען מיט דער אַמערי־קאַנער, זעהט איהר באַשיינפּערלאַך, אַז ווען ענגלאַנד האָט געקענט אויסאַרבייטען איהר אינדוסטרי אויף 50% מיט איהר אייגענער באפעלקערונג, טו האָט די אַמעריקאַנער אינדוסטרי מיט איהר 200% צוואוואקס געמוזט צוקריגען אַרבייטער פון אַנדערע לענדער.

אמת, דער פּראָגרעס פון טעכניק האָט פאַרשפּאָרט א סך נייע אַרבייטער. אָבער ענגלאַנד האָט דאָך אויך גענאָסען פון דעם טעכנישען פּראָגרעס. אָהן איינוואַנדערונג וואָלט אַמעריקא אויך פערגרעסערט איהר פּראָדוקציאָן אין דערזעלבער פּראָפּאָרציע ווי ענגלאַנד, אויף אַן ערך 50%. די איבעריקע 150% האָבען שוין געפאָדערט נייע הענט.

איהר פאַרשטעהט, דיזע ציפערען זיינען ניט מער ווי א משל. אָבער איך וואָלט אייך געקענט געבען אַנדערע ציפערען פון די וויכטיקסטע אינדוסטריעלע פּראָדוקטען, אייזען אָדער קופּער, און עס וואָלט געווען די זעלבע זאַך.

דערפון קענט איהר זעהען, אַז עס איז פּשוט נאַריש, ווען דער סאָציאַליסטישער שרייבער ראָבערט האַנטער רעדט זיך איין, אַז די איינוואַנדערונג איז אַזוי גרויס דערפאַר, וואָס די שיפס־אַגענטען רעדען צו די איטאַליענער און עסטרייכער פויערים, זיי זאָלען פאַרקויפען זייער גאַנצען פעקעל אַרעמקייט און פאָרען אין די גאָלדענע לאַנד. אַן אימיגראַנט, מוזט איהר וויסען, איז פונקט ווי יעדער אַנדער מענטש. ווען איינער דערצעהלט איהם א שעהנע מעשה, פאַרקויפט ער נאָך ניט באַלד זיינע בעבעכעס און לויפט ניט אין אַן אונבעקאַנטע לאַנד. אַגענטען זיינען טאַקע פאַראַן און יעדער פון זיי סטאַרעט זיך צו פאַרקויפען וואָס מער שיפסקאַרטען. אָבער קויפען קויפט א שיפסקאַרטע נאָר יענער, וואָס האָט שוין אַליין באַשלאָסען צו עמיגרירען נאָך אַמעריקע. און די צאָל אימיגראַנטען הענגט אָפּ פון דעם צושטאַנד פון דער אַמעריקאַנער אינדוסטרי. טוט א קוק אויף די ציפערן פון דער איינוואַנדערונג, וועט איהר זעהען, ווי עס שפּיגעלט זיך אָפּ אין זיי די היגע געשעפטסלאַגע:

| יאָהר (פון 1 יול ביז דעם 30 יון) | איינגעוואַנדערט (טויזענטער) | צוריקגעפאָרען (טויזענטער) | געבליבען (טויזענטער) |
|---|---|---|---|
| 1905 | 1,060 | 385 | 675 |
| 1906 | 1,166 | 356 | 810 |
| 1907 | 1,438 | 431 | 1,007 |
| 1908 | 925 | 715 | 210 |
| 1909 | 944 | 400 | 544 |

איהר זעהט ווי די איינוואַנדערונג איז געשטיגען ביז 1907. אין דעם נעקסטען אָפיציעלען יאהר פון דעם ערסטען יול ביז דעם 30טען יון 1908 זינקט זי מיט אַ מאָל אויף אַ האַלבען מיליאָן און די אויסוואַנדערונג שטייגט כמעט אויף 300,000. דעם נעקסטען יאהר בלייבט די איינוואַנדערונג כמעט דיזעלבע, אָבער די אויסוואַנדערונג ווערט קלענער. דאָס איז נאָך קענטיקער ווען איהר פאַרגלייכט די צאָלען פון מאָנאַט צו מאָנאַט:

דורכשניטלאָך יעדען מאָנאַט (טויזענטער):

| | איינגעוואַנדערט | צוריקגעפאָהרען | וועניגער (—) מעהר (—) געקומען |
|---|---|---|---|
| פון 1 יול ביז 31 אָקט., 1907 | 116 | 47 | —69 |
| נאָוועמבער 1907 | 132 | 94 | —38 |
| פון 1 דעצ. 1907 ביז 31 אויג. 1908 | 45 | 59 | —14 |
| פון 1 סעפּ. 1908 ביז 30 יון 1909 | 87 | 30 | —57 |

פון דעם 1טען יול ביז דעם 31טען אָקטאָבער 1907 איז די איינוואַנדערונג און אויסוואַנדערונג געגאַנגען גאַנץ רעגעלמעסיק. ענדע אָקטאָבער האָט אויסגעבראָכען דער קריזיס, און מיט אַמאָל האָט זיך די אויסוואַנדערונג פאַרדאָפּעלט. די איינוואַנדערונג איז נאָך נאַטירליך געבליבען דיזעלבע, ווארים די וואָס זיינען אָנגעקומען אהער אין נאָוועמבער, זיינען נאָך אַרויסגעפאָרען פאַר'ן קריזיס. אָבער פון דעם ערסטען דעצעמבער 1907 פאַלט די איינוואַנדערונג אַרונטער ביז איין דריטעל פון דער צאָל אָנגעקומענע אין נאָוועמבער; די צאָל אַוועקגעפאָרענע איבערשטייגט די צאָל אָנגעקומענע פאַר די נעקסטע ניין חדשים דורכשניטלאָך מיט 14,000 פאַרשוין. פון דעם 1טען סעפּטעמבער 1908 הויבט זיך אָן די לאַגע צו פאַרבעסערען, די צאָל אימיגראַנטען שטייגט ווידער, און די צאָל וואָס פאָרען אַוועק פאַלט.

איהר וועט פרעגען, ווי אזוי פאַסט זיך דאָס צו די איינוואַנדערונג צו דער געשעפטסלאַגע אין אַמעריקע? אויף דעמזעלבען אופן ווי עס פאַסט זיך צו דער אָנגעבאָט פון יעדער סחורה צו דעם באַדאַרף. איהר געהט אריין אין ערגעץ אַ קראָם אויף דער פערצעטער סטריט אין ניו־יאָרק און איהר קריגט אַ העמד, ווען איהר דאַרפט. ווי אזוי? האָט איהר עס אין פאַראויס באַשטעלט? ניין. פון וואַנען האָט דער קרעמער געוואוסט, אז איהר וועט קר־

מען? ער קען אייך גאר ניט, און איהר וואוינט גאר ערגעץ אין די בראנקס, הייסט עס איהר זייט ניט פון יענעם סארט קונדען, וואס קומען פון דעם ארומיקען נעגענט, און פונדעסטוועגען, ווען איהר זייט אריין אין קראם, האט שוין דער קרעמער פאר אייך געהאט די העמד צוגעגרייט. ווי אזוי? גאנץ פראסט: ווען ער שטעהט שוין לאנג אין דער זעלביקער קראם, ווייס ער שוין פון די פריהערע יאהרען מעהר אדער וועניקער, וויפיל ער קען פארקויפען, און באשטעלט אזוי פיל ביי דעם פאבריקאנט. אויב ער האט אקארסט געעפענט די קראם, וועט ער מסתמא פון אנהויב מאכען א טעות, ער וועט איינקויפען צופיל, אדער צו וועניק; ער וועט פון אנהויב פארלירען געלט. אבער דער פארלוסט איז א טייל פון דעם קאפּיטאל, וואס ער דארף אריינלעגען, איידער ער וועט ארויפארבייטען דעם געשעפט. און אזוי איז אויך דער פאבריקאנט פון העמדער, און דער פאבריקאנט פון לייוועגט און פון נעה־מאשינען וכדומה. נאטירליך, ווען עס איז ניטא קיין געזעלשאפטלאכע ארגאניזאציע, וואס זאל איין געשעפט ריכטיק צומעסטען צו דעם אנדערען, מוזען אפט פארקומען שטערונגען: אמאל פעלט אויס אן ארטיקל, אמאל איז פאראן איבעריק. פון צייט צו צייט לאזט זיך דאס אויס מיט אן אלגעמיינעם אינדוסטריעלען קריזיס. געוועהנלאך אבער שטימט דער אנגעבאט פון אלערליי סחורות מעהר־וועניקער מיט דעם באדארף. ארבייטער־הענט זיינען אויך א סחורה. עס טרעפט זיך אז עס קומט אן פון דיזער סחורה מער איידער דער מארק פארלאנגט, און עס קען אמאל צופעלען אויך. לאמיר־זשע פרואווען אויסרעכענען, וואס פאר א ווירקונג האט די אימיגראציע אויף דעם היגען ארבייטס־מארק.

אין די פינף יאהר פון דעם 1טען יול, 1903, ביז דעם 1טען יול, 1908, האבען זיך דא אפּגעשטעלט 3,200,000 אימיגראנטען, אראפּרעכענענדיק יענע וואס זיינען געפארען צוריק. וואס איז געווארען פון זיי? ווי שלעכט ס'איז זיי געגאנגען, אבער די גאנצע פינף יאהר נאכאנאנד האבען זיי ניט געקענט פאסטען, און ווען זיי וואלטען אלע געפאלען אין די גאסען טויט פון הונגער, וואלט דאס אויסגעמאכט צען טויזענט לויות יעדע וואך אין דער צייט פון פינף יאהר. די צייטונגען וואלטען אזא זאך ניט געקענט פארשווייגען. הפנים, ווי עס איז, האבען זיי איבערגעלעבט די צייט. דערצו

האבען זיי געדארפט ענטוועדער ארבייטען, אדער גנב'ענען, אדער לעבען פון צדקה. אויב יעדער גרינער האט פארנומען די שטעל פון א היימישען ארבייטער, טו הייסט עס, אז אנדערע דריי מיליאן ארבייטער האבען געהאט דיזעלבע ברירה. היינט, לויט אן אונטערזוכונג פון דער ביורא אוו אימיגרעישאן, האט אין 1908 די צאל ארעסטאנטען, משוגעים און גלאט ארעמע־לייט אין צדקה־אנשטאלטען, באטראפען 610,477, שוין אריינרעכנענדיק געבארענע אמעריקאנער און איינגעוואנדערטע, וואס זיינען ניט פארזארגט געוועז אין טורמעס, משוגעים־הייזער, הקדשים און דערגלייכען. ווען זיי זיינען אלע ניט אויסגעשטארבען פון הונגער און האבען ניט גע־גנב'עט און ניט געלעבט פון צדקה, האבען זיי דאך מסתמא פארדינט אויף א לעבען. דאס הייסט, די איינוואנדערונג האט זיך יע צוגעפאסט צו דעם באדארף פון הענט. היינט פון וואנען האט יאסעל זיצענדיק ביי זיך אין כאנדריקעווע געוואוסט, אז מען ריכט זיך שוין אויף איהם אין שאפ אויף דיוויזשאן סטריט? זאגט אייך דער באריכט פון דעם אימיגרעישאן קאמישאנער, אז אין 1909 זיינען פון די 751,786 אריינגעלאזענע אימיגראנטען 582,750 גע־קומען צו קרובים, דאס מאכט אויס זיבען פון יעדע ניין אנגעקומענע אדער 77 פראצענט. אין דעם יאהר 1908 זיינען 76 פראצ. געקומען צו זייערע קרובים. פון די אנדערע זיינען ווידער דאס רוב געקומען צו באקאנטע. אזוינע וואס האבען דא גאר קיינעם ניט גע־האט זיינען אין 1909 געוועז 47,155, דאס הייסט סך הכל 6 פראצ. אין 1908 זיינען געוועז 8 פראצ.

היינט ווען איינער קומט אהער צו קרובים אדער מיט דעם אדרעס פון גוטע פריינט, הייסט דאס ער האט שוין זיך אין פאר־אויס נאכגעפרעגט און מען האט איהם געהייסען קומען. געוועהנ־לאך, די היגע קרובים פון די מערסטע אימיגראנטען זיינען דאך ניט קיין גבירים. ווען זיי הייסען דעם גרינעם קומען, איז דאך דאס א סימן, אז זיי ריכטען זיך, אז ער וועט ביי זיי אויף קעסט ניט זי־צען, ווארים עס איז פאראן ארבייט און ער וועט לייכט קריגען א פלאץ, און ווידער ווען עס וועט איהם אויסקומען ארומצוגעהן א פאר וואכען לעדיק איידער ער וועט קריגען ארבייט, טו זיינען זיי אימ־שטאנד איהם די צייט אויסצוהאלטען. דאס אליין איז א סימן אז די צייטען זיינען גוט.

פארקערט, בשעת עס איז פאראן קנאפּ ארבייט, איז דער איינ־געוואנדערטער ארבייטער אליין ניט זיכער מיט זיין חיונה און ער האלט די פּאר דאלאר, וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט, ביז עס וועט זיך איבער א נייס פארבעסערען די לאגע. אין אזא צייט וועט קיין אר־בייטער ניט נעמען אויף זיך די לאסט אויסצוהאלטען א קרוב אָדער א פריינט וויסענדיק אז עס קען נעמען א לאנגע צייט ביז דער גרי־נער וועט קריגען ארבייט.

דאָס לאָזט זיך גאַנץ קלאָר זעהען אין דער צאָל אימיגראַנטען וואָס קומען אָהער מיט צוגעשיקטע שיפסקארטען, — געוועהנלאָך זיינען דאָס פרויען און קינדער. פון דעם ערסטען יול 1907 ביז דעם ערסטען יול 1908 זיינען אָנגעקומען אַזוינע 275,417, און דעם נעקסטען יאָהר נאָר 220,352. אין דעם ערסטען יאָהר זיינען פיר חדשים נאָך געווען גוטע, דער נעקסטער יאָהר איז געווען אָ שלעכ־טער, און דעריבער זיינען אָנגעקומען 55,000 אימיגראַנטען וועֿ־ניקער, וואָס זייערע קרובים האָבען נאָך זיי געשיקט. אין 1908 האָבען אַזוינע איינוואַנדערער אויסגעמאַכט מער ווי אָ דריטעל (35 פּראָצענט) פון אַלע אָנגעקומענע, אין 1909 איז די פּראָפּאָרציע געפאַלען ביז 29 פּראָצענט. אין 1908 האָט די צאָל פון דעם דאָזי־קען קלאַס אימיגראַנטען איבערטראָפען מיט 33,000 די צאָל ווייבער און קינדער; דאָס הייסט, די וואָס זיינען שוין געווען היגע האבען נעהאט ז'י מיטעל אויסצושרייבען חוץ ווייבער און קינדער נאָך ברי־דער, עלטערן און אַנדערע קרובים. אין 1909 האָט שוין אפילו פּאר די ווייבער און קינדער אָ קאָפּ צוגעפעלט (אַן ערך אָ טויזענט זיינען געקומען אָהער אויף אייגענע הוצאות.) עס איז פּאר יעדען איינעם קלאָר, אז בעת די אַרבייט שטעלט זיך אָפּ, האָט דער היגער איינגעוואַנדערטער אַרבייטער ניט מיט וואָס צו שיקען נאָך זיינע איינענע.

מיר זעהען אַלזאָ, אז די איינוואַנדערונג געהט גאָר ניט אַזוי בלינד ווי מען רעט זיך איין. אין גאַנצען גענומען פּאַלגט זי דעם באַדאַרף נאָך אַרבייטער: ווען עס געהט דאָ גוט, קומען אָהער מער מענטשען און עס פּאָהרען צוריק וועניקער; געהט דאָ שלעכט, פּאָ־רען אָ סך צוריק און עס קומען אָן וועניקער. די אימיגראַציע ברענגען נייע קאָנקורענטען אויף דעם אַרבייטס־מאַרק, אָבער דער וואוקס פון דער אינדוסטרי ברענגט נייע שטעלען.

עס קען נאטירליך טרעפען, אַז אַמאָל איבערשטייגט די צאָהל אימיגראַנטען דעם באַדאַרף אויף אַרבייטער, און אַמאָל איז די צאָהל איינוואַנדערער קלענער ווי דער באַדאַרף. אָבער אַז איהר פאַרגלייכט אין דורכשניט די צאָהל אימיגראַנטען אין אַ לאַנגען משך צייט, געפינט איהר, אַז אין די לעצטע זעכציק יאָהר איז די דורכשניטס-צאָהל אימיגראַנטען געווען די זעלבע, דאָס ווייזט, אַז די איינוואַנדערונג פּאַסט זיך צו צו דעם וואוקס פון דער אַמעריקאַנער אינדוסטרי און צו דעם פאַרלאַנג נאָך אַרבייטער.

## 3.

## אַרבייטסלאָזיקייט.

ווען מען באַטראַכט די זאַך איבערפלעכלאַך, טו'דוכט זיך אויס, אַז כל־זמן עס געפינען זיך צו יעדער צייט אַרבייטער, וואָס געהען אַרום לעדיק, איז אַ סימן, אַז עס זיינען פאַראַן מעהר אַרבייטער איידער שטעלען אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען, און כדי צו מאַכען אַ לעבען, איז יעדער גרינער געצוואונגען אַוועקצונעהמען די אַרבייט ביי אימעצען, וואָס איז דאָ שוין פריהער געווען. ווען מען שטודירט אָבער די פראַגע, געפינט מען, אַז אַרבייטסלאָזיקייט קומט ניט דערפון, וואָס די באַפעלקערונג איז צו גרויס. אַרבייטער געהען אַרום לעדיק אפילו ווען די אינדוסטרי פאָדערט רק מעהרער אַרבייטער. דאָס שטאַמט דערפון, וואָס דער באַדאַרף אויף אַרבייטער איז ניט גלייכמעסיק פאַרטיילט. יעדער איינער ווייס, אַז דער פאַרלאַנג נאָך אַרבייטער בייט זיך פון איין סיזאָן ביז דעם אַנדערען. עס זיינען פאַראַן אינדוסטריען, וואָס העגנען אָפּ פון דעם קלימאַט אָדער פון דער מאָדע.*

---

* לויט דער פאָלקסצעהלונג פון 1900 זיינען אין יענעם יאָהר כמעט א פערטל (22,3%) ארומגעגאנגען לעדיק א געוויסע צייט. ווען איהר וועט נעמען אונטערזוכען וואָס פאר א סאָרט ארבייטער זיי זיינען, וועט איהר געפונען, אז צווישען מוליארעס ("פלאסטערערס און מייסאָנס„) זיינען מער ווי א העלפט ארומגעגאנגען לעדיק, — א העלפט פון זיי האָבען ניט געהאט קיין ארבייט פון 4 ביז 6 מאָנאט. ווייטער קומען ארבייטער אין די ציגעלניעס, כמעט א העלפט; פייפּערהענגערס, (אבאָישטשיקעס) 44%; "קארפּענטערס און פּיינטערס„ (סטאָליארעס

ווען דער סיזאָן איז „ביזי“, (ס׳הייסט עס איז פאַראַן אַ סך אַרבייט) איז דער פאַרלאַנג נאָך אַרבייטער אַמאָל אַ סך גרעסער, ווי דער אָנגעבאָט פון אַרבייטער, און די אַרבייטער מוזען אַרבייטען „אָווערטיים“. (ס׳הייסט איבער די געוועהנליכע שטונדען) אָבער טראָץ דעם, וואָס עס פעהלען אוים אַרבייטער בשעת עס איז ביזי, העלפט דאָס זיי ניט, ווען זיי געהען אַרום לעדיק בשעת עס איז „סלעק“ (שטיל). עס קען אפילו זיין, אז פונקט אין דער זעלבער צייט זאלען אויספעהלען אַרבייטער אין אַן אַנדער אינדוסטרי: ווען אַ קלאָוקמאַכער געהט אַרום לעדיק, פאַרוואָס זאָל ער ניט שטעלען זיך זומערצייט אַרבייטען פאַר אַ פאַרובעק ביי אַ פאַרמער? אָדער אַ מאַטראָס וואָס פאָהרט אַרום זומערצייט אויף אַ שיף אין לייק אירי, וואָלט געקענט אין ווינטער אַרבייטען ביי קלאָוקס אין דיוויזשאָן סטריט. מיר ווייסען אָבער אז די צאָל אַרבייטער וואָס קענען איבערגעהן פון איין פאַך אין דעם אַנדערען איז זעהר באַשרענקט.

דער איינציקער קלאָס אַרבייטער, וואָס קען לייכט איבערגעהן פון איין אַרבייט צו אַן אַנדערער, זיינען די פּראָסטע אַרבייטער. אָבער עס איז דאָ אויך פאַראַן אַ גרענעץ: ווען עס זיינען פאַראַן לעדיקע אַרבייטער אין ניו־יאָרק און עס פעהלען אוים אַרבייטער אין מינעאַפּאָלים, לוינט זיך ניט דעם דורכשניטליכען אַרבייטער צו אונטערנעהמען די רייזע צוליעב אַ שטעלע, וואָס וועט אפשר דויערען אין גאַנצען עטלעכע וואָכען. כדי קיינער זאָל ניט זיין געצוואונגען אַרומצוגעהן לעדיק, וואָלט נויטיג געווען אויסצוארבייטען אַזאַ פּלאַן, אַז די „ביזי“ אין איין אינדוסטרי זאָל זיין צוגעפּאסט צו די „סלעק“ אין אַן אַנדערער. דאָס וואָלט אפשר זיין מיגלאָך, ווען אַלע קוילען־גרובען, פאַבריקען, אייזענבאַהנען א. אַז.

---

און מאַלערס) איבער 40%; ווייטער אַרבייטער ביי פישערייען כמעט אַ העלפט; מאַטראָסען א דריטעל, א. ז. וו. דאָס זיינען אלץ אזעלכע אַרבייטען, וואָס מוזען זיך אָפּשטעלען צוליב דעם וועטער. אַנדערע פאַכען זיינען אָפּהענגיק פון יענע און פאַלען אויך אָפּ מיט יענע צוזאַמען. חוץ דעם זיינען פאַראַן פאַכען וואָס הענגען אָפּ פון סיזאָן, ווי צום ביישפּיל דער שניידער־פאַך: מער ווי א פערטל פון אלע שניידער־אַרבייטער (27%) זיינען אין 1900 א פּאָר חדשים געזעסען אָהן אַרבייט, כמעט אַ העלפט מער ווי דריי מאָנאַט.

וו. זאָלען באַלאַנגען צו אַן אַלגעמיינעם טראַסט, אָדער אין אַ סאָ־ציאַליסטישער געזעלשאַפט. כל זמן אָבער די אינדוסטרי איז צו־ברעקעלט צווישען אַ סך קאַפּיטאַליסטען וואָס קאָנקורירען איינער מיט דעם אַנדערען, האָט יעדער פון זיי זיין אייגענע ביזי, ווען עס פעהלען איהם אויס אַרבייטער, און זיין אייגענע סלעק, ווען עס פעהלט איהם אויס אַרבייטער צו האַלטען אַלע זיינע „הענט" פאַר־נומען.

אין יעדער אינדוסטרי געפינען זיך דעריבער מעהר אַרביי־טער איידער זי קען באַשעפטיגען צו דער זעלבער צייט. אָבער די זאַפּאַסנע סאָלדאַטען זיינען פּונקט אַזאַ נויטווענדיקער טייל פון דער אינדוסטריעלער אַרמעע, ווי די רעגעלע באַטאַליאָנען.*

## 4.
## די צוטיילונג פון דער אַרבייט צווישען די פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטען.

די ווירקונג פון איינוואַנדערונג לאָזט זיך זעהען אין דער איינטיילונג פון דער אַרבייט צווישען דער באַפעלקערונג פון די פאַראייניגטע שטאַאַטען. די מעהרצאָהל פון די אַמעריקאַנער גע־באָרענע פון אַמעריקאַנער עלטערן זיינען פאַרמערס, געשעפטס־לייט, פּראָפעסיאָנעלע לייט, אָדער קלערקס (פּריקאַשטשיקעס). די מעהר־צאָהל פון די איינגעוואַנדערטע זיינען אינדוסטריעלע אַרבייטער. דאָס הייסט ניט, אַז די איינגעוואַנדערטע אַרבייטער האָבען אַרויס־געשטופּט די אַמעריקאַנער און האָבען פאַרנומען זייערע פּלעצער. מיט דעם פאָרטשריט פון מאַשינערי זיינען געוויסע פאַכען גע־פאַלען און די צאָהל אַמעריקאַנער אַרבייטער וואָס זיינען היינט צו טאָג באַשעפטיגט אין יענע פאַכען איז געפאַלען; אָבער די צאָהל איינגעוואַנדערטע אַרבייטער אין אַזוינע פאַכען, איז אויך קלענער,

*) אַ מיטעל אויסצומיידען די אַנהויפונג פון אַרבייטער איז געוויסע שטעט, וואו זיי געהען אַרום ליידיק, אַ פּאָר מאָנאַט אין יאָהר, בעת אין אַנדערע פּלעצער פעלען אויס אַרבייטער פאָדערט זיך אַ גאַנצער סיסטעם פון אַרבייטס־בּיוראָען.

אַן אַנהויב פון אַזאַ סיסטעם פון אַרבייטס־נאַכווייז איז געמאַכט געוואָרען אין 1908 ווען עס איז געגרינדעט געוואָרען אַן „אינפאָרמיישאַן דיוויזשאַן" אַן אינפאָרמאַציאָנס־אַבטיילונג אין דער ביוראָ אָוו אימיגריישאַן. אָבער די אַמע־ריקאַן פעדעריישאַן אָוו לייבאָר האָט פּראָטעסטירט געגען די אַרבייט פון דער אינפאָרמיישאַן דיוויזשאַן מחמת דערמיט העלפט מען צוציהען אימיגראַנטען קיין אַמעריקאַ.

ווי אמאל. בכלל אבער איז דער פארלאנג נאך ארבייטער געוואקסען אין יעדער אינדוסטרי אויף אזוי פיעל, אז אלע איינגעוואנדערטע ארבייטער האבען געפונען ארבייט און עס זיינען ניט געבליעבען קיין איבעריקע, די בעלי בתים זאלען קענען געברויכען אויף ארויסצו'פטר'ן די היימישע ארבייטער און באזעצען זייערע פלעצער. איהר וועט געפינען גאר קנאפע פאכען וואו די צאהל היימישע ארבייטער איז קלענער היינט ווי מיט א יאהר צעהן — צוואנציק צוריק; און וואו דאס האט פאסירט, איז דאס דערפאר וואס דער נייער דור אמעריקאנער וויל ניט געהען אין יענע פאכען; די אלטע שטארבען אפ און זייערע פלעצער ווערען ביסלאכווייז באזעצט פון איינגעוואנדערטע ארבייטער. אבער פאר יעדען פלאץ וואס דער יונגער דור אמעריקאנער האט איבערגעלאזען פאר די איינגעוואנדערטע, האבען די היימישע ארבייטער געפונען עטלאכע נייע און בעסערע געלעגענהייטען.

ווייטער דארף מען נעהמען אין אנבעטראכט, אז אין די לעצטע דרייסיק יאהר איז אויסגעוואקסען א גרויסע אינדוסטרי אין מערב אמעריקע, וואס האט צוגעצויגען צו זיך א סך אמעריקאנער און פריהער איינגעוואנדערטע פון מזרח אמעריקע. די פלעצער וואס זיי האבען פארלאזען אין די מזרח־סטעיטס זיינען באזעצט געווארען מיט פרישע אימיגראנטען.

אין דער צייט פון דעם סטרייק אין לארענס אין 1912 האבען די שונאים פון איינוואנדערונג גע'טענה'ט, אז אין אמאליקע צייטען זיינען די ארבייטערינען אין די פאבריקען געווען געבארענע אמעריקאנער מיידלאך, היינט אבער קענט איהר זיי מעהר ניט געפינען, ווארים די אימיגראנטקעס האבען פארנומען זייערע פלעצער. עס איז ניט אזוי מחמת די איינגעוואנדערטע מיידלאך האבען ארונטערגעדריקט דעם ארבייטס־לוין, ווי דערפאר וואס די אמעריקאנערקעס זיינען יחסנ'טעס און עס שטעהט זיי ניט אן צו ארבייטען מיט גרינע צוזאמען. אז די אמעריקאנערקעס האלטען זיך צו גרויס היינט צו טאג צו ארבייטען אין פאבריק, איז אמת, אבער ניט דאס איז די אורזאכע וואס זיי געהען ניט אין די פאבריקען; פארקעהרט, זיי האלטען זיך צו גרויס פאר אזעלכע נידעריקע ארבייט דערפאר, וואס זיי האבען א געלעגענהייט צו טהאן לייכטערע ארבייט. אין די לעצטע פופציק יאהר האט זיך פאר מיידלאך געעפענט א נייער פעלד, וואס פריהער פלעגט מען די

ארבייט האלטען פאר אויסשליסלאך מאנסבילשע. די אמעריקאנערקע איז א לעהרערין, א קלערק אין אן אפיס (קאנטאר), א דאקטארקע, א צייטונגס־שרייבערין און דערגלייכען. אויף יעדע אמעריקאנער מיידעל וואס האט אויפגעגעבען די ארבייט אין א קליידער־פאבריק קומען אויס עטלאכע וואס האבען געפונען באשעפטיגונג, אלס פראפעסיאנעלע פרויען.

ווען איהר באטראכט די סטאטיסטישע ציפערען, געפינט איהר קיין שום באווייז ניט, אז די איינגעוואנדערטע פראסטע ארבייטער זאלען האבען ארויסגעשטופט די אמעריקאנער. אין קיין סטעיט געפינט איהר ניט אז די צאהל געבארענע אמעריקאנער פראסטע ארבייטער זאל היינט זיין קלענער ווי אמאל. דאסזעלבע גילט אויך וועגען די בערג־ארבייטער, וואס מכח זיי איז די אלגעמיינע מיינונג, אז די איינגעוואנדערטע האבען ארויסגעשטופט די היימישע. פונקט פארקעהרט, אין יענע צייטען ווען עס זיינען אין דער אייזען און שטאהל־אינדוסטרי כמעט ניט געווען קיין סלאווישע ארבייטער, איז די צאהל אמעריקאנער ארבייטער געוואקסען זעהר לאנגזאם; אין די לעצטע יאהרען, זינט עס האט זיך אנגעהויבען א גרויסע איינוואנדערונג פון סלאווישע ארבייטער אין יענע אינדוסטרי, איז די צאהל אמעריקאנער ארבייטער אויך פארדאפעלט געווארען אין יעדען סטעיט און אין יעדער וויכטיגער אינדוסטריעלער שטאדט. דער אונטערשיעד פון אמאל ביז היינט באשטעהט נאר אין דערין וואס די ענגליש־שפרעכענדע ארבייטער זיינען געשטיגען צו דער מדרגה פון אן ארבייטער־אריסטאקראטיע, בעת די איינגעוואנדערטע טוען די גראבע ארבייט פון יעדער אינדוסטרי. די איינפיהרונג פון מאשינערי האט פארהעלטניסמעסיק פארמינדערט די צאהל פאך־ארבייטער אין דער אינדוסטרי אבער דער וואוקס פון דער אינדוסטרי האט געשאפען אזוי פיעל נייע שטעלען פאר פאכלייט און אלערליי אויפזעהער, אז עס האט געסטייעט כמעט פאר יעדען ענגליש־שפרעכענדען ארבייטער. דאס איז אבער געווען מיגלאך נאר דערפאר ווייל די צאהל פראסטע ארבייטער איז געשטיגען נאך מעהר. די ענגליש־שפרעכענדע ארבייטער האבען געקראגען די מיגלאכקייט ארויפצוארבייטען זיך אויף דער מדרגה פון אן ארבייטער־אריסטאקראטיע נאר דערפאר, וואס די פרישע איינוואנדערונג האט געליפערט די פראסטע ארבייטער

## 5.

## די הוצאה און דער פארדינסט פון דעם ארבייטער.

איצטער לאָמיר באטראכטען די טענה, אז דער איינגעוואנדער־טער ארבייטער האט א נידעריקען „סטענדארד אָוו ליווינג", עס הייסט, אז ער איז צוגעוועהנט פון דער היים צו א געמיינעם לע־בען, און דעריבער איז ער צופריעדען מיט קלענערע שכירות איי־דער דער אמעריקאנער אָדער דער אויסגעגרינטער אויסלענדישער ארבייטער, וואָס דערפון איז געדרונגען אז די גרויסע איינוואנדע־רונג פון די לעצטע יאָהרען האט ארונטערגעדריקט די שכירות אדער וועניקסטענס האט ניט דערלאָזען זיי זאָלען געהעכערט ווערען.

ווען מען גיט א טראכט וועגען דער פראגע, מוז מען איינזעהן, אז דער ארט לעבען פון דעם איינגעוואנדערטען ארבייטער דא אין אמעריקע הענגט ניט אָפּ פון זיין פערזענלאכער פסיכאָלאָגיע — צו וואָס ער איז צוגעוועהנט געווען אין דער היים — נאָר פון דעם עקאָ־נאָמישען בוי פון דעם אמעריקאנער סאָציאלען לעבען.

א פוילישער בלאָפּ האט ביי זיך אין דאָרף געלעבט אין א כאטקע מיט א שטרויענעם דאך, אבער ווען ער קומט אין שיקאגאָ, קען ער אזא חאטקע פאר זיך ניט דינגען, וואָרים די לאנד געהערט צו די לענדלאָרדס און עס באצאָלט זיך פאר זיי ניט צו בויען אזוינע באלופקעס. זיי זיינען א מעכטיקער טייל פון דעם קאפיטאליס־טישען קלאס, און זיי צווינגען די פאבריקאנטען צו צאָלען דעם ארבייטער אזוי פיל, אז ער זאָל האבען וועניקסטענס אויף דירה־געלט.

היינט נעמט קליידער. ביי זיך אין דער היים איז דער ליט־ווישער בלאָפּ אפשר געגאנגען בארוועס, אבער ווען ער ארבייט אפילו אין די קוילען־גרובען פון פענסילווייניע, מוז ער טראָגען שיך, און פאר די שיך מוז ער באצאָלען אן אמעריקאנער פרייז. אין די פינסקער בלאָטעס איז ער געגאנגען אין א קאזשוך, וואָס איז איהם געבליבען בירושה פון זיין טאטען. ווען ער ארבייט אבער אין די שלאכט־הייזער פון שיקאגאָ מוז ער האבען א גארני־טור, און ער באצאָלט פאר זיין גארניטור ניט וועניקער ווי דער אמע־

ריקאַנער פאַרמער וואָס שטאַמט פון די „פּילגרים פאַדהערז"*) און איז דער אַנערקענטער רעפּרעזענטאַנט פון דעם אַמעריקאַנער „סטענדאַרד אָוו ליווינג". דער פּרייז וואָס דער אַרבייטער צאָלט פאַר די שיך און דעם סוט, פאַרשטעהט איהר, ווערט באַשטימט פון דעם אַמעריקאַנער פאַבריקאַנט, פון די אַמעריקאַנער אייזענבאַנען, פון דעם אַמעריקאַנער לענדלאָרד וואָס פאַרדינגט די קראַמען, אַלץ פון עכטע אַמעריקאַנער וואָס זוכען צו מאַכען פאַר זיך אַן אַמעריקאַנער פּראָפיט, ניט פון דעם אימיגראַנט וואָס איז צוגעוועהנט צו אַ געמיינעם לעבען. די איינציקע זאַך אויף וואָס דער אימיגראַנט קען איינשפּאָרען איז זיין עסען. אָבער דער פּרייז פון עסענוואַרג ווערט אויך באַשטימט פון די אַמעריקאַנער טראַסטס און די אייזענבאַנען.

איהר זעהט שוין דערפון, אַז דער אימיגראַנט ווען ער קומט אַריבער אַהער, קען ער דאָ ניט לעבען אַזוי ווי ער האָט געלעבט אין דער היים. צי ער וויל, צי ער וויל ניט, מוז ער זיך פון דעם ערסטען טאָג אָן צופּאַסען צו דעם אַמעריקאַנער פירונג, וואָרים דער היימישער פירונג איז דאָ פּשוט אונמעגליך, און ער מוז פאַר אַלצדינג צאָלען אַמעריקאַנער פּרייזען, דעריבער איז ער אויך געצוואונגען צו פאַרלאַנגען אַן אַמעריקאַנער אַרבייטסלוין.

אַז מ'וויל באַווייזען, אַז די איינוואַנדערער פון די לעצטע יאָהרען האָבען איינגעפיהרט אַ געמיינערען לעבען, דאַרף מען פאַרגלייכען זייער אַרט לעבען מיט דעם ווי עס האָבען געלעבט די פּראָסטע אַרבייטער פון דעם עלטערען דור. מען רעדט שטענדיג וועגען דער ענגשאַפט און דעם ברוד פון די וואוינונגען פון דעם היינטיגען דור איינגעוואַנדערטע אַרבייטער, ווייל דאָס וואַרפט זיך יעדען אין די אויגען. אָבער אַז איהר וועט שטודירען די געשיכטע פון דער טענעמענט־הויז־פראַגע, וועט איהר געפינען אַז מיט זעכציק יאָהר צוריק און נאָך פריהער האָט מען זיך באַקלאָגט אויף די ענגשאַפט און דעם שמוץ פון די טענעמענט־הייזער. די איינגעוואַנדערטע זיינען ניט געווען די

*) די ערסטע ענגלישע קאָלאָניסטען וואָס זיינען אַנטלאָפען קיין אַמעריקע פון רעליגיעזע פאַרפאָלגונגען. זייערע קינדס־קינדער רעכענען זיך אין אַמעריקע פאַר גרויסע יחסנים.

איינציקע וואָס האָבען געליטען פון די צרות. געבאָרענע אמעריי־קאַנער ארבייטעריגען האָבען געוואוינט אויף שמוציקע גאַסען, אין איין אָדער צוויי קאַמערן, וואָס האָבען געדיענט אי פאר א וואוי־נונג, אי פאר אן ארבייטס־פּלאַץ. טעכטער פון אמעריקאַנער פאר־מערם וואָס האָבען געאַרבייט אין די קליין־שטעדטעלדיגע פאבריי־קע פון ניו־ענגלאַנד, האָבען געוואוינט געשטיקט א האלב־טוץ אין איין עטיק־רום (ס'הייסט אויף א בוידים, ווי מען זאָגט אין דער היים), אַהן טישען, אַהן שטוהלען, אפילו אַהן א וואַש־טישעל. אין באָסטאָן מיט א יאָהר זעכציק־זיבעציק צוריק איז די איינוואוינער־שאַפט פון די טענעמענט־הייזער געווען אזוי גרויס אין פּראָפּאָרציע צו דער באַפעלקערונג ווי היינט צו טאָג, די טענעמנט־הייזער אָבער זיינען געווען א סך ערגער ווי די היינטיקע. פון די אַלטע פארלאַ־זענע „פּריוואַט־הייזער", וואָס אמאָל האָט אין יעדער הויז געוואוינט איין פאַמיליע, האָבען די איינענטימער געמאַכט טענעמענט־היי־זער, — מען האָט זיי ניט איבערגעבויט, דאָס ניט, פּשוט יעדען חדר פלעגט מען פארדינגען צו א באַזונדערער פאמיליע. דעם שמוץ איז זיך לייכט פאָרצושטעלען. פילע פון דעם עלטערען דור ניו־יאָרקער אימיגראַנטען געדענקען נאָך דעם סאָרט טענע־מענט־הייזער אויף איסט בראָדוועי און הענרי סטריט מיט א יאָהר פופציהן־צוואַנציק צוריק. וואָס עס האָט זיך געטאָן אין די גאַ־סען פון ניו־יאָרק אין דער צייט פון דעם סטרייק פון די גאַסען־קערערס מיט עטלאכע יאָהר צוריק איז געווען א וואָכעדיקע אין ניו־יאָרק און אין באָסטאָן מיט פופציק יאָהר צוריק. דער אידישער און דער איטאַליענישער קוואַר־טאַל פון דאַון־טאַון אין ניו־יאָרק זיינען א סך ריינער איידער דיזעלביקע קוואַרטאַלען זיינען געווען אין דער צייט ווען עס האָבען דאָרטען געוואוינט דייטשען און אײרישע. און ווען איהר פאָהרט אריבער היינט קיין אַלאַבאַמא, וואו די ווייסע געבאָרענע אמעריקאַנער ארבייטען אין די קוילען־גרובען, און קיין אימיגראַנטען געפינט איהר גאָר ניט, וועט איהר זעהן אז זייערע הייזער זיינען זעהר געמיין און אונגעזונד.

עס איז קלאָר, אַז דער שלעכטער צושטאַנד פון די אָרבייטער־וואוינונגען קומט ניט דערפון וואָס די פרישע איינגעוואַנדערטע זיינען צופריעדען צו לעבען ווי חזירים. אין די גרויסע שטעדט שטאַמט די ענגשאַפט פון אַזעלכע אורזאַכען וואָס די איינגעוואַנ־דערטע האָבען איבער זיי גאָר קיין דעה ניט. די הויפּט אורזאַ־

כע איז וואס דער ארבייטער מוז וואוינען ערגעץ ניט וויט פון דעם פלאץ וואו ער ארבייט. אין די שטעטלאך ארום די קוילען־גרו־בען זיינען די קאמפאניעס פון גרובען־אייגענטימער געוועהנלאך די איינציגע אייגענטימער פון הייזער, און דער ארבייטער קען ניט אויסקלייבען, ער מוז נעהמען וואס ער געפינט, אז ניט קען ער ניט קריגען די ארבייט.

וואס אנבאטרעפט אבער די קאנקורענץ פון דעם איינגעוואנ־דערטען געגען דעם היימישען ארבייטער, טו קומט דא אין באַ־טראכט נאר די דירה־געלט וואס דער ארבייטער מוז צאלען, ניט וואס ער קריעגט פאר זיין געלט. און ווען איהר וועט פארגלייכען וויפיעל עס צאלט אן איינגעוואנדערטער ארבייטער און וויפיעל א געבארענער אמעריקאנער, וועט זיך ארויסווייזען אז דער איינ־געוואנדערטער ארבייטער צאלט פונקט אזוי פיעל און אפטמאל נאך מערער ווי דער אמעריקאנער. די מערסטע איינגעוואנדערטע ארבייטער וואוינען אין גרויסע שטעט און די היימישע אין קליין־שטעטדלאך, וואס דארטען איז די דירה־געלט קלענער.

ווען איהר וועט פארגלייכען די רענט וואס א אידישער ארבייטער צאלט פאר שמוציקע קליינע דריי — פיר קאמערלאך ערגעץ אויף מעדיסאן סטריט אין ניו־יארק, מיט די רענט וואס אן אמעריקאנער צאלט פאר א באזונדערע הייזקע ערגעץ אין א קליין־שטעטל אין קאָ־נעטיקוט, מעגט איהר זיין זיכער, אז דער אידישער ארבייטער צאלט מער. ווען די ווארע וואס ווערט פראדוצירט אין ניו־יארק דארף קאנקורירען אין דעם אמעריקאנער מארק מיט דעם פראָ־דוקט פון דעם קליין־שטעטעלדיקען אמעריקאנער ארבייטער, טו איז די קשיא, ווער רייסט ארונטער ווענען: צי דער איינגע־וואנדערטער דעם יענקי, צי פארקערט. דער אמעריקאנער ארביי־טער האט זיך טאקע א בעסערע דירה, אבער וואס איז שייך קאנקו־רענץ אין דעם ארבייטס־מארק, דארף מען רעכענען די רענט, ניט די וויגאדעס וואס ער האט. ווען אן אמעריקאנער ארבייטער זאל וועל־לען וואוינען אין ניו־יארק אין א הויז פאר זיך, אזוי ווי ער האט געלעבט ביי זיך אין זיין קליין שטעטל, וואלט ער געמוזט אויס־געבען אויף רענט מער איידער זיין זיידע פלעגט פארדינען אין יע־נע גליקלאכע צייטען, ווען עס זיינען נאך אין אונדזער גאלדענע לאנד ניט געווען קיין אידען, קיין פאליאקען און קיין איטאליענער.

א גרויסע צאָהל איינגעוואנדערטע פארדינגען צימערן און אויף דעם אופן פארקלענערען זיי די אויסגאבען אויף דירה־געלט; אבער דאס טהוט נאָר א טייל פון די איינגעוואנדערטע. א סך פון זיי פארדינגען ניט קיינע צימערן און צאָהלען דיזעלביקע דירה־געלד ווי די אמעריקאנער. דאס הייסט זייערע שכירות מוזען קלעקען אויף צו צאָלען אמעריקאנער דירה־געלט.

וואס איז שייך די אכילה, איז זי ביי די איינגעוואנדערטע ניט ערגער ווי ביי די אמעריקאנער וואס פארדיענען דיזעלביקע שכירות. פלייש עסען די סלאווישע ארבייטער מעהר פאר די אמע־ריקאנער.

דירה־געלט און עסען אבער צוזאמען פארצערען דעם גרעס־טען טייל פון אן ארבייטערס שכירות.

דער אמת איז, אז דער אונטערשיד צווישען די היגע און די איינגעוואנדערטע ארבייטער איז שטארק איבערטריבען. ווען מען פארגלייכט ניט דעם איינגעוואנדערטען פראסטען ארבייטער מיט דעם היגען בעל־מלאכה, נאָר מיט אזעלכע וואס טוען דיזעלבע אר־בייט, טו באשטעהט דער אונטערשיד ניט אין דער סומע געלט וואס ביידע גיבען אויס, נאָר אין דעם אויף וואס די געלט ווערט אויסגע־געבען. דער איינגעוואנדערטער סלאווישער ארבייטער עסט א סך און זעהר אָפט בעסער פאר דעם היגען, דער אמעריקאנער ארבייטער פארקערט גיט אויס א סך אויף פוץ, צו ווייזען זיך פאר לייטען, און וואס איז שייך עסען, טו קומט ער אויס מיט וואס ניט איז*).

די אונטערסטע שורה איז, אז ווי אזוי דער איינגעוואנדערטער ארבייטער איז צוגעוועהנט צו וואוינען אין דער היים איז גאָר ניט שייך צו דער זאך; דא אין אמעריקע ווערען זיינע אויסגאבען באַ־שטימט דורך די פרייזען וואס הערשען אין אמעריקע.

חוץ דעם, איז ניט איבעריק נאָך אמאָל צו דער־מאָהנען אז די מעהרסטע אמעריקאנער ארבייטער לעבען אין קליין־שטעדטלאך וואו דער לעבען איז וועלוועלער, בעת די

---

*) ווער עס קען לעזען ענגליש און אינטערעסירט זיך צו וויסען די פאקטען גענויער, וועט זיי געפינען אין מיין בוך „אימיגרעישאָן ענד לעיבאָר“.

איינגעוואַנדערטע לעבען אין די גרויסע שטעדט וואו דער לעבען איז טייערער. ווען עס קומט צו קאָנקורענץ, טו קען דער אמעריקאַנער אַרבייטער איינוויליגען אויף קלענערע שכירות ווי דער איינגעוואַנדערטער.

דער אמעריקאַנער, וואָס איז ווייט פון דעם איינגעוואַנדערטען אַרבייטער, זעהט אז א סך פון די גרינע זיינען בחורים אָדער זיי האָבען איבערגעלאַזען זייערע פאמיליעס אין דער היים, און זיי וואוינען דאָ עטלאַכע מענטשען אין איין חדר, כדי אויסצוגעבען וואָס וועניקער; און זייענדיק אונבעקאַנט מיט דעם לעבען פון דעם אימיגראַנט, קומט דער אמעריקאַנער אַרבייטער צום שלוס, אז דער פּאָליאַק, דער סלאָוואַק, דער איטאַליענער איז צופריעדען צו לעבען ווי אַ חזיר, און קען דעריבער באַשטעהן צו אַרבייטען אונטער דעם פּרייז, אבי צו האָבען שטענדיקע אַרבייט.

אָבער די אונטערזוכונגען פון דער וואַשינגטאָנער ביוראָ אָוו לעיבאָר האָבען קלאָר געמאַכט אַז דער גרינער אַרבייטער מוז שפּאָרען געלט, צי ער וויל, צי ער וויל ניט, ווייל ער דאַרף באַצאָלען די געלט, וואָס עס האָט געקאָסט זיין אַריבערקומען אַהער, — זעהר אָפט איז דאָס געבאָרגטע געלט; ווייטער דאַרף ער שיקען געלט אַהיים, אויף אויסצוהאַלטען זיין ווייב און קינדער און דערנאָך אויף זיי אַריבערצוברענגען אַהער. היינט אויב דער אַמעריקאַנער אַרבייטער קען קאָם מאַכען אַ לעבען פון זיין פאַרדינסט, טו איז דאָך גאַנץ קלאָר אַז דער גרינער, אויב ער וויל נאָך שפּאָרען געלט, מוז ער לעבען איינפאַכער ווי דער אַמעריקאַנער. ווען דער איטאַליענער אַרבייטער גיט אויס אויף זיך אַליין וועניקער ווי דער היגער, טו מיינט דאָס גאָר ניט אַז ער שפּאָרט איין הוצאות פאַר דעם בעל הבית, יענער זאָל קענען צאָלען ביליגער; ניין, דער איטאַליענער אַרבייטער ביי די אייזענבאַנען, למשל, שפּאָרט פון 25 ביז 30 דאָלאַר אַ מאָנאַט, וואָס דער אַמעריקאַנער וואָלט עס אויסגעבען אויף צו לעבען בעסער. אָבער ווען עס קומט צו דינגען זיך איבער'ן פּרייז פאַר דער אַרבייט, טו וואָס איז די נפקה־מינה, אויף וואָס דער אַרבייטער וועט אויסגעבען זיין פאַרדינסט, צי אויף אַ בעסערע וואוינונג, צי אויף צו שיקען געלט אַ היים?

דער איטאַליענער אייזענבאַן־אַרבייטער שפּאָרט ניט פאַר די אייזענבאַן־קאָמפּאַני. דעם אַמעריקאַנער אַרבייטער שעדיקט ניט וואָס דער איטאַליענער לעבט ביליג. וואָס ער טוט מיט זיין געלט, צי ער ברינגט עס אויס, צי ער שיקט עס אַהיים, קען ער ניט אויסקומען מיט ווייניקער ווי דער אַמעריקאַנער אַרבייטער.

פון דער אַנדערער זייט, ווען איהר זעהט, אַז דער אַמעריקאַנער וואוינט שעהנער און געהט שעהנער געקליידט ווי דער איינגעוואַנדערטער, טו איז דאָס נאָך ניט קיין סימן, אַז ער קריגט העכערע שכירות. געוועהנלאָך איז אַזאַ אַרבייטער ניט דער איינציקער פאַרדינער.

עס איז אַ פאַקט, וואָס די געגנער פון איינוואַנדערונג גיבען אויך צו, אַז אַן אַרבייטער קען היינט־צו־טאָג ניט אויסהאַלטען אַ פאַמיליע אין אַמעריקע מיט זיינע אייגענע שכירות. „ביי די געבאָרענע אַמעריקאַנער און ביי די עלטערע אימיגראַנטען... קומען אריין חוץ די פאַרדינסטען פון דעם פאָטער אויך די פאַרדינסטען פון דער ווייב און קינדער. די פאַמיליעס פון דרום און מזרח אייראָפּא האַלטען באָרדערס (קוואַרטיראַנטען), וואָס די פאַרדינסטען פון די קינדער זיינען ניט אַזוי אַלגעמיין ביי דעם לעצטען קלאַס פאַמיליעס איז מסתמא דערפאַר, וואָס עס זיינען צווישען זיי פאַראַן ווייניקער דערוואַקסענע קינדער“.

דאָס שטעהט אין דעם בוך פון פּראָפעסאָר דזשענקס און פּראָפעסאָר לאוק, ביידע געגנער פון איינוואַנדערונג. נאַטירליך, ווען אַ זייטיקער אונטערזוכער קומט אריין צו אַן אַמעריקאַנער, וואָס קריגט $1.75 אַ טאָג, אָבער ער האָט אַ פּאָר קינדער, וואָס העלפען אויס מיט זייערע פאַרדינסטען, טו זעהט דער גאַסט אַז זיי לעבען גראָמער און ריינער, ווי למשל אַ סלאַווישער אַרבייטער, וואָס פאַרדינט דיזעלבע געלט. אָבער דאָס וואָס דער אַמעריקאַנער גיט אויס מער, צווינגט איהם גאָר ניט צו באַשטעהן אויף העכערע שכירות, וואָרים וואָס עס פעלט, דעקען די פאַרדינסטען פון די קינדער. די אימיגרעישאָן האָט געמוזט צוגעבען אין איהר באַריכט אַז איהר אונטערזוכונג האָט ניט אויפגעדעקט קיין שום באַווייז, „אַז עס זאָל איינגעפירט ווערען ביי די בעלי בתים צו דינגען גרינע אימיגראַנטען פאַר קלענערע שכירות איידער עס ווערען אַלגעמיין געצאָלט אין דער אינדוסטרי ביי וועלכער זיי אַרבייטען“.

## 6.

## דער ארבייטס-לוין.

מיט וואָס פּרובירט מען געוועהנליך צו באווייזען די טענה אז דער גרינער ארבייטער איז צופרידען אָנצונעמען דורכשניטליך קלענערע שכירות ווי דער אַמעריקאַנער? מען זאָגט אז ווען דער גרי־נער געהט אראָפּ פון שיף, קען ער ניט אויסקלייבען, ער מוז אָנע־מען די ערסטע ארבייט וואָס עס מאכט זיך, וואָרים ער האָט קיין געלט ניט מיט וואָס צו וואַרטען ביז עס וועט זיך מאכען א בעסע־רע. אָבער די אונטערזוכונג וואָס די וואשינגטאָנער ביוראָ אָוו לעי־באָר (ארבייטס־ביוראָ) האָט געמאכט מיט אַ יאָהר צען צוריק האָט באוויזען, אז אַ דריטעל פון אַלע אַמעריקאַנער ארבייטער קענען קאָם דעקען זייערע הוצאות, און אַ זעקסטע־חלק קענען דאָס אפילו אויך ניט. אַלזאָ אַ העלפט פון אַלע היגע געבאָרענע ארבייטער זיינען פונקט אין דערזעלבער לאַגע ווי די גרינע אימיגראַנטען. דאָס זיינען די ארבייטער וואָס פארדינען דורכשניטליך וועניקער ווי דריטהאַל־בען דאָלאר אַ טאָג, דאָס הייסט פּראָסטע ארבייטער אָדער חצי בעלי־מלאכות. ווי איהר זעהט זיינען די דאָזיקע אַמעריקאַנער געצוואונ־גען פאר נויט אָנצונעמען די זעלבע שכירות ווי דער גרינער.

ווייטער זאָגט מען אז דער גרינער האָט אַ נידעריקערן „סטענ־דארד אָוו ליווינג“, ווי דער היגער געבאָרענער, ס'הייסט ער איז צוגעוועהנט צו לעבען פּראָסטער ווי דער אַמעריקאַנער ארבייטער און דעריבער קען ער אָנעמען קלענערע שכירות, און אויב ער קען, מוז ער. דאָס איז דער באַקאַנטער „אייזערנער געזעץ פון ארבייטס־לוין“, נעמליך אז דער ארבייטער קען קריגען נאָר אַזוי פיל אַז ער זאָל ניט אויסגעהן פאר הונגער. היינטיקע עקאָנאָמיסטען, סאָ־ציאַליסטען און ניט־סאָציאַליסטען, האַלטען מעהר ניט פון דעם בלומרשט'דיקען געזעץ. דער בעסטער באווייז אז ער איז פאַלש איז די גרויסע צאָל ארבייטער וואָס שפּאָרען איין געלד און לעגען עס אריין אין די סייווינגס בענקס (שפּאר־קאַסען).

לאָמיר־זשע אַ קוק טאָן, צי עס איז ריכטיק אַז די איינוואַנדע־רער דריקען אַרונטער די פּרייזען פאר דער ארבייט. מיט איינצעל־נע ביישפּילען, פארשטעהט זיך, קען מען זיך ניט רעכענען, מען מוז נעמען דעם גאַנצען פעלד פון דער ארבייט.

ווי מיר האבען שוין געזעהען, איז די ארבייט דא אזוי איינגעטיילט אז די געבארענע אמעריקאנער זיינען גרעס־טענטיילס באשעפטיקט ביי דער בעסטער ארבייט און די ערגסטע ארבייט לאזען זיי איבער פאר די איינגעוואנדערטע. דאס איז פעסטגעשטעלט געווארען אלס אן אלגעמיינער פאקט אין דעם באַ־ריכט פון דער אימיגרעישאן קאמישאן, וואס דער קאנגרעס האט אנגעשטעלט צו אונטערזוכען די ווירקונג פון איינוואנדערונג. היינט ווען איהר געפינט אז א געבארענער יוניאן־פלאמער קריגט למשל 65 סענט פער שטונדע און דער איטאליענער ערד־ארבייטער $1.75 א טאג, הייסט דאס אז א סיטיזען פאדערט 6 דאלאר א טאג און א גרינער איז צופרידען מיט ווענינקער ווי א דריטעל דערפון?

די יוניאן־פירער און זייערע פריינט די סאציאל־רעפארמערס וואס מאכען אזוינע פארגלייכען צווישען גרינע ארבייטער און די היגע געבארענע, נעמען ניט אין אנבעטראכט די מלאכה פאר וועל־כע די היגע געבארענע און די איינגעוואנדערטע קריגען באצאלט. נאך זייערע רייד וואלט מען געקענט מיינען אז דא אין אמעריקע איז פאראן א גלייכער פרייז פאר אלע סארטען ארבייט: ווען א גע־בארענער אמעריקאנער שטעלט זיך ארבייטען, צי ער איז א פלאַ־מער, צי ער איז א פראסטער ארבייטער, פארלאנגט ער זיינע 3 דאַ־לאר א טאג. קומט אבער דער גרינער און וואס פאר אן ארבייט ער זאל ניט טאן, איז ער צופרידען מיט איין דאלאר א טאג — וואס דארף אזא ברואה מער? דאס איז א פשוט'ער אונזין.

פראפעסאר דזשענקס און פראפעסאר לאוק, וועלכע האבען גע־פירט די אונטערזוכונג פון דער אימיגרעישאן קאמישאן און האבען דערנאך אנגעשריבען א בוך, אין וועלכען זיי גיבען איבער בקיצור דעם רעזולטאט פון דער אונטערזוכונג, זיינען געצוואונגען ניט ווי־לענדיק צוצוגעבען אז „די פארדינסטען הענגען אפ גיכער פון די באַ־דינגונגען פון דער ארבייט", איידער פון דעם ראסען־כאראקטער. דאס ווערט באוויזען מיט די דורכשניטלאכע שכירות פון דערזעלבער נאציאנאליטעט פאר פארשידענע מלאכות.

נאך פיל באדייטענדער זיינען די פאקטען, וואס זיינען מיט א צענדליק יאהר פריהער באריכטעט געווארען פון דער אינדאסטריאל קאמישאן וואס פרעזידענט מאק־קינלי האט אנגע־שטעלט צו אונטערזוכען די אינדוסטריעלע לאגע פון די פאראייניק־טע שטאאטען. די קאמישאן האט נעמלאך אויסגעפונען, אז אין

פענסילוויינ̈יא און אין ניו־דזשוירזי זיינען די אַמעריקאַנער־געבאָ־רענע שניידער־אַרבייטער אין די פאַרמערשע געגענדען „צופרידען געווען מיט קלענערע שכירות איידער די אידען אין די שטעט".

ווידער אַן אַנדער אונטערזוכונג איז געמאַכט געוואָרען פון אַ גאַנצער גרופּע „סאָשאַל וואָירקערס" אונטער דער פירונג פון פּראָ־פעסאָר קאַמאָנז פון דעם וויסקאָנסינער אוניווערסיטעט. ער איז אַ געגנער פון אימיגראַציע און האַלט זעהר שטאַרק פון דער ראַסען־טעאָריע. אין דעם באַנד וואו עס זיינען פאַרעפענטליכט געוואָרען די רעזולטאַטען פון דער אונטערזוכונג פון דער שטאָל אינדוסטרי אין פּיטסבורג און אַרום פּיטסבורג, שטעהט בפירוש אַז „די פרישע אימיגראַנטען וואָס טוען די גראָבע אַרבייט, קריגען ניט ווענ̈יקער באַצאָלט פאַר אַ טאָג אַרבייט, איידער די ראַסען וואָס האָבען פרי־הער געטאָן דיזעלביקע אַרבייט".

עס מעג טאַקע זיין, אַז וואָס לענגער אַן אַרבייטער לעבט אין אַמעריקאַ, אַלץ מער פאַרדינט ער, אָבער עס איז דאָך גאַנץ קלאָר, אַז קיין בעל הבית וועט ניט צאָלען אַן אויסגעגרינטען אַרבייטער העכערע שכירות פאַר דיזעלביקע אַרבייט, איידער אַ גרינעם, נאָר דערפאַר וואָס דער אויסגעגרינטער איז שוין געוואָרען אַ תושב דאָ, אין אַמעריקאַ, און עס קומט איהם דעריבער על פּי יושר מער; נאָר איינפאַך, די אַרבייטער וואָס זיינען שוין דאָ אָבגעוועזען לענגער האָ־בען זיך אַרויפגעאַרבייט אויף בעסערע שטעלען און קריגען דערפאַר בעסער באַצאָלט.

פאַרשטעהט זיך, אַז איהר געהט זיך דורך איבער דעם איטאַל־יענישען קוואַרטאַל, זעהט ער אוים אָרעמער פאַר דעם דייטשען. דאָס ווייזט נאָך אָבער ניט, אַז דער איטאַליענער איז צופרידען צו נע־מען קלענערע שכירות פאַר בעסערע אַרבייט, נאָר אַז ער מוז צו־פרידען זיין מיט פּראָסטערע אַרבייט, וועהרענד דער דייטש איז באַשעפטיקט ביי בעסערע אַרבייט. פאַרשטעהט זיך, אַז פאַר בע־סערע אַרבייט קריגט דער דייטש בעסער באַצאָלט. די פראַגע איז אָבער, צו קריגט דער איטאַליענער היינט קלענערע שכירות פאַר בעסערע אַרבייט איידער דער דייטש פלעגט קריגען מיט אַ יאָהר דרייסיק צוריק? אָדער צי פלעגט דער דייטש קריגען בעסער באַ־צאָלט פאַר געמיינע אַרבייט אין אַמאָליקע יאָהרען, איידער דער אי־טאַליענער קריקט היינט? און דעם חשבון האָט נאָך קיינער ניט גע־

מאכט. מען רעדט מיט גוזמות, אָבער פרעגט וואו זיינען די ציפערן, ווייס קיינער ניט.

ווען עס קומט אויס די אמעריקאנער ארבייטער צו טאָן דיזעלביקע ארבייט ווי די גרינע, קריגען זיי דיזעלביקע שכירות. א ביישפּיל געפינט איהר אין דעם באריכט פון דער אימיגרעישאָן קאָמישאָן. אין דער צייט פון קריזיס אין 1908 האט דער שטאָל־טראַסט, אויס רחמנות אויף די אמעריקאנער בעלי־מלאכות וואָס ער האט געדאַרפט אָפּלעגען, זיי געגעבען די געלעגענהייט צו פארנעמען די פּלעצער פון א טייל אָפּגעלעגטע גרינע פּראָסטע ארבייטער. און די שטאָלצע אמעריקאנער סיטיזענס זיינען צופרידען געווען צו טאָן פּראָסטע ארבייט פאר 15 — 12 סענט פּער שטונדע.

## 7.

## דער איינפלוס פון דער אימיגראַציע אויף די פאַרדינסטען פון די ארבייטער

די אמת׳ע קראַפט, וואָס האט רעגולירט די שכירות דאָ אין אמעריקא פאר די לעצטע דרייסיק יאָהר, איז די מאַשין. ווען עס ווערט איינגעפיהרט א נייע מאַשין, ווערט איינגעשפּאַרט די ארבייט פון אַן אויסגעלערענטען בעל מלאכה, וואָס מ׳רופט אויף ענגליש „סקילד מעקאַניק“. ביי דער מאַשין קען מען אויסקומען מיט א קלענערע צאָהל סקילד ארבייטער, און זייערע שטעלען ווערען באַזעצט מיט פּראָסטע („קאָמאָנע“) ארבייטער. אין אמעריקע איז דאָס ניט אַזוי קענטיק געווען, ווייל די אמעריקאנער אינדוסטרי איז געוואַקסען זעהר שנעל. די אַלטע פאַבריקען זיינען גרעסער געוואָרען, עס האָבען זיך געגרינדעט נייע פאַבריקען, און כאָטש די פּראָפּאָרציע פאַך־לייט אין א פאַבריק איז קלענער געוואָרען, אָבער ביי דער אויסברייטונג פון דער אינדוסטרי האט זיך געפונען פּלאַץ פאר אַלע פאַך־ארבייטער.

פארשטעהט זיך, דאָס איז נאָר דאַן ריכטיק, ווען איהר באַטראַכט די אינדוסטרי אין גאַנצען, אָבער אין איינצעלנע פאַבריקען איז נאַטירליך אָפטמאָל פאָרגעקומען, אַז די מאַשין האט געמאַכט א געוויסע צאָל פאַך־ארבייטער איבעריק און זיי זיינען געצוואונגען געווען צו זוכען א נייע שטעל. אויף זייערע שטעלען

האט מען געדונגען פראסטע ארבייטער, און געוועהנלאך האט דער פראסטער ארבייטער געקראגען קלענערע שכירות פון א פאך־מאן. היינט ווער איז געוועהנלאך געווען דער פראסטער ארבייטער? א גרינער. ביי דעם אמעריקאנער אדער אײרישען פאכמאן, וואס האט אנגעווארען די שטעל צוליעב דער מאשין, איז אויסגעקומען, אז שולדיק איז דער גרינער, וואס איז צופריעדען מיט קלענערע שכירות. אין איירא‌פא, וואו אלע ארבייטער, אי די פאך־לייט, אי די פראסטע ארבייטער, זיינען היימישע, איז די ווירקונג פון דער מאשין געווען קלאהר פאר יעדערן; דא אין אמעריקע אבער האט די פארשיעדענקייט פון די נאציאנאליטעטען פארשטעלט די ווירקליכע אורזאכע, און די עקאנאמישע פראגע האט אנגענומען די פארמע פון א נאציאנאלע פראגע.

ווען מ'וויל באהויפטען, אז די איינוואנדערונג האט ארונטערגעדריקט דעם ארבייטס־לוין, דארף מען פארגלייכען דעם ארבייטס־לוין פון די ארבייטער אין פערשיעדענע פאכען היינט צו טאג מיט דעם ארבייטס־לוין, וואס די ארבייטער האבען געקראגען פאר דעם זעלבען סארט ארבייט, איידער עס האט זיך אנגעהויבען די גרויסע איינוואנדערונג פון די מזרח און דרום־לענדער. דאס האבען די געגנער פון אימיגראציע קיינמאל אפילו ניט פרובירט צו טאן אויף א גענויען אופן; מ'רעדט אין אלגעמיינע פראזען. מ'פארגלייכט דעם ארבייטס־לוין פון א פארמאן אדער א קאנטראקטאר פאר צוואנציק־דרייסיק יאהר מיט דעם ארבייטס־לוין פון א פראסטען ארבייטער היינט צו טאג, און עס קומט אויס אז די „פרינצען פון ארבייט" האבען געקראגען פארצייטען פופצעהן דאלאר א טאג, און א „ווייסער קולי", א פאליאק, אדער א רום היינט צו טאג קריגט א דאלאר פינף און זיבעציק*). אבער ווען איהר נעמט אריינדרינגען אביסעל טיעפער אין דער געשיכטע, טו ווייזט זיך ארויס, אז אין די אלטע יאהרען האבען די שכירות פון די פראסטע ארבייטער און אפילו פון א סך פאך־לייט ניט געסטאיעט אויף אויסצוהאלטען א פאמיליע. וואס עס האט אויסגעפעהלט, האבען די וייב

---

*) אזוי האט זיך אויסגעדריקט אין זיינער א רעדע פאר דעם קאנגרעס אין וואשינגטאן דער געוועזענער סאציאליסטישער קאנגרעסמאן. וויקטאר בערגער.

און די קינדער געמוזט אויסשקלאפען אין דער פאבריק אדער אין סוועט־שאפ.

ווען איהר באטראכט קודם כל די צאל אימיגראנטען זעהט איהר, אז זי וואקסט אין דער צייט פון „פראספעריטי“, ווען די אינדוסטרי פאדערט א סך ארבייטער און די שכירות זיינען דריבער העכער, און זי פאלט ווען עס ווערט „סלעק“, און די שכירות פאלען. אלזא, ווען די אימיגראציע איז שטארקער, דעמאלט זיינען די שכירות העכער.

ווייטער, אויב עס איז ריכטיק, אז די אימיגראנטען דריקען ארונטער די שכירות, טו האבען זיי געזאלט זיין נידעריקער אין די גרויסע שטעדט, וואו אלע אימיגראנטען שטופען זיך, איידער אין די קליינע שטעדטלאך און אין די דערפער, וואו די מעהרסטע ארבייטער זיינען היימישע. עס איז אבער פונקט פארקעהרט. עס איז באוויזען געווארען, אז די געבארענע אמעריקאנער אין די דערפישע געגענדען ארבייטען פאר קלענערע שכירות, איידער די אימיגראנטען. ווען איהר וועט פארגלייכען די סטעיטס, וואו עס איז פאראן א גרויסער פראצענט איינגעוואנדערטע, מיט די סטעיטס וואס האבען אן עכט אמעריקאנער באפעלקערונג, טו וועט איהר געפינען, אז וואו עס זיינען פאראן מעהר אימיגראנטען, דארטען זייטען די שכירות העכער. ווען איהר וועט זיך איינקוקען אין די לאגע אין יענע פאכען, וואו מען קלאגט שטענדיג אויף די אימיגראנטען, טו וועט איהר געפינען דעמזעלבען פארהעלטניס. אין די פיטסבורגער שטאהל־ווערק קענען אלע ארבייטער איינגעטיילט ווערען אין דריי קלאסען. דער ערשטער קלאס זיינען די ארבייטער־אריסטאקראטען, אלע געבארענע אמעריקאנער אדער איירישע און אנדערע אתה־בחרתנו'קעס. פון זייערע שכירות האט דער שטאהל־טראסט ארויפגעריסען אין די לעצטע צוואנציק יאהר א היבשען פראצענט, אין געוויסע פאכען פערציק סענט פון יעדען דאלאר. דער צווייטער קלאס זיינען האלבע בעלי מלאכות, וואס צוויי דריטעל פון זיי זיינען אמעריקאנער און איירישע פון די אלטע צייטען, און א דריטעל פון דעם עלטערען דור פאליאקען, סלאוואקען, אונגארען וכדומה. זייערע שכירות זיינען געבליעבען וואס זיי זיינען געוועזען מיט א יאהר צוואנציק צוריק. ווען איהר באטראכט אז אין דער צייט זיינען די פרייזען אויף אלע לעבענס־מיטלען געשטיגען, טו פערשטעהט איהר, אז אין דער אמת'ן זיינען זייערע שכירות גע־

זונקען, הגם ניט אזוי טיעף ווי די שכירות פון די ארבייטער־פרינ־
צעפען. דער דריטער קלאס זיינען די פראסטע ארבייטער, כמעט
אויסשליסלאך פון די פאראכטעטע פאליאקען, סלאוואקען, אונגארען
א. אז. וו. זיי זיינען די איינציקע, וועמעס שכירות זיינען געשטי־
גען.

נעהמט ווידער דעם שניידער־פאך. ביי דעם אמעריקאנער איז
די שניידעריי ניט מעהר ווי אן אנדער נאמען פאר א סוועט־שאפ,
און היות ווי א איד איז געגליכען צו א שניידער, קומט אויס,
אז דער איד האט געשאפען דעם סוועטינג־סיסטעם, און דעריבער
איז קלאהר, אז דער איד איז א שעדליכער אימיגראנט. דער פאקט איז
אבער, אז סוועט־שעפער האבען עקזיסטירט אין ניו יארק און באס־
טאן און פילאדעלפיא נאך מיט זעכציק, זיעבעציק יאהר צוריק.
אמעריקאנער און איירישע מיידלאך האבען געארבייט אין די שע־
פער פאר טיש און קוואטיר, און אויף קליידער האט דער טאטע
געמוזט הארעווען. די היינטיגע איינגעוואנדערטע אידישע מיידעל
פארדיענט אויף איהרע אייגענע הוצאות אליין.

דער כלל איז, אז וואו עס ווערען באשעפטיגט א סך אימיג־
ראנטען, דארטען זיינען די שכירות געשטיגען. איך האב דא גאר
ניט אין זינען איבערצוקעהרען דעם פעלץ, כדי צו באווייזען די
יענקים און די איירישע, אז ניט זיי זיינען די אתה־בחרתנו'קעס,
נאר מיר זיינען דאס גאר נאך פון משה רבינו'ס צייטען. עס איז
ניט קיין ראסען־פראגע, נאר א פשוטע עקאנאמישע פראגע: וואו
עס ווערען באשעפטיגט א סך אימיגראנטען, איז א סימן, אז די
אינדוסטרי וואקסט און דער פארלאנג אויף ארבייטער איז גרויס.
וואו עס זיינען ניטא קיין אימיגראנטען, דארטען שטעהט די אינ־
דוסטרי שטיל.

עס איז אמת, אז דער פרייז פון יעטוועדער זאך, וואס דער אר־
בייטער פארצעהרט, איז געשטיגען נאך מעהר איידער דער אר־
בייטס־לוין. דאס אבער האט גאר ניט צו טהאן מיט אימיגראַ־
ציע. ווען דער קאפיטאליסט איז געצוואונגען צו העכערען דעם
ארבייטס־לוין, זוכט ער צו העכערען דעם פרייז אויף זיין וואארע.
ווען אלע פרייזען שטייגען, מוז דער ארבייטער אלס קאנסומענט
צאלען פאר אלצדינג טייערער.

איז ווידער די פראגע: פארוואס איז דער ארבייטסלוין אזוי טיף געזונקען? דאס הייסט: פארוואס האבען די ארבייטער דער־לאזען דער ארבייטס־לוין זאל אזוי טיף זינקען? לאמיר־זשע באַ־טראכטען, ווי אזוי וואלטען זיי עס געקענט ניט דערלאזען. דערצו זיינען פאראן צוויי מיטלען: ענטוועדער ארגאניזירען זיך און סטרייקען פאר העכערע שכירות, אדער גאר אהן קיין שום ארגאַ־ניזאציע זאל קיינער פשוט זיך ניט שטעלען ארבייטען אונטער א געוויסען פרייז.

מילא, וואס איז שייך סטרייקס, ווייסען מיר, אז די ארבייטער־ארגאניזאציעס זיינען געוואקסען אין צאל מיטגלידער, אבער זיי באשרענקען זיך אויף די געלערנטע ארבייטער, דאס הייסט אויף די בעלי מלאכות. די „אנסקילד“ ארבייטער זיינען כמעט אין גאנצען אונארגאניזירט. א סטרייק פון אונארגאניזירטע ארבייטער איז מעגלאך, אבער אזעלכע סטרייקס ווערען זעלטען געוואונען. די איינוואנדערונג האט דערמיט גאר ניט צו טאן: א סטרייק פון גע־בארענע אמעריקאנער פון אמעריקאנער טאטע־מאמעס מוז אויך פארלארען גהען, ווען זיי זיינען ניט ארגאניזירט. דער קאפיטאַ־ליסט קען אויסהאלטען לענגער איידער די ארבייטער, בפרט נאך ווען זיי האבען הינטער זיך קיין יוניאן ניט.

היינט ווען איהר נעמט די געלערנטע ארבייטער וואס זיינען אפילו ארגאניזירט, טו ווייסען מיר אז עס איז זיי היינטיקע צייטען אויך ניט אזוי לייכט צו געווינען א סטרייק, און די אורזאכע דער־פון איז ניט וואס עס זיינען פאראן א סך איינגעוואנדערטע סקעבס, — עס איז נאך זעהר א גרויסע פראגע, ווער זיינען די סקעבס, צי איינגעוואנדערטע, צי טאקע גראד די געבארענע אמע־ריקאנער. דער גרעסטער סטרייק פון די לעצטע יאהרען איז גע־ווען דער סטרייק אין די קוילען־גרובען, אין 1902. דער סטרייק האט אנגעהאלטען גאנצע זעקס מאנאט, און ווען עס וואלט ניט גע־ווען פאר די וואהלען פאר'ן קאנגרעס און די „עפאנטלאכע מיינונג“ וואלט ניט געווען אזוי אויפגערעגט — דער פרייז פון קוילען איז געשטיגען ביז צוואנציק דאלאר א טאן און עס איז שוין געווארען קאלטלאך, — זיינען די מאגנאטען פון דעם קוילען־טראסט געווען צופרידען צו ווארטען ביז וואנען די ארבייטער וואלטען אליין נעגאנגען צוריק צו דער ארבייט. דער סטרייק איז געשליכטעט

געוואָרען אויף דעם פּאָליטישען, ניט אויף דעם עקאָנאָמישען פעלד.

די וויכטיקסטע געשעפטען ליגען היינט אין די הענט פון די טראַסטס, און אַ טראַסט קען באשטעהן צו וואַרטען אַזוי לאַנג ווי ער וויל, ווייל ער קען דערוויילע העכערען דעם פּרייז פאר דעם קאָנסומענט; און כל־זמן דער טראַסט קאָנטראָלירט דעם מאַרק, קען דער קונד פון איהם ניט אַוועקגעהן צו אַנאַנדערען. די אַרבייטער אָבער קענען ניט סטרייקען אייביק. די איינוואַנדערונג האָט דערמיט גאָר ניט צו טאָן. דער גרויסער סטרייק פון שטאָל־אַרבייטער קעגען קאַרנעגי אין 1892 איז געווען אַ סטרייק פון אַמעריקאנער און איירישע אַרבייטער — אַן איירישער רעכענט זיך אליין פאר אַ געבאָרענעם אַמעריקאַנער, באַלד ווי ער געהט אַרויס פון עליס־איילאַנד, און אָט דער סטרייק איז פארלאָרען געגאַנגען, און די יוניאָן איז צובראָכען געוואָרען. פארקערט אין דעם סטרייק פון די מיינערס קעגען דעם קוילען־טראָסט מיט צען יאָהר שפּעטער, אין 1902, זיינען דאָס רוב סטרייקערס געווען איינגעוואַנדערטע און זיי האָבען טאַקע אָנגעהאַלטען דעם סטרייק גאַנצע זעקס חדשים.

און עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז דאָס איז ניט קיין צופעליקע זאַך. דער אַמעריקאַנער אַרבייטער האָט בעסערע אַרבייט און איז צוגעוועהנט צו לעבען בעסער. ווען עס שטעלט זיך אָפּ די אַרבייט, געהט ביי איהם אויס די געלט גיכער ווי ביי דעם איינגעוואַנדערטען אַרבייטער. מיט די סטרייק בענעפיטס קען דער איינגעוואַנדערטער ווי־עס־איז אויסקומען, ווערענד דעם אַמעריקאַנער קלעקט דאָס ניט.

היינט מיט וואָס וואָלט די אימיגראַציע יע געקענט שטערען דעם סטרייק? דערמיט וואָס די איינגעוואַנדערטע וואָלטען געגאַנגען סקעבען. איז גראָד אין דעם קוילען־סטרייק פון 1902 כמעט ניט געווען קיין סקעבס, און דער טראַסט האָט פאָרט ניט נאָכגעגעבען, און וואָלט זיכער געוואונען, ווען עס וואָלט זיך ניט אַריינגעמישט די פּאָליטיק.

בקיצור, אויב די אָרגאַניזירטע אַרבייטער האָבען אין די צען—פופצען יאָהר ניט אויסגעסטרייקט קיין העכערע שכירות, איז עס ניט דערפאַר, וואָס עס זיינען פאַראַן צופיל פרעמדע אַרבייטער, נור דערפאַר, וואָס די אָרגאַניזירטע אַרבייטער זיינען ניט שטאַרק גענוג צו באַקעמפּפען די טראָסטס.

אין די גוטע, אַלטע צייטען, ווען די לאַנד איז נאָך ניט גע־ווען באַזעצט, און דער קאַפּיטאַליזם איז נאָך געווען שוואַך, איז מעגלאָך געווען פאַר די אַרבייטער אָהן אַן אָרגאַניזאַציאָן, יעדער פאַר זיך, צו באַהויפּטען אַ הויכען פּרייז. אַבער זינט די טראַסטס האָבען זיך אויסגעברייט איבער אַלע געביטען פון דער אינדוסטרי, האָט זיך די לאַגע געענדערט: דער טראַסט דיקטירט איצטער די שכירות דעם אַרבייטער, פּונקט ווי דער טאַבאַק־טראַסט דעם פּרייז פאַר דעם פאַרמער, ביי וועמען ער קויפט אָפּ זיין רויען טאַבאַק.

8.

## די אַרבייטס־שטונדען.

די בעסטע מאָס פון דעם פּאָרטשריט פון דעם אַרבייטער־קלאַס איז די צאָהל אַרבייטס־שטונדען. ווען די שכירות בלייבען אפילו דיזעלבע, קאָסט דאָך די אַרבייטס־קראַפט דעם קאַפּיטאַליסט טהייערער פער שטונדע. חוץ דעם וואָס דער אַרבייטער געווינט אין געזונט און אין פרייהייט, קריגט ער מעהר באַצאָהלט פאַר יעדע שטונדע אַרבייט. לאָמיר זשע אַ קוק טהאָן אויף דער געשיכטע פון דעם אַרבייטס־טאָג אין די פאַראייניגטע שטאַאַטען.

גאָר אַמאָל, ווען די אַרבייטער אין די פאַבריקען פון ניו־אינגלאַנד זיינען געווען פאַרמערשע קינדער, פלעגט מען אַרבייטען אין די פאַבריקען, אַזוי ווי אויף דער פאַרם: מען פלעגט זיך שטעלען צו דער אַרבייט באַלד ווי די זון איז אויפגעגאַנגען, און מ'פלעגט אָוועקגעהען פון דער אַרבייט פאַרנאַכט. ווען די איירישע אימיג־ראַנטען האָבען פאַרנומען די שטעלען פון די פאַרמערשע זיהן און טעכטער, זיינען די שטונדען געוואָרען קירצער, אין די לעצטע יאָהרען זיינען געקומען די איטאַליענער, די פּאָליאַקען, די אידען, די סיריער, די אַרמעניער, און דער אַרבייטס־טאָג אין דער טעקס־טיל־אינדוסטרי איז אַ שעה מיט אַ פערטעל קירצער איידער אין דער צייט, ווען די אַרבייטער זיינען געווען איירישע.

די בעסטע סטאַטיסטיקע פון אַרבייטס־שטונדען ווערט פאַר־עפענטליכט פון דעם ניו - יאָרקער לייבאָר - דעפּאַרטמענט. די באַריכטען פון די פעקטאָרי - אינספּעקטאָרס (פאַבריטשנע אינספּעקטאָרס) בעציהען זיך אויף אַ מיליאָן אַרבייטער

יעהרלאַך, און זיי ווייזען, אז אין די לעצטע צעהן יאָהר, ווען די איינוואַנדערונג אין ניו־יאָרק איז געווען שטאַרקער ווי ווען עס איז אין דער מענטשלאַכער געשיכטע, זיינען די ארבייטס־שטונדען אין די פאַבריקען פארקירצט געוואָרען. נאָך מעהר, ווען מען פארגלייכט די שטאָדט ניו־יאָרק מיט דעם איבעריקען טייל פון דעם שטאַט ניו־יאָרק, ווייזט זיך אַרויס, אז אין דער שטאָדט ניו־יאָרק מיט איהר גרויסער מאַסע גרינע ארבייטען צוויי דריטעל פון אלע ארבייטער ניט מער ווי צען שטונדען א טאָג און א האלבען טאָג שבת, בעת אומעטום, חוץ די שטאָדט ניו־יאָרק, וואו די צאָהל איינגעוואַנדערטע פון מזרח און דרום אייראָפּא איז זעהר קליין, אר־בייטען דאָס רוב פאַבריק־ארבייטער לענגערע שטונדען. מען קען געפינען א תירוץ פאר וואָס דער אמעריקאַנער קליין־שטעדטעלדי־קער ארבייטער איז צופריעדען מיט קלענערע שכירות איידער דער איינגעוואַנדערטער ארבייטער אין ניו־יאָרק. אין א קליין־שטעד־טעל קען מען מיט קלענערע שכירות מאַכען אַן אנשטענדיקערען לעבען, איידער אין ניו־יאָרק מיט גרעסערע שכירות. דער תירוץ טמעריקאַנער ארבייטער, איז גאָר ניט קיין גרעסערער כוואַט פאר דעם איינגעוואַנדערטען, ווען עס קומט צו א קאַמפּף פאר די אינ־טערעסען פון דעם ארבייטער־קלאַס.

און דאָ קומען מיר טאַקע צו דעם רעכטען עיקר.

9.

## די אַרבייטער־אָרגאַניזאַציעס.

די „עכט־אַמעריקאַנער“ טרייד־יוניאָניסטען, וואָס שטאַמען מעהרסטענס פון איירלאַנד, שרייען אז די נייע אימיגראַנטען, די אידען, די איטאַליענער, די פּאָליאַקען שטעהען ניט צו צו די יו־ניאָנס, סיידען מען שלעפּט זיי אריין פאר'ן קאָלנער. עס איז אָבער א גרויסער טעות. דער אמת איז, אז די ארגאַניזירונג פון די אמע־ריקאַנער ארבייטער האָט זיך ערסט אָנגעהויבען אין ערנסט מיט א יאָהר דרייסיק צוריק, צוגלייך מיט דעם אָנהויב פון דער איינוואַנ־דערונג פון די אידען, די פּאָליאַקען, די אַנדערע סלאַווען און די איטאַליענער, און מאַנכע פון די שטאַרקסטע יוניאָנס האַלטען זיך נאָר א דאַנק אָט די דאָזיקע „אונגעווינטשטע“ איינוואַנדערער. איין ביישפּיעל האָט איהר אין דער יוניאָן פון די קוילען־גרעבער: זי איז געוואָרען א שטאַרקע אָרגאַניזאַציע נאָר זינט די מעהר־צאָהל פון די פּלעצער אין די קוילען־גרובען זיינען באַזעצט גע־

װאָרען דורך פּאָליאַקען און אַנדערע סלאַװען פון עסטרייך־אונ־גאַרן. די גרעסטע צרות, װאָס די יוניאָן האָט געהאַט אין די לעצטע פופצעהן יאָהר פון איהר עקזיסטענץ, איז די קאָנקורענץ פון די געבאָרענע אַמעריקאַנער, מעהרסטענס פאַרמערשע זיהן, װאָס לאָזען זיך ניט אָרגאַניזירען.

װען דר. עליאָט, דיער געװעזענער פּרעזידענט פון האַרװאַרדער אוניװערסיטעט האָט געזאָגט, אַז „דער סטרייק־ברעכער איז אַ העלד", האָט ער אױסגעדריקט דעם אמת'ן גייסט פון דעם געבאָרע־נעם עכט־אַמעריקאַנעם אַרבײטער. ביז דעם יאָהר 1880, כל־זמן די איינװאַנדערונג איז געװען שװאַך, אין פאַרגלייך מיט די היינטיקע צייטען, זיינען די אַמעריקאַנער יוניאָנס געװען קליין אי אין צאָהל, אי אין מיטגליעדערשאַפט, און זייער איינפלוס אויף די באַדינגונ־גען פון דער אַרבייט איז געװען אַ נול. װען עס האָבען זיך אָנגע־הויבען צו גרינדען יוניאָנס און „אַסעמבלים" פון די „נאַיטס אָװ לייבאָר" אין 1880—1890, זיינען די מעהרצאָהל פון די מיטגליע־דער געװען איינגעװאַנדערטע. די געבאָרענע אַמעריקאַנער האָבען געליפערט אַ מינדערהייט, װעניקער איידער זייער פּראָפּאָרציע אין דער אינדוסטרי. דעם גרעסטען ערפאָלג האָט די אָרגאַניזאַציאָנס־אַרבייט געהאַט אין די לעצטע צעהן־צװעלף יאָהר, זינט עס האָט זיך אָנגעהויבען די מאַסען־איינװאַנדערונג פון די „אונגעװינשטע" גרינע פון רוסלאַנד, עסטרייך און איטאַליע. איהר קענט דאָס טאַ־קען זעהען באַשיינפערלאַך אין דעם סטעיט נויאָרק גופא: װען איהר פאַרגלייכט די צאָהל יוניאָן־לייט פון יאָהר צו יאָהר, לויט דער סטאַ־טיסטיקע פון דעם לייבאָר דעפּאַרטמענט, און די צאָהל גרינע, װאָס קומען אין סטייט ניו יאָרק פון יאָהר צו יאָהר, װייזט זיך אַרויס, אַז די מיטגליעדערשאַפט פון די יוניאָנס שטייגט אין יענע יאָהרען װען עס קומען מעהרער אימיגראַנטען, און פאַלט װען עס קומען קנאַפּער אימיגראַנטען. עס איז אין דערין גאָר קיין כשוף ניטאָ; עס איז גאַנץ פּראָסט: אי די מיטגליעדערשאַפט פון די יוניאָנס, אי די איינװאַנדערונג שטייגען, װען די געשעפטען געהען גוט, און פאַלען װען די געשעפטען געהען שלעכט.

שטעלט זיך אַ קשיה: אפשר װען די דאָזיקע גרינע װאָלטען זיך אַהער ניט געשפּאַרט, װאָלטען די יוניאָנס געװאַקסען נאָך גי־בער? איז אויף דער קשיה אויך פאַראַן אַן ענטפער אין דער סטאַ־

טיסטיקע. אין דעם סטייט קענזאס איז די אינדוסטריע אין די לעצטע יאהרען אויך אזוי שנעל געוואקסען ווי אין דעם סטייט ניו־יארק. צו דער זעלבער צייט זיינען אין קענזאס פאראן גאר ווענינ איינגעוואנדערטע, און אין די לעצטע דרייסיק יאהר האט זיך זייער צאהל שטענדיק פארמינערט. וואס זשע לאזט זיך אויס? — אז דער פראצענט ארגאניזירטע ארבייטער איז גרעסער אין ניו־יארק איידער אין קענזאס. דאס ווייזט גאנץ קלאהר, אז די איינוואנדערונג שטערט ניט דעם וואוקס פון ארגאניזאציאן צווישען די ארבייטער, סיידען נאטירליך די יוניאנס אליין פארשליסען זייערע טיהרען פאר גרינע. ווען איהר וועט נעהמען ספּעציעל די אידישע פאכען, מעגט איהר זיך זיין אזוי פעסימיסטיש ווי איהר ווילט, אבער די צאהלען וואס זיינען צונויפגעזאמעלט געווארען דורך דער אימיגריישאן קאמישאן (די רעגיערונגס־קאמיסיע וועגען אימיגראציע) ווייזען גאנץ קלאהר אז דער פראצענט ארגאניזירטע ארבייטער אין דער שניידער־אינדוסטרי איז גרעסער איידער דער דורכשניטליכער פּראצענט ארגאניזירטע ארבייטער אין דער אמעריקאנער אינדוסטרי בכלל. איך מיין גאר ניט, אז דער איד דארף זיך גלעטען איבער'ן בייכעל, אבער זיין ביי זיך געפאלען האבען מיר אויך ניט פארוואס. וואס די יוניאנס אין אמעריקע זיינען ניט בכח געווען צו פאראייניגען די מעהרצאהל פון די ארבייטער, איז ניט די שולד פון די איינגעוואנדערטע בכלל, אדער פון די אידען, פאליאקען און איטאליענער בפרט. די וויכטיקסטע אורזאכע איז די איינפיהרונג פון מאשינען, וואס קוילענען אוועק דעם פאכמאן און פארניכטען דעם פונדאמענט פון די צעכאווע יוניאנס. און די דאזיקע צעכאווע יוניאנס שטרעבען גאר ניט צו ארגאניזירען די פּראסטע ארבייטער. פארקעהרט, עס האט שוין פאסירט אין דער געשיכטע פון דעם אמעריקאנער טרייד־יוניאניזם, אז די צעכאווע יוניאנס זיינען פּשוט געווען געגען די ארגאניזירונג פון די פּראסטע ארבייטער.

די צווייטע אורזאכע, אויך זעהר א וויכטיקע, פארוואס דער טרייד־יוניאניזם וואקסט ניט אזוי שנעל, ווי עס האט געדארפט זיין, איז די ענטוויקעלונג פון די טראסטס. ווען עס ברעכט אויס אן אלגעמיינער סטרייק אין א געוויסער שטאדט אין אן אינדוסטרי וואו עס איז פאראן א שארפע קאנקורענץ צווישען די פאבריקאנטען, האט יעדערער פון זיי מורא, אז דורך דעם סטרייק וועט ער פאר־

ליערען באשטעלונגען און זיינע קונדען וועלען איבערגעהען צו זיינע קאנקורענטען אין אנדערע שטעדט. אבער א טראסט האט דער־פאר קיין מורא ניט, און אויב ער זאל יע האבען היזק, וועט ער העכערען דעם פרייז פון זיין וואארע און צווינגען דעם קויפער צו צאהלען די קריעגס־קאסטען. דעריבער קען א טראסט געוועהנלאך אויסהאלטען א סטרייק לענגער איידער די ארבייטער.

די איינציגע סטרייקס, וואס זיינען געוואונען געווארען געגען טראסטס זיינען געוועזען יענע, וואו די מעהרצאהל פון די סטריי־קערס זיינען געוועזען די „אונגעווינטשטע“ אימיגראנטען פון מזרח און דרום אייראפא. — דער סטרייק פון די ארבייטער אין די הארט־קוילען־גרובען פון פענסילוועניא אין 1902, און דער סטרייק אין די טוך־פאבריקען פון לארענס אין 1912. דאקטאר ראבערטס, אן אמעריקאנער גלח, וואס האט צוגעזעהען דעם סטרייק פון די קוי־לען־גרעבער און האט דערנאך וועגען איהם געשריעבען א בוך, איז מיט דער מיינונג, אז ווען ניט די סלאווען וואלט דער סטרייק קיינ־מאל ניט אנגעהאלטען גאנצע זעקס מאנאט. די אמעריקאנער וואל־טען א סך פריהער געגאנגען צוריק צו דער ארבייט. די אורזאכע, וואס די סלאווען, די פאליאקען, די איטאליענער, די אידען קענען לענ־גער אויסהאלטען א סטרייק, איז וואס זיי זיינען ניט אזוי צופיעס־טשעט ווי די אמעריקאנער. דער אמעריקאנער ארבייטער וויל לעבען א גוטען טאג, אויך אזוי וויט, ווי ער קען, און ווען עס קומט איהם אויס צו ליידען אין א סטרייק, פארליערט ער באלד דעם מוטה, וועה־רענד דער אימיגראנט, וואס האט זיך אנגעליטען צרות אין דער היים, קען גרינגער ברענגען אפפער אין קאמפף, ווען עס איז נויי־טיג.

## 10.

## וואס קען אויפטאן די באשרענקונג פון דער איינוואנדערונג?

הייגט לאמיר זיך פארשטעלען, וואס וואלט זיין, ווען די אמע־ריקאנער טרייד־יוניאניסטען זאלען אויספירען אז זייער אידעאל זאל ווערען געזעץ און מען זאל פאר אייראפעאישע איינוואנדערער פארמאכען די טירען פונקט אזוי ווי פאר די טשיינא־לייט (די כינע־זער). וואס וואלט זיין דער רעזולטאט דערפון? מיר האבען געזעהען אז די איינוואנדערונג פאלגט דעם באדארף פון דער אמעריקאנער

אינדוסטרי אין הענט. עס זיינען נויטיק מער הענט צו גראבען מער קוילען, אייזען, קופער, צו בויען נייע אייזענבאנען, צו מאכען מער שטאל, רעלסען, לאקאמאטיווען, מאשינען און אזוי ווייטער. הייגט שטעלט זיך פאר, אז עס הערען אויף צו קומען נייע ארבייטער, מיט וועמען וועלען די קאפיטאליסטען אויסברייטען די פראדוקציאן?

עס זיינען פאראן צו יעדער צייט א סך ארבייטסלאזע. ביז א געוויסער מאס וואלטען זיי געקענט גוט מאכען דעם קלענערען אנגעבאט פון ארבייטער, אבער אויף ווי ווייט וואלט דאס קלעקען? איהר מוזט איהר נעמען אין באטראכט, אז פון די ארבייטסלאזע האבען נאהענט פון א העלפט געהאט ארבייט ווענינסטענס ניין מאנאט אין יאהר, 40 פראצענט פון זעקס ביז ניין מאנאט, און סך הכל 10 פראצענט, דאס הייסט איבער א האלבען מיליאן איז די אייגענטלאכע „ארבייטסלאזע ארמעע". ווען זיי וואלטען געקראגען ארבייט פאר דעם גאנצען יאהר, וואלט דאס נאך ניט גוטגעמאכט די איינוואנדערונג פון אזא יאהר ווי 1905, אדער 1906, ניט רעדענדיק שוין פון 1907. עס וואלטען אלזא נאך אויסגעפעלט ארבייטער.

אין אלע אינדוסטריעלע לענדער ציהען צו די שטעט ארבייטער פון די דערפער. דא אין אמעריקע זיינען די געדונגענע פארם־ארבייטער סאי ווי סאי פארנומען נאר עטלאכע מאנאט אין יאהר, די איבעריקע צייט מוזען זיי ארבייטען ערגעץ אין שטאט. עס זיינען אבער געווען אין 1900 איבער א האלבען מיליאן שווארצע ארענדאטארס, וואס זיי זיינען אייגענטלאך געווען ניט מער ווי פארם־ארבייטער, און נאהענט פון אנדערהאלבען מיליאן ווייסע ארענדאטארס. לאז זיין, אז די צוויי מיליאן וואלטען אוועקגעווארפען זייערע פארמס און געווארען אינדוסטריעלע ארבייטער. דאס וואלט נאך ניט גוט געמאכט דעם פארלוסט פון פינף יאהר איינוואנדערונג פאר די אינדוסטרי.

עס וואלטען אין עטלאכע יאהר ארום פארט אויסגעפעלט ארבייטער פאר די ווייטערע אויסברייטונג פון דער אינדוסטרי. ווען די אימיגראציע וואלט אין גאנצען אויפגעהערט, וואלט פון אנהויב אן דער ארבייטסלוין אין די אינדוסטריעלע סטעיטס געשטיגען. וואס וואלט זיין דער רעזולטאט? הייגט־צו־טאג ווערען נאך מער ווי העלפט קוילען געגראבען אהן מאשינען. זאל דער ארבייטסלוין פון

די קוילען־גרעבער שטייגען, וועלען די גרובען־אייגענטימער איינפירען אומעטום מאשינען. אויף דעם אופן וועט איינגעשפארט ווערען ארבייט פאר די אויסברייטונג פון דער אינדוסטרי. ווייטער וואלט דאס געגעבען א שטופ דער אינדוסטריעלער ענטוויקלונג פון די סויטה, וואו א דאלאר א טאג ווערט גערעכענט פאר הויכע שכירות פאר א שווארצען ארבייטער. אנשטאט צו פירען קאטאן (באוועל) פון אלאבאמא קיין מאסאטשוסעטס, וואלטען די פאבריקאנטען פון מאסאטשוזעטס אריבערגעטראגען זייערע פאבריקען קיין אלאבאמא. אגב האבען דארטען די ווייסע ארבייטער געהאלפען צונעמען די פאליטישע רעכטע ביי די שווארצע ארבייטער, און די ווייסע ארבייטער אליין זיינען דארטען אין דער מינאריטעט. די קאפיטאליסטען האבען דארטען די מעגלאכקייט איינצופירען קינדער־ארבייט אין א גרויסען מאסשטאב. מיט ביליגע שווארצע ארבייט און קינדער־ארבייט אין די סויטה קענען שוין די קאפיטאליסטען זיך אביסעל אויסהעלפען קעגען דעם העכערען ארבייטסלוין פון די אינדוסטריעלע סטעיטס פון די נארטה.

צו דערזעלבער צייט, ווען פארם־ארבייטער ווערען אבגעצויגען פון די פארמס, ווערט אבגעהאלטען דער וואוקס פון דער פארמעריי, און דער פרייז פון עסענווארג מוז שטייגען. דאס איז גאר ניט קיין איינגעבילדעטע זאך. אפילו היינט פעלען אוים ארבייטער אויף די פארמס, דאס איז איינע פון די אורזאכען, וואס די פארמעריי קען ניט האלטען שריט מיט דעם וואוקס פון דער באפעלקערונג אין אמעריקע; דער רעזולטאט דערפון איז דער יקרות אויף לעבענסמיטלען.

ווייטער, אויף אזוי ווייט ווי עס געלינגט די ארבייטער צו העכערען די שכירות, זוכען די קאפיטאליסטען צו העכערען די פרייזען אויף זייערע ווארען. די קאפיטאליסטען וואס האלטען אין זייערע הענט די וויכטיקסטע פראדוקטען: קוילען, אייזען, קופער, בליי, אייזענבאנען און דערגלייכען, זיינען ארגאניזירט אין טראסטס און האבען די קראפט צו דיקטירען די פרייזען דעם קאנסומענט. ביז אהער האבען מיר געזעהען אז די ארבייטער האבען ניט פארמאגט אבצוגעווינען דורך זייערע יוניאנס וואס זיי האבען פארלארען אלס קאנסומענטען דורך די הויכע פרייזען.

די ארבייטער קענען דורך דעם פארבאט פון אימיגראציע פארמינדערן די צאל קאנקורענטען אויף דעם ארבייטסמארק; ווען אלע ארבייטער וואס די קאפיטאליסטען קענען אנקלייבען אין דעם היימישען מארק זאלען פארט ניט קלעקען אויף צו פארנעמען דעם פלאץ פון דער אימיגראציע, טו דארף מען ניט פארגעסען אז דער קאפיטאליזם איז פארט אינטערנאציאנאל. און ווי דער טייטש זאגט, עס ווירד שאן דאפיר געזארגט, דאסס די בוימע ניכט ביז אין דען הימעל וואקסען.

יעדע לאנד פראדוצירט היינט חוץ פאר דעם היימישען מארק אויך פאר דעם וועלט־מארק. ווען איהר לאזט ניט אריין קיין אמעריקע א גרויסען פראצענט ארבייטער, וועלען זיי בלייבען אין דער היים און ארונטערדריקען דארטען דעם ארבייטסלוין. די אייראפעאישע קאפיטאליסטען וועלען קענען פראדוצירען ווארען מיט ביליקערע הענט און וועלען ניט צולאזען די אמעריקאנער ווארען אויף דעם וועלט־מארק גאר אהן שום ראגאטקעס, פשוט זייערע ווארען וועלען זיין ביליקער. דער איינציקער מיטעל פאר די אמעריקאנער קאפיטאליסטען צו קאנקורירען אויף דעם וועלטמארק, איז צו מאכען די אמעריקאנער ארבייט מער פראדוקטיוו, דורך בעסערע מאשינערי און דערגלייכען. אבער וואס הייסט מער פראדוקטיוו? עס הייסט, אז אויף דיזעלבע ארבייט דארף מען ווע־ניקער הענט. אלזא סוף כל סוף לאזט זיך אויס, אז ווען מען זאל אפילו אין גאנצען פארשליסען די טויערן פון עלים איילענד פאר אלע פרעמדע, איז דאס אויך א קאלטע רפואה.

דאס איז ניט געשפונען פון קאפ. דאס זיינען פאקטען. דער אמעריקאנער עקספארט איז זעהר שוואך ענטוויקעלט. ווען עס זאל געלינגען די אמעריקאנער טרייד־יוניאנס צו פארשפארען די טירען קעגען די פרעמדע ארבייטער, טו וואלטען זיי דערמיט נאר געקענט אויספירען, אז די אמעריקאנער אינדוסטרי זאל זיך מוזען באשרענקען אויף דעם היימישען מארק. די אמעריקאנער קאפיטאליסטען וועלען זוכען געלעגענהייטען אריינצולעגען זייער קאפיטאל אין אויסלאנד.

די קאפיטאליסטישע פראדוקציאן אין אמעריקע איז געגאנגען מיט אזעלכע ריזיגע שריט דערפאר, וואס דער קאפיטאל האט דא אימער געהאט אזוי פיל ארבייטער וויפיל ער האט געדארפט. זא־

לען אבער אויספעלען ארבייטער, וועט דער אמעריקאנער קאפיטאל עמיגרירען קיין אויסלאנד. אנשטאט אריינצולעגען זייער פראפיט אין נייע מעטאל און קוילען־גרובען און נייע פאבריקען אין די פאר־אייניקטע שטאטען, וועלען די אמעריקאנער קאפיטאליסטען עקס־פארטירען די געלט און עפענען גרובען און פאבריקען אין מעקסי־קא, אין רוסלאנד, אין טשיינא, אין יאפאניע. אט נעמט א בייר־שפיל. די גוגענהיימס, דאס הייסט דער בליי־טראסט, קאנטראלירען כמעט אלע בליי און זילבער גרובען אין מעקסיקא. א גרויסען טייל פון דעם פראדוקט פון זייערע מעקסיקאנער גרובען שמעלצען זיי אין זייערע שמעלצווערק אין ניו דזשוירזי. אין די שמעלצווערק ארבייטען א סך סלאווישע אימיגראנטען. זאל מען אויפהערען אריינצולאזען אהער די סלאווען, וועלען די גוגענהיימס אויסבויען שמעלצווערק אין מעקסיקא און שמעלצען זייערע בליי און זילבער לעבען די גרובען גופא.

נאטירליך, די אמעריקאנער מעטאלגרובען קענען ניט אריבער־געטראגען ווערען קיין מעקסיקא. אבער איהר מוזט וויסען, אז א מעטאלגרוב קען נאר דעמאלט געארבייט ווערען, ווען זי טראגט געגוג צו צאלען צינזען אויף דעם געבארגטען קאפיטאל (באנדס) און א פראפיט אויף דעם קאפיטאל פון די אקציאנערען. עס ווענדט זיך אן דעם וויפיל עס קאסט די ארבייט און דער טראנספארט. ווען זיי שטייגען אריבער דעם גרענעץ, ביז וועלכען עס לוינט זיך דעם קאפיטאליסט צו ארבייטען די גרוב, שליסט ער זי צו, אדער ווען די גרוב איז נאך ניט מער ווי א פראבע, א „פראספעקט", און עס ווייזט זיך ארויס אז זי קען ניט טראגען דעם דורכשניטלאכען פרא־פיט, רוקט זיך ניט דער קאפיטאליסט אין אזא גרוב.

ביז אהער זיינען שוין הונדערטער מיליאנען אמעריקאנער קא־פיטאל אריינגעלעגט געווארען אין מעקסיקאנער און אנדערע אויס־לענדישע געשעפטען. אבער דאס איז א קלייניקייט אין פארגלייך מיט דעם קאפיטאל וואס געפינט פאר זיך א פלאץ אין דער היים. ווען עס זאל אבער פאסירען אז עס זאלען פעלען הענט און דער ארבייטסלוין זאל שטייגען איבער דער מאס, וואס דער קאפיטאל וויל דערלאזען, וועט דער אמעריקאנער קאפיטאל מער זיך אריינלע־גען אין אויסלענדישע געשעפטען ווי ביז אהער. די ענטוויקלונג פון דער אמעריקאנער אינדוסטרי וועט אנהייבען צו געהן פאמע־

לאַך און עס וועט זיך מיט דעם אַמעריקאַנער קאַפּיטאַל ענטוויקלען אַן אינדוסטרי אין די לענדער מיט ביליקע אַרבייט. ווען די פּראָדוקטען פון אַזיאַטישער אַרבייט וועלען קאָנקורירען מיט די פּראָדוקטען פון דער טייערער אַמעריקאַנער אַרבייט אויף דעם וועלט־מאַרק, וועט די אַמעריקאַנער אינדוסטרי קורץ אָפּשניידען. אויף דעם אופן מוזען מיט דער צייט אַ געוויסע צאָל אַמעריקאַנער אַרבייטער ווערען איבעריק אין דער היים. כל זמן דער קאַפּיטאַליזם עקזיסטירט, מוז ער שאַפען אַן איבערבאַפעלקערונג פון לעדיקע אַרבייטער, און מיר קענען זיך דערפון ניט אויסדרעהען דערמיט וואָס מיר וועלען פאַרצאַמען די אַרבייטער דעם וועג פון איין לאַנד אין די אַנדערע.

דאָס איז אַלץ גערעט אויב די אימיגראַציע זאָל אין גאַנצען אָפּגעשטעלט ווערען. די פּראַקטישע פּאָליטיק איז אָבער היינטצוטאָג זעהר ווייט פון דער טרייד־יוניאָניסטישער אוטאָפּיע. העכסטענס קענען זיך אַלע פּלענער פון די שונאים פון אימיגראַציע אויסלאָזען דערמיט וואָס די צאָל איינוואַנדערער וועט קלענער ווערען מיט אַ פּאָאַר הונדערט טויזענט יעהרלאַך. למשל ווען מי זאָל ניט אַריינלאָזען קיין מאַנדזביל וואָס קען ניט לעזען און שרייבען, געהען אַראָפּ אַן ערך צוואַנציק פּראָצענט. ווען מען זאָל פאַרלאַנגען פון יעדען אַן אויסלענדישען פּאָס פון זיין רעגירונג, פאַלען אַראָפּ אידישע יונגע לייט וואָס אַנטלויפען פון סאָלדאַטען. די העכסטע צאָל אידען אין איין יאָהר זיינען אָנגעקומען פון 1טען יול 1905 ביז דעם 1טען יול 1906, — איבער 150,000. אָבער די צאָהל זכרים פון 14 ביז 44 יאָהר צווישען די אידישע אימיגראַנטען אין אַן ערך אַ דריטעל פון אַלע וואָס קומען אַריבער אהער. ווען יעדערער פון זיי וואָלט דאַרפען זיך שטעלען צום פּריזיוו, וואָלט עס אויך אין יענעם יאָהר אויסגעמאַכט סך הכל 50,000 מאַן.

ווייטער וויל מען, יעדער אימיגראַנט זאָל ברייגנען מיט זיך ווענינסטענס 25 דאָלאַר. וויזט דער רעפּאָרט פון דעם אימיגרעישאָן קאָמישאָנער אַז אין 1909 האָט יעדער אימיגראַנט געהאַט ביי זיך דורכשניטלאַך נאָר 30 דאָלאַר. אַלזאָ די צאָהל וואָס האָבען געהאַט ווענינקער ווי 25 דאָלאַר האָט ניט געקענט זיין זעהר גרויס.

קורץ, מיט אַלע קונצען וואָלט מען העכסטענס געקענט אָפּהאַלטען צוויי־דריי הונדערט טויזענט אימיגראַנטען אַ יאָהר פון

קומען אהער. ווען מי וואָלט די אַלע גזרות דאָ איינגעפירט פרי־
הער, וואָלטען זיך אָפּגעשטעלט אין 1907 אַנשטאָט א מיליאָן לאָז
זיין 700,000. וואָלט דאָס שוין געראַטעוועט אמעריקע? אָט האָ־
בען זיך אין 1905 דאָ אָבגעשטעלט סך הכל 675,000 און אין 1904
נאָר א האַלבער מיליאָן, — האָט מען אין יענע יאָהרען ווענינער
געקלאָגט אויף די אימיגראַנטען, איידער היינט־צו־טאָג? פארגעסט
ניט, אַז די צאָל מענטשען וואָס לעבען פון שכירות אין די פאראיי־
ניקטע שטאַטען איז לויט דער פאָלקס־צעהלונג פון 1900 געווען מער
ווי 14,000,000;*) היינטצוטאָג איז די צאָל פיל גרעסער. ווען עס
פאַלען אראָפּ א פאָר הונדערט טויזענט אימיגראַנטען א יאָהר,
שוואַכט עס אָפּ די קאָנקורענץ צווישען די אַרבייטער אויף 2 פּראָצ.
וויפיל קען מען אויף דעם אופן העכערען דעם אַרבייטסלוין?

אין דערין טאַקע שטעקט אָבער די געפאַהר, אַז די באַשרענקונג
פון דער איינוואַנדערונג קען ווערען א מיטל אין די
הענט פון די פּאָליטישענס צו פארטומלען די קעפּ פון דעם אמערי־
קאַנער אַרבייטער־קלאַס: מי וועט זיי געבען געזעצע קעגען אימיג־
רעישאָן אַלע דריי שעה א פּאָר טראָפּען אין א לעפעלע וואַסער, שאַ־
דען די קאַפּיטאַליסטישע אינטערעסען קען דאָס ניט, און דערווייל
וועלען די טרייד־יוניאָניסטען פילען אַז זיי האָבען אויסגעפירט. דער
„טאַריף" אַלס מיטעל צו „פּראָטעקטען דעם אמעריקאַנער אַרביי־
טער", איז אויסגעשפּילט, מי קען שוין דערמיט ניט כאַפּען די
וואָוטס פון די אַרבייטער. האָבען איצט די פּאָליטישענס א פרי־
שען מיטעל צו פּראָטעקטען דעם אמעריקאַנער אַרבייטער: פאַר־
מינדערען אימיגראַציע. דערמיט וועלען די פּאָליטישענס פירען די
טרייד־יוניאָנס אויף א שטריקעל פון איין וואַהל ביז צו דער אַנדע־
רער.

---

*) געדונגענע פאַרם־אַרבייטער, אינדוסטריעלע לוין־אַרבייטער, דיענער און דינסט־מיידעל און פאַרקויפערס אין קראָמען. (ז. 2 באַנד, 22 קאַפּיטעל).

## 11.

## דער סך־הכּל.

וואָס זשע איז דער סך הכּל פון דער איינוואַנדערונגס־פראַגע?

ערשטענס איז ניט ריכטיק, אַז די נייע איינוואַנדערער האָבען פאַרנומען די פּלעצער פון די געבאָרענע אַמעריקאַנער אָדער עלטע־רע אימיגראַנטען. זיי האָבען נאָר געליפערט די אַרבייטס־קרעפטען וואָס האָבען געפעהלט אין אַמעריקאַ פאַר דער ענטוויקלונג פון דער אַמעריקאַנער אינדוסטרי.

צווייטענס, האָט די איינוואַנדערונג ניט געשאַפען מעהר אַר־בייטסלאָזיקקייט ווי עס איז פריהער געווען. פאַרקעהרט, ווען עס קומען מעהר אימיגראַנטען איז די אַרבייטסלאָזיקקייט קלענער, איינפאַך דערפאַר, וואָס ווען עס איז פאַראַן ווייניק אַרבייט, קומען ווייניק איינוואַנדערער.

דריטענס, די אַרט לעבען (דער „סטענדאַרט אָוו ליווינג") פון דעם איינגעוואַנדערטען איז ניט נידעריקער איידער די אַרט לעבען פון די אַמעריקאַנער און עלטערע אימיגראַנטען, וואָס זיינען אַמאָל געווען באַשעפטיקט ביי דער זעלבער אַרבייט.

פיערטענס, האָבען די אימיגראַנטען ניט אַרונטערגעהאַקט די שכירות און ניט געשטערט די באַוועגונג פאַר אַ העכערען אַרבייטס־לוין, נאָר, אדרבה, זיי האָבען געהאָלפען די אַמעריקאַנער און די עלטערע איינוואַנדערער אַרויפצואַרבייטען זיך אויף העכערע פּלעצער.

פינפטענס, די מיטגלידער־צאָל פון די אַרבייטער־אָרגאַני־זאַציעס איז געוואַקסען צוזאַמען מיט דער איינוואַנדערונג. די אי־מיגראַנטען האָבען זיך באַטהייליגט נאָך זייער צאָהל נאָך, אין די אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס און אין זייערע סטרייקס.

עס איז אַלזאָ קיין ספּעציעלע איינוואַנדערונגס־פראַגע, עס איז פאַראַן אַן אַלגעמיינע אַרבייטער־פראַגע, אָבער די אַרבייטער־פראַגע איז ניט דער פּראָדוקט פון איינוואַנדערונג און קען ניט גע־לעזט ווערען — אפילו ניט געלינדערט ווערען — דורך דעם, וואָס מען וועט באַשרענקען די איינוואַנדערונג.

צווייטער קאפיטעל

# איינוואנדערונג און פארמעריי

## 1.

## די אייביגע טענה צום אימיגראנט: למאי געהט ער ניט אויף א פארם?

זינט עס האט זיך אנגעהויבען אן איינוואנדערונג אהער, האט מען צו די אימיגראנטען שטענדיק געהאט א טענה, אז זיי מאכען אן ענגשאפט אין די גרויסע שטעט, און מען האט זיי שטענדיק געוואלט אוועקשיקען אויף די פארמס. איהר געפינט די טענה אין דעם באריכט פון דעם „פאראיין צו פארהיטען ניו־יארק פון בעטלעריי" פאר דעם יאהר 1819, און אין דעם אפיציעלען באריכט פון דעם ניו־יארקער מעיאר אין 1837, א. א. וו. מיט ניין און ניינציק יאהר צוריק האבען מענטשען־פריינט געטראכט וועגען מיטעל, ווי אזוי גרויסצו'פטר'ען די אימיגראנטען פון איבערגעפילטע שטעט אויפ'ן לאנד".

אין דעם וואכעדיקען לעבען מעג זיך דער פויער זיין אויף צרות, דערפאר אבער האט ער אין אלע צייטען שטארק אויסגענומען ביי די פאעטען, די סאציאל־פילאזאפען, די פאליטיקער און אנדערע כלל־טוערם.

די פראנצויזישע עקאנאמיסטען פון דעם אכטצענטען יאהר־הונדערט, וואס זיינען באקאנט אונטער דעם נאמען „פיזאקראטען", האבען געלערנט, אז פארמעריי טראגט מערער ווי אלע אנדערע סארטען ארבייט, ווייל זי ברייננגט אריין שכירות חוץ דעם פראפיט פון דעם אונטערנעמער, נאך די רענט פון דעם לאנד־אייגענטימער.

די סאציאליסטישע אוטאפיסטען מכל המינים, וואס האבען דא אין אמעריקע געוואלט ווייזען דער וועלט א ביישפיל ווי אזוי די מענטשהייט קען לעבען גליקלאך, האבען זיך אויך גענומען צו פארמעריי.

דערנאך זיינען געקומען די רוסישע שריפטשטעלען הערצען, טשערנישעווסקי און זייערע תלמידים די נאראד־ניקעס און האבען געבויט זייערע סאציאל־רעוואלוציאנערע האפנונגען אויף דעם רוסישען פויער.

די רוסישע רעוואָלוציאָנערע יוגענד האָט געגלויבט אז דער מו־זשיק איז דער גואל פון דער וועלט, אז ער וועט אויסהיטען רוסלאַנד פון קאַפּיטאַליזם, אז דער אַנאַרכיסטישער קאָמוניזם איז שוין ביי איהם גאָר אַ פּאַרטיקער, מען דאַרף נאָר אָראָפּוואַרפען דעם צאַריזם.

טאָלסטאָי האָט איבערגעמאַכט זייער טעאָריע אויף זיין אייגענעם שטייגער און געמאַכט דעם פּויער פאַר דעם טרעגער פון זיין אַרנאַרכיסטישען אידעאַל. ווען די פּויערים האָבען גענומען מאַכען פּאָגראָמען אויף אידען, זיינען די אידישע נאַציאָנאַליסטען געקומען צום געדאַנק, אז די גאולה פאַר דעם אידישען פאָלק וועט קומען דערפון, וואָס די אי־דען וועלען ווערען אויך מוזשיקעס. ס'הייסט פּירען מיסט אויפ'ן פעלד איז ניט פּראָסט אַן ארבייט ווי דרעהען אַ נעה־מאַשין, עס איז נאָך דערצו אַ נאַציאָנאַלע עבודה.

די אידישע סאָציאַליסטען פון דעם „עם עולם" וועלכע זיינען געקומען צוזאַמען מיט די ערסטע אימיגראַנטען, וואָס זיינען געלאָפען פון די פּאָגראָמען פון 1881, האָבען זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו באַווייזען פאַר דער וועלט, אז די אידען זיינען אויך מסוגל, אַזוי ווי די רוסישע מוזשיקעס, צו ווערען די טרעגער פון דעם קאָמוניסטישען אידעאַל. און זיי האָבען זיך גענומען מיט איבערצייי־גונג מעלקען בהמות אין אָרעגאָן און אין דאַקאָטאַ. עס געפינען זיך נאָך ביז היינט אידען וואָס גלויבען, אז עס וואָלט געווען אַ גליק פאַר די אידישע אימיגראַנטען, ווען מען וואָלט זיי געקענט איינ־רעדען, זיי זאָלען זיך אריינלעגען אין פאַרמעריי.

אונדזערע אידישע כלל טוערם מכל המינים וואָס האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט דער פראַגע האָבען אויך אימער געזוכט מיט אַלע מיטלען צו מאַכען פאַרמערס פון די אידישע אימיגראַנטען.

אָבער די אימיגראַנטען האָבען זיך דוקא געדריקט אין די גרויסע שטעט. פאַרוואָס?

## 2.

## דער שטראָם פון דאָרף אין שטאָט.

ווען איהר פאַרגלייכט די צאָל מענטשען וואָס זיינען פאַרנומען אין דער פאַרמעריי אין אַלע לענדער היינט צו־טאָג און וואָס האָבען

זיך פארנומען מיט פארמערײ אין די אמאליקע צייטען, ווייזט זיך אויס, אז אומעטום האט זיך דער פראצענט פארמערס און פארם־ארבייטער שטארק פערקלענערט.

וואס באדייטעט דאס? גאנץ פראסט. די מענטשלאכע אר־בייט איז געווארען מער שפארעוודיק (פראדוקטיוו, אויף דעם למדנ׳ישען לשון) ווי פארצייטען, און דעריבער דארף די גאנצע געזעלשאפט אפגעבען א קלענערען טייל פון איהר ארבייט אויף פרא־דוצירען תבואה און בהמות ווי אמאל, עס בלייבט איבער א גרעסערער טייל פון דער געזעלשאפטלאכער ארבייט אויף אנדערע זאכען, חוץ רויה־מאטעריאל פאר עסענווארג. אין דעריין באשטעהט דער פארט־שריט פון די לעצטע הונדערט יאהר.

אין אלע ציוויליזירטע לענדער פון דער היינטיקער וועלט וואק־סען די שטעט שנעלער ווי די דערפישע געגענדען. אין פילע דערפי־שע געגענדען איז די באפעלקערונג קלענער געווארען — דער עולם וואנדערט אויס און באזעצט זיך אין די שטעט. דאס קומט פון דעם וואוקס פון פאבריקען, וועלכע געפינען זיך אין די גרויסע שטעט.

אייגענטלאך איז גאר ניט נויטיק, אז א פאבריק זאל זיך גע־פינען דוקא אין א גרויסער שטאט. דער פאבריקאנט קען אויס־בויען פאר זיך א פאבריק אין מיטען פון א פעלד, גאר אבגעזונדערט פון דער גאנצער וועט, אויב ער וויל. ער קען האבען אן אפטיילונג אין דער שטאט. עס ווייזט זיך ארויס אבער פראקטישער צו הא־בען אלצדינג פאראייניקט, מען שפארט צייט דערביי, מען איז נא־העגטער צום מארק. דערמיט ערקלערט זיך פארוואס ניו־יארק ציהט צו זיך צו אזוי פיל פאבריקען, וואס וואלטען פונקט אזוי גוט געקענט זיך געפינען ערגעץ אויפ׳ן לאנד. וואס איז שייך קלענע־רע געשעפטען, לוינט זיך פאר זיי בעסער צו דינגען עלעקטרישע קראפט אויף צו טרייבען די מאשינען.

לאמיך אייך באקאנט מאכען מיט די גענויע ציפערן.

ביי דער ערסטער פאלקס־צעלונג אין 1790 זיינען אין די פאר־אייניקטע שטאטען געווען סך הכל זעקס קהלות מיט א באפעלקע־רונג איבער 8,000 נפשות. אלע אינאיינעם האבען זיי געהאט א באפעלקערונג פון 130,000 אין קיילאכדיקע צאלען, דאס הייסט אז ערך אזוי פיל ווי ניו־הייווען האט געהאט ביי דער לעצטער פאלקס־

צעהלונג אין 1910. כמעט 97 פּראָצענט פון דער גאַנצער באפעלקערונג האָבען געוואוינט אויף די פאַרמס, אָדער אין קלע־נערע שטעטלאך און דערפלאך. היינט־צו־טאָג באטרעפט די באַ־פעלקערונג פון די קהלות מיט מער ווי 8,000 איינוואוינער כמעט צוויי פינפטעל (39 פּראָצענט) פון דער גאַנצער באפעלקערונג.

ווען איהר רעכענט צוזאמען די איינוואוינער פון אַלע שטעט, וואָס ווערען אַנערקענט פון דעם געזעץ פאַר שטעט און האָבען שטאָטישע פארוואַלטונג, טו האָבען זיי אויסגעמאַכט אין 1910 מער ווי א העלפט פון דער גאַנצער באפעלקערונג — 55 פּראָצענט. פאַר די צוואַנציק יאָהר פון 1890 ביז 1910 זיינען צוגעקומען אין אַלע דערפישע געגענדען וועניקער ווי 6,000,000 איינוואוינער, דאָס הייסט אַן ערך אַ זעקסט־חלק, און אין אַלע שטעט און שטעט־לאך 24,000,000, דאָס הייסט כמעט דאָפּעלט די צאָל וואָס איז גע־ווען מיט צוואַנציק יאָהר צוריק.

פון וואַנען האָט זיך גענומען דער שטראָם צו די שטעט? זיי־נען דאָס אַלץ געווען אימיגראַנטען, וואָס האָבען ניט פארשטאַנען די גוטסקייט פון דעם לעבען אויפ'ן ישוב און האָבען זיך דוקא גע־דריקט אין די שטעט? ניין. ווען איהר פארגלייכט די באַפעלקע־רונג פון די שטעט און שטעטלאך מיט מער ווי 2,500 איינוואוינער, פון איין זייט, און אַלע אַנדערע פון דעם אַנדערען זייט, טו ווייזט זיך אַרויס, אַז צו די היגע געבאָרענע פון אַמעריקאַנער עלטערען זיינען אין די צוואַנציק יאָהר פון 1890 ביז 1910 צוגעקומען אין די פאַרמערשע דיסטריקטען, צוזאַמען שוין מיט די קליינשטעטלאך, סך הכל 6,000,000, בעת אין די גרעסערע שטעט און שטעטלאך זיי־נען זיי געוואַקסען אין צאָל מיט כמעט 9,000,000. דאָס מאַכט אויס אין די פאַרמערשע געגענדען אַ צואוואַקס פון וועניקער ווי אַ פערטעל, בעת אין די שטעט איז די צאָל זייערע כמעט פאַרדאָ־פּעלט געוואָרען. עס איז גאַנץ קלאָר, אַז דאָס איז ניט געקומען דערפון וואָס אין די שטעט זיינען ביי די עכטע אַמעריקאַנער גע־באָרען געוואָרען מער קינדער ווי אויף די פאַרמס. פּונקט פאַר־קערט, עס איז אַ פאַקט, וואָס איז דערוויזען געוואָרען מיט צאָלען, אַז אין די שטעט ווערען געבאָרען וועניקער קינדער ווי אין די דער־פישע געגענדען, — פּשוט ווייל פאַר אַ פאַרמער איז גרינגער אויס־צוהאַלטען קינדער, ווי פאַר אַ שטאָטישען ארבייטער, אָדער פאַר

א מענטש'ן וואָס האָט א שטעל ערגעץ אין א געשעפט. עס איז אלזא קלאָר, אז די עכטע אמעריקאנער וואנדערען פון די פארמער־שע געגענדען אין די שטעט, פונקט אזוי ווי די אימיגראנטען, וואָס קומען פון די אייראָפּעאישע דערפער און באזעצען זיך אין אמע־ריקאנער שטעט.

איך האָב ביז אהער גערעדט פון דער באפעלקערונג פון די פאר־אייניקטע שטאטען אינגאנצען. אבער איהר פארשטעהט דאָך, אז איין געגענד איז ניט גלייך צו דעם אנדערען.

וועגען ניו ענגלאנד און ניו־יאָרק סטעיט איז גאָר אָפּגערעדט: דאָרטען איז שוין אין 1890 די דערפישע באפעלקערונג געוועזן שי־טערער ווי מיט צען יאָהר פריהער. ביי דער פאָלקס־צעהלונג פון 1900 האָבען נאָך פיר שטאטען פארצייכענט אן אָפּפאל פון דער דערפישער באפעלקערונג. ביי דער לעצטער פאָלקס־צעהלונג, אין 1910, האָט מען געפונען אין עכטע פארמערשע שטאטען, — אָהייאָ, אינדיאַנאַ, אייאָווא און מיזורי — א קלענערע דערפישע באפעל־קערונג ווי אין 1900. ווען מען קוקט זיך איין אין די סטאטיסטי־שע קארטע, וואו די דערפישע באפעלקערונג פון יעדער קאונטי איז געוויזען באזונדער, טו געפינט מען כמעט איבער'ן גאנצען לאנד א סך געגענדען, וואו די דערפישע באפעלקערונג איז קלענער געוואָ־רען ווי מיט צען יאָהר צוריק. דאָס קומט דערפון, וואָס די עכטע אמעריקאנער בני אמעריקאנער וואנדערען ארויס פון די דערפי־שע געגענדען אין די שטעט. אין דעם גאנצען געגענד פון קענעדע ביז דעם גרעניץ פון פענסילווייניא און דעלאווער, און פון דעם אטלאנטישען ים ביז דעם גרעניץ פון אינדיאנא און איליניאָי, און ווייטער וועסט אין אייאָווא און מיזורי, איז די צאָל עכטע אמערי־קאנער ישוב'ניקעס פון 1900 ביז 1910 קלענער געוואָרען. אין אלע איבעריקע שטאטען איז דער פראָצענט אמעריקאנער געבאָרע־נע פון אמעריקאנער עלטערען אין די דערפישע געגענדען קלענער געוואָרען.

היינט, אז די געבאָרענע אמעריקאנער וואָס זיינען אויפ־געוואקסען אין די פארמערשע געגענדען וואנדערען אויס אין די שטעט, געפינען זיי דאָך מסתמא, אז זיי קענען פארדינען בעסער אין די שטעט, איידער אין די פארמערשע געגענדען. און דער אמת איז, אז זינט די ערסטע יאָהרען פון דער גרויסער איירישער און

דייטשער איינוואַנדערונג האָט דער וואוקס פון דער אינדוסטריי אין די שטעט געשאַפען דאָרטען אַ בעסערען אַרבייטס־מאַרק ווי די פאַרמעריי. די ענטוויקלונג פון דער אינדוסטרי קען מען מעסטען מיט

דעם וואוקס פון דער פּראָדוקציאָן פון קוילען, וואָרים יעדע אינדוסטרי נויטיגט זיך אין קוילען. נו, טו געפינט איהר, אַז אין משך פון 1870 ביז 1908 איז די פּראָדוקציאָן פון קוילען געוואָרען פיר מאָל אזוי גרויס, בעת די פּראָדוקציאָן פון קאָטאָן, — וואָס איז איינער פון די וויכטיקסטע פּראָדוקטען פון דער אַמעריקאַנער פאַרמעריי, — איז געוואַקסען מיט 90 פּראָצענט, אַנדערע פאַרמערשע פּראָדוקטען — מיט 50 פּראָצענט, און די צאָל בהמות איז גאָר קלענער געוואָרען ווי אַמאָל. פון די צאָלען איז גאַנץ קלאָר, אַז דער פאַרלאַנג אויף פאַרם־אַרבייטער האָט געמוזט אָפּשטעהן פון דעם פאַרלאַנג אויף אַרבייטער אין דער מינעראַל־אינדוסטרי, אין די פאַבריקען און אויף די אייזענבאַנען.

אין ניו־ענגלאַנד, ניו־יאָרק, ניו־דזשוירזי און פּענסילווייניא איז די צאָל פאַרזעעטע אַקער געפאַלען פאַר די לעצטע דרייסיק יאָהר. אין פילע אַנדערע שטאַטען איז די צאָל געשטיגען אַ סך ווענינער ווי די גאַנצע באַפעלקערונג. צו דערזעלבער צייט אָבער באַמערקט איהר אַזאַ פאַקט, אַז דער ווערט פון מאַשינערי איז אומעטום גאַנץ היבש געשטיגען (מיט דער אויסנאַם פון איין שטאַט לואיזאַניא). דאָס בעדייט, אַז מען קען היינט־צו־טאָג איינשפּאָרען אַ סך אַרבייט דורך מאַשינערי, און דעריבער דאַרף מען ווענינער אַרבייטער אויף די פאַרמס. דאָס איז די אורזאַכע, פאַרוואָס פילע פאַרמערשע זיהן מוזען זוכען אַרבייט אין די שטעט. און פאַרשטעהט זיך, ווען עס קלעקט ניט קיין אַרבייט פאַר די פאַרמערשע זיהן, איז פאַר גרינע אימיגראַנטען אודאי ניטאַ וואָס צו טאָן אויף די פאַרמס.

3.

## דער פאָרטשריט פון מאַשינערי אין דער פאַרמעריי.

פאַר דעם בירגערקריג האָט דער אַמעריקאַנער פאַר־

מער געארבייט זיין פארם אויף דעמזעלביקען שטייגער ווי דער רוסישער פויער. דער ערסטער פאטענט אויף אן אייזערנעם פלוג איז ארויסגעגעבען געווארען אין אמעריקע אין 1897, אבער דער אמעריקאנער פארמער האט ניט געהאט קיין צוטרוי צו אזא נאווינע. עס האט גענומען א יאהר פופציק ביז וואנען די פראקטיקע האט בייגעקומען דעם טיף־איינגעווארצעלטען גלויבען פון דעם קאנסערוואטיווען פארמער, אז אייזען פאר'סמ'ט די ערד. ארום דעם יאהר 1850, ווען דער אייזערנער פלוג איז שוין געווען אלגעמיין איינגעפירט, האט מען נאך געשניטען ווייץ מיט א סיערפ, גראז מיט א קאסע. אין ווינטער פלעגט מען דרעשען און וועיען, אזוי ווי מען טוט דאס נאך היינט אין רוסלאנד. כל־זמן מען האט געארבייט די ערד אויף אזא פארצייטיקען אופן, האט מען נויטיג געהאט א סך הענט אויף א פארם, און עס איז געווען ארבייט פאר א געדונגענעם מענטש א גאנץ יאהר. היינט צו טאג ווערט אלצדינג געטאן מיט מאשינערי, אמאל פלעגט א פארמער שיילען קארן מיט'ן האנט און ער פלעגט קוים פארטיק ווערען מיט זעקס בושעל א טאג, היינט ווערט דיזעלבע ארבייט געמאכט מיט א מאשין, וואס שיילט אפ א בושעל אין איין מינוט. אמאל האט א מאן געדארפט ארבייטען עלף שטונדען אנצוקאסיען א טאן היי, היינט ווערט די זעלבע ארבייט געמאכט אין אנדערהאלבען שטונדען. דורכשניטלאך פאדערט היינט די ארבייט אויף א פארם מיט א מאשין א פינפטעל פון דער צייט, וואס עס האט גענומען אמאל מיט דער האנט. איך האב גענומען די אלע צאלען פון א בוך, וואס פראפעסאר קוויינטאנס האט אנגעשריבען מיט פערצען יאהר צוריק איבער דעם „איינפלוס פון פארם־מאשינערי אויף די פראדוקציאן און דעם ארבייטער“, מאכענדיק א סך־הכל פון דעם פארטשריט פון מאשינערי, האט ער אויסגערעכענט, אז די פארם מאשינערי האט איינגעשפארט די ארבייט פון אנדערהאלבען מיליאן מענער זעקס טעג א וואך דעם גאנצען יאהר. דער חשבון איז געמאכט געווארען אויף דעם גרונד פון דער דורכשניטליכער יעהלאכער פראדוקציאן פון די אמעריקאנער פארמס פון 1890 ביז 1900. די אויסשטעלונג אין סאן־פראנציסקא האט פארצייכענט א ווייטערען פארשריט אויף דעם געביט זינט דער צייט, ווען פראפעסאר קוועינטאנס האט געשריבען זיין בוך.

דער טראסט פון פארם־מאשינערי, „דהי אינטערנעשאנאל הארוועסטער קאמפאני“, האט אויסגעשטעלט א גאנצע רייהע מא־

דעלען פון אלערליי געצייג און מאשינען, וואס מען האט גענוצט אין די פעלדער פאר די לעצטע פאר טויזענט יאהר. איהר האט געזעהען באשיימפערלאך, אז דער גאנצער פארטשריט אין מאשינערי הויבט זיך אן אייגענטלאך אין די לעצטע הונדערט יאהר.

אט זעהט איהר א בילד, ווי מאנדזבילען און ווייבער האבען געשניטען תבואה מיט א סערפ און געבונדען די סנאפעס אין יאהר 1800, אין א טאג האבען דריי מאנדזבילען מיט פיר פרויען געקענט פארטיק ווערען סך הכל מיט א פערטעל אקער. היינט־צו־טאג קען איין געזאלין אדער אויל־מאשין שלעפען פינף מאשינען, וואס שניידען און בינדען די תבואה; ביי יעדער מאשין איז איינגעריכט א פלאץ אויף צו זיצען פאר איין ארבייטער. ער דארף זיך ניט בויגען, ניט מאטערען, ער פארט זיך ארום און גיט אכטונג ווי די מאשין טוט די ארבייט. וואס זיין עלטער־זיידע און עלטער־באבע האבען געטאן מיט די הענט, און אט די פינף מענער קענען מיט דער הילף פון די מאשינען פארטיק ווערען מיט 100 אקער א טאג. פארשטעהט איהר דעם אונטערשיד פון א פערטעל אקער ביז 100 אקער?

פאר יעדען סארט ארבייט, וואס איז נויטיק אויף דער פארם, האט דער הארוועסטער טראסט א מאשין. אקערען? — שפאנט מען איין טראקטאר און א האלב טוץ פלוגען מיט בארענעס, עס זיצט זיך איין ארבייטער און טרייבט דעם טראקטאר, און די מעכאנישע פלוגען אקערען אזוי טיף, ווי קיין סאכע האט קיינמאל ניט געקענט דערגרייכען, און די מעכאנישע בארענעס טוען שוין זייער ארבייט פאר איין גאנג. דער טראקטאר טוט אויף די ארבייט פון צען ביז זעכצען פערד. מיט אט דער מאשינערי קען מען אויפאקערען צוויי אקער פער שטונדע.

אויף צו שפרייטען מיסט אויף די פעלדער, איז ווידער פאראן א מאשין, וואס טוט די ארבייט א סך בעסער ווי א מענטש. אויף צו זעען איז ווידער פאראן א מאשין. פון דער זריעה וואס ווערט פארזעעט מיט א מאשין, געהט אויף א גרעסערער פראצענט, ווי פון דער זריעה, וואס ווערט פארזעעט מיט דער האנט. דערמיט ווערט אויך איינגעשפארט ארבייט: מען קען פארזעען א קלענערן פעלד.

ווען די תבואה איז שוין אפגעשניטען, דארף מען זי דרעשען.

אין רוסלאנד טוט מען עס נאך מיט פארצייטיקע געציינ.

ביי דער ארט דרעשען איז ניט מעגלאך ארויסצושלאגען און צוזאמענקלייבען אלע זוימענדלאך, וואס געפינען זיך אין דער אנגעשניטענער תבואה; א היבשער טייל געהט אוועק אין ניוועץ. אין אמעריקע דרעשט מען מיט א מאשין, וואס ארבייט א סך שפארעוודיקער.

אדער נעמט היי. די מאשין שניידט די גראז, אנאנדער מאשין ראמט אויף די געשניטענע גראז. — אין רוסלאנד טוט מען דאס מיט היי־גאפלען. די מאשיןווארפט די היי אין סטאגעס; עס איז פאראן א מאשין, וואס בינדט און פרעסט די היי און לאדט עס אן אויף די וואגענס. פאר קארן זיינען פאראן אנדערע מאשינען א. אז. וו.

די פראדוקציאן פון די פארמס איז ניט געוואקסען אזוי שנעל ווי די שפארעוודיגקייט פון מאשין־ארבייט, דעריבער איז דער פארלאנג אויף פארם־ארבייטער היינט צו טאג קלענער ווי אמאל. פון 1840 ביז 1870 האט מען דורכשניטליך געארבייט 173,000,000 טעג צו פראדוצירען די וויכטיגסטע סארטען תבואה. פון 1893 ביז 1896 האט מען פראדוצירט אסך מער פון דיזעלביקע סארטען, אבער מען האט געארבייט איינגאנצען 120,000,000 טעג. מען האט אלזא איינגעשפארט צוויי פינפטעל פון דער אמאליקער צאל ארבייטס־טעג. היינט, זינט די צאל פארמערס איז אין דער צייט געוואקסען, הייסט דאס, אז עס איז קלענער געווארען די צאל געדונגענע ארבייטער. אין אזא עכט־פארמערשען שטאאט, ווי נארטה דאקאטא, קען א פארמער וואס האט 320 אקער לאנד, אויסקומען אהן געדונגענע ארבייטער, חוץ אין דער צייט ווען עס קאכט די ארבייט, און דעמאלט דינגט ער אויף זעהר וועניק ארבייטער. 320 אקער מאכט אויס 128 דעסיאטינעס, דאס איז שוין א גאנצער מאיאנטעק, די מערסטע פארמערס אין נארטה דאקאטא האבען וועניקער לאנד. געוועהנלאך דינגט מען ארבייטער אויף די אמעריקאנער פארמס נאר ווען עס קומט די צייט צו שניידען תבואה*).

*) איך האב געבעטען דעם פארטרעטער פון דער אינטערנעשאנאל הארוועסטער קאמפאני ביי דער אויסשטעלונג אין סאן־דיעגא ער זאל פאר מיר

דאס איז די אורזאכע, פארוואס פילע פארמערשע הן מר־
זען זוכען ארבייט אין די שטעט

ווייטער האט זיך דער גאנצער כאראקטער פון דער פארמעריי
געביטען. אמאל פלעגט מען אויף דער אמעריקאנער פארם פראַ־
דוצירען אלצדינג פאר דעם אייגענעם געברויך פון דעם פארמער מיט
זיין הויזגעזינט*). מען פלעגט אליין מאלען די תבואה אויף מעהל,

*) אן ענגלישער שרייבער, וואס האט ארויסגעגעבען א בוך איבער אמעריקע אין 1833, דערצעלט, אז דער אמעריקאנער פארמער פלעגט מאכען זיינע אייגענע געצייג, זיין מעבעל, פלעגט אפט אליין בויען א הויז פאר זיך; די פארמערשע הויזגעזינט פלעגט אליין שפינען, וועבען, נעהען קליידער און שיך, מאכען זייף און ליכט פאר זיך.

מאכען א חשבון, וויפיל עס דארף קאסטען איינצוארדנען א פארם מיט מאדער־נער מאשינערי, וויפיל ארבייט מען קען אויפטאן און וויפיל מענטשען מען דארף דערביי האבען. וועדליק זיין רעכענונג איז אויסגעקומען, אז איינצוריכטען א פארם מיט אלע נויטיקע מאשינערי דארף קאסטען אן ערך 1,500 דאלאר, — ער האט מיר געגעבען באזונדער מיט איהר פרייז, אבער איך וויל אייך ניט מאטערן מיט ציפערן. מיט אזא אויסשטאטונג קען איין פארמער פאראקערען און פארזעען 200 אקער. דערצו איז נאך פאראן לאנד וואס ווערט באנוצט אויף צו פיטערען די בהמות. רעכענט אלץ צוזאמען 250 אקער. אויף אזא פארם וועט דער בעל־הבית זיך נויטיקען אין צוויי־דריי מענטשען. ווען עס קומט די צייט צו שניידען תבואה און קאסיען גראז, און אין אנדערע צייטען וועט ער דארפען צודינגען אמאל א מענטשען.

250 אקער איז אן ערך צוויי מאל אזוי גרויס ווי א דורכשניט־לאכער אמעריקאנער פארם. דער געוועהנלאכער פארמער האט ניט גענוג לאנד עס זאל זיך איהם באצאלען צו האבען מאשינערי פאר יעטוועדער ארבייט. קויפט מען געוויסע מאשינערי אין שותפות, אדער מען דינגט געוויסע מאשי־נען, צום ביישפיל, דרעש־מאשינען, וואס איך האב ניט אריינגערעכענט אין מיין חשבון.

לאמיר איצטער פארגלייכען די גרויס פון אן אמעריקאנער פארם מיט דער גרויס פון א רוסישען „נאדיעל“ אין סיביר, וואו עס איז נאך פאראן א סך לאנד, קריגט א פויער 15 דעסיאטינעס אויף יעדען מאנדוביל, וואס געפינט זיך

און זאלצען אונערקעס, און קוילענען בהמות און עופות, און מאכען פוטער*), קעז און חלב'נע ליכט און שפינען און וועבען און נעהען א. אז. וו. נאר א קליינעם פראצענט פון די פראדוקטען פון דער פארם האט מען געמוזט פארקויפען. היינט צו טאג זיינען די אלע ארבייטען אפגעטיילט געווארען און ספעציאליזירט אין באזונדערע אינדוסטריען. דערצו איז נאך היינט די פארמעריי גופא אויך זעהר שטארק ספעציאליזירט. דער פארמער מוז קויפען כמעט אלץ וואס ער פארברויכט און דעריבער מוז ער אויך פארקויפען דאס רוב פון דעם וואס ער פראדוצירט. דער פארמער איז דעריבער פונקט אזוי אפהענגיק פון דעם מארק ווי דער פאבריקאנט.

מען קען ניט פראדוצירען ווייץ און קארן גלאט אין דער וועלט אריין, מען מוז אויסרעכענען צי עס וועט זיך

*) אין 1870 פלעגט מען נאך אין אמעריקע מאכען פוטער אויף די פארמס, עס איז געווען א טייל פון דער ארבייט פון יעדער פארם. היינט צו־טאג איז דאס א באזונדערע אינדוסטרי.

---

אין זיין הויז־געזינט. דאס מאכט אוים 37 אקער. אלזא, אז אמעריקאנער פארמער מיט מאדערנע מאשינערי קען אויפארבייטען אז ערך זיבען מאל אזוי פיל לאנד, ווי א פארצייטיקער פויער. מיט הונדערט יאהר צוריק האט דער אמעריקאנער פארמער געארבייט מיט דערזעלבער מזל־ברכה'דיקער הילצערנער סאכע, ווי דער היינטיקער רוסישער פויער.

מאכענדיק דעם רעכענונג, האט דער פארטרעטער פון דער הארוועסטער קאמפאניע געהאט אין זינען דעם געוועגלאכען פארמער, אזוי ווי ער איז. דעריבער האט ער גערעכענט, צום ביישפיל, איין טראקטאר און איין פלוג מיט איין בהמה. אבער, ווי איך האב שוין געזאגט, קען איין טראקטאר שלעפען זעקס פלוגען פונקט אזוי גוט ווי איינעם. און אזוי איז עס כסדר. מיט אנדערע ווערטער, ווען מען זאל פאראייניקען פאר פארמס פון 250 אקער אין איינע פון 1000 אקער, וועט מען ניט דארפען פיר מאל אזוי פיל מאשינערי. אויף א גרעסערע פארם וועט דער בעטריב דעריבער זיין עקאנאמישער ווי אויף א מיטעלער. עס זיינען שוין היינט פאראן גרויסע פארמס פון טויזענטער אקער.

באצאָלען. דער פאַרמער האָט זעהר אָפט א חוב אויף זיין פאַרם, ער דאַרף צאָלען צינזען, ער דאַרף אַלזאָ אויסרעכענען, צי עס וועט זיך לוינען פאר איהם צו פאַרזעען מער, וועדליק נאָך די פרייזען וואָס ער קען קריגען. דער אמת איז אַז אַ העלפט פון די לאַנד אין די פאַרמס ליגט לעדיק און איז נאָך ניט באַרירט געוואָרען. דעם פאַרמער וואָס האָט שוין געקויפט די לאַנד, וואָלט זיך דאָך זיכער געלוינט צו פאַראַקערען די ווילדע לאַנד, פאַר וואָס־זשע טוט ער דאָס ניט? עס קען זיין, אַז ער האָט קיין געלט ניט, אָבער אויב עס וואָלט זיך געלוינט, וואָלטען זיך שוין געמעלדעט בעלנים אָפּצוקוי־פען ביי איהם די ווילדע לאַנד און זיי וואָלטען שוין דערפון געמאַכט אַ תכלית. ווען מען טוט דאָס ניט, איז אַ סימן, אַז עס באַצאָלט זיך ניט.

מיט וואָס איז מער פּראַקטיש צו שיקען די אימיגראַנטען, זיי זאָלען קויפען ערד און זעען טאַבאַק, ווי אַנצורעדען זיי צו קוי־פען טאַבאַק און מאַכען סיגאַרעטס אויף צו פאַרקויפען? ערסטענס, ווער קען דאָס ניט מאַכען קיין סיגאַרעטס, בעת זעען טאַבאַק דאַרף מען וויסען, וואו און ווען. צווייטענס, אַ פאַרם קאָסט אַ סך געלט, און סיגאַרעטס קען מען מאַכען ביי זיך אין דער היים — וואָס קאָסט די „מאַשינערי" אויף צו מאַכען סיגאַרעטס? דערצו ווען מען איז אַ באַלעבאָס פאר זיך, דאַרף מען זיך דאָך ניט שטיקען דוקא אין „דאַנטאַן", מען קען זיך דינגען אַ הייזקע ערגעץ אין סטעטען־איילענד, וואוינט מען שוין אין אַ פּאַרטיקער „גאַרטען־שטאָט" און מען מאַכט סיגאַרעטס. פאַר וואָס ניט?

פאַרוואָס זאָל מען זיך, כ'לעבען, ניט שטעלען די פראַגע: צי דאַרף גאָר אַמעריקע מער פאַרמערס איידער זי האָט?

4.

## וויפיל קאַפּיטאַל ליגט אין די פאַרמס.

היינט לאָמיר באַטראַכטען, וואָס פאַר אַ קאַפּיטאַל עס איז נויטיק צו ווערען אַ פאַרמער. מיר האָבען דערצו די ציפערן. וואָס זיינען צוזאַמענגעקליבען געוואָרען פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג ביי דער פאָלקסצעהלונג פון 1910.

דער דורכשניטלאכער ווערט פון אן אמעריקאנער פארם מאכט אויס $6,444, דערפון באטרעפט די לאנד, מיט דער שטוב, מיט די שטאלען, מיט די שפייכלערס א. אז. וו. $5,476, און די מאשינערי מיט די בהמות, נאהנט פון $1,000. איהר זעהט דערפון אז צו דינגען א פארם — ווער רעדט שוין פון קויפען ? — דארף מען אויך אריינלעגען אן ערך פון $1,000 אין מאשינערי און בהמות, חוץ דעם וואס מען דארף האבען פון וואנען צו לעבען ביז מען נעמט אראפ די תבואה פון די פעלדער.

נאטירליך, דאס זיינען דורכשניטלאכע צאלען, אין די סאוטה איז די מאשינערי צוזאמען מיט די בהמות ווערט אן ערך פון 400 דאלאר, אבער דארטען זיינען א העלפט פון די ארענדאטארס שווארצע, וואס זיינען נאך היינט אויך פארשקלאפט ביי די קינדער און קינדס־קינדער פון די אמאליקע פלאנטאטארס, און קיין אימיגראנט קען צוליב דעם מיט זיי ניט קאנקורירען. אין דעריין איז דאך געלעגען די אורזאכע פון דעם קאמפף צווישען די פיאניערען פון די וועסט און די שקלאפען־אייגענטימער, וואס האט געבראכט צו דעם בירגער־קריעג; די פרייע קאלאניסטען האבען געוואוסט, אז וואו עס באזעצען זיך די פלאנטאטארס מיט זייערע שווארצע ארבייטער, דארטען איז פאר א פרייען ווייסען פארמער ניטא קיין פלאץ, ווייל ער קען ניט לעבען אזוי ווי א שקלאף. און מאטעריעל האט זיך די לאגע אויך היינט ניט געביטען. אויב דער פרייער ניגער לעבט בעסער ווי דער שווארצער שקלאף האט געלעבט מיט זעכציק יאהר צוריק, טו לעבען דאך איצטער, דער ווייסער פארמער און דער ווייסער ארבייטער אויך בעסער ווי מיט זעכציק יאהר צוריק, דער פארהעלטניס איז דעריבער געבליבען דער זעלבער.

דער בעסטער ארגומענט זיינען די ציפערען: די אימיגראנטען ווילען זיך בכלל ניט באזעצען אין די סאוטה, און וואס איז שייך ארענדאטארס פון פארמס, טו געפינט איהר אין די פערצען שטאטען פון די סאוטה, פון דעלאווער ביז לואיזיאנא, אריינרעכענענדיק די צענטראלע שטאטען פון די סאוטה — וועסט ווירדזשיניא, קענטאקי, טענעסי און ארקאנסא, קנאפע 3,000 איינגעוואנדערטע ארענדאטארס, בעת די צאל שווארצע איז מער ווי 600,000. די גאנצע צאל איינגעוואנדערטע ארענדאטארס פון אלע נאציאנאליטעטען אין די פאראייניקטע שטאטען האט באטראפען קנאפע 120,000,

בעת די גאַנצע צאָל פאַרמערס מכל המינים האָט באַטראָפען מער ווי 6,000,000. דערפון קענט איהר שוין זעהען, אז מסתמא איז עס ניט אזא גרינגע זאַך, אפילו פאַר יענע פעלקער וואָס זייערע אי־מיגראַנטען באַשטעהען דאָס רוב פון פויערים, צו באַזעצען זיך דאָ אויף אַ פאַרם.

אין ניו - אינגלאַנד איז די צאָל איינגעוואַנדערטע אַרענדאַטאָרס אויך זעהר קליין, סך הכל 2,500. דאַרטען איז דער ווערט פון מאַשינערי און בהמות אונטער דעם דורכשניט פאַר די פאַראייניקטע שטאַטען.

דאָס זיינען אָבער די שטאַטען, וואו די פאַרמעריי האַלט אין פאַלען. אין מעין ווערט היינט געאַקערט מיט אַ דריטעל ווייניקער לאַנד ווי מיט דרייסיק יאָהר צוריק, און אין ניו־העמפּשיר פּוסטע־וועט איצטער 60 פּראָצ. פון די לאַנד וואָס מען האָט געאַקערט מיט דרייסיק יאָהר צוריק.

שיקען אימיגראַנטען אויף אַזעלכע פאַרמס, וואָס האָבען ניט געטראָגען גענוג פאַר זייערע אַמעריקאַנער בעלי־בתים, וואָלט מען געקענט נאָר דעמאָלט ווען די אימיגראַנטען זאָלען זיין געניטערע פאַרמערס ווי די יענקים, אָדער וואָלטען געהאַט מעהר געלט צו פאַרבעסערען די פאַרמס. די שטאַטען, וואו עס געפינט זיך די גרעסטע צאָל איינגעוואַנדערטע אַרענדאַטאָרס, זיינען די פאָלגענ־דע:

| | |
|---|---|
| אייאָווא | 14,000 |
| אילינאָי | 13,000 |
| טעקסאַס | 12,000 |
| מינעסאָטא | 11,000 |

לאָמיר אַ קוק טאָן, וואָס באַטרעפען די מאַשינערי און די בהמות אין יענע שטאַטען.

די מאַשינערי פון אַ דורכשניטלאַכער פאַרם איז ווערט אין אי־לינאָי און אין מינעסאָטא, אַרום $300, אין אייאָווא איבער $400; בהמות אין אילינאָי איבער $1,200, אין מינעסאָטאַ מער ווי $1,000 און אין אייאָווא איבער $1,800. צוזאַמען אַלזאָ, דאַרף מען אריינ־לעגען אין אַ געדונגענע פאַרם פון $1,300 ביז $2,200 אין איינעם פון יענע דריי שטאַטען. אין טעקסעס קען מען אויסקומען מיט אַ סך ווייניקער געלט — אַרום $900.

ווען איהר וועט נעמען די פארמס וואס פארנעמען פון 20 ביז 50 אקער, באטרעפט זייער מאשינערי צוזאמען מיט די בהמות $346, נידעריקער קען מען שוין ניט געהן. דערצו אבער דארף מען האבען אויף הוצאות איבערצוקומען דעם זומער. אלזא, דרעהט ווי איהר ווילט, מען דארף האבען א פאר דאלאר צו ווערען א פארמער, אפילו ווען מען זאל שוין קריגען א היבשען טייל פון דער מאשינערי און די בהמות אויף אויסצאלונג.

עס איז אן אלגעמיין אנגענומענער כלל פון פאליטישער עקאנאמיע אז אין דער ענטוויקלונג פון לאנדווירטשאפטליכע געגענדען מוז קומען א פונקט, ווען א ווייטערער וואוקס פון דער באפעלקערונג וואס פארנעמט זיך מיט לאנד־ארבייט איז מעגלאך נאר דערמאלט, אויב מען בייט איבער דעם גאנצען סיסטעם פון דער פארמעריי אויף אן אינטענסיווערען, ווי מען רופט עס אויף דעם וויסענשאפטליכען לשון, דאס הייסט ווען מען פארזעעט די ערד מיט אזעלכע פלאנצען, וואס פאדערען מער ארבייט און ברענגען אויך דערפאר מער פראדוקטען. די פאראייניקטע שטאטען האבען שוין דערגרייכט דעם פונקט. די רעגירונגס־לענדער זיינען שוין אלע צוטיילט געווארען, חוץ אזעלכע, וואס פאדערען קינסטלאכע באוואסערונג (איריגאציע), — אבער יענע לענדער קאסטען אזוי פיל, אז מען דארף זיין א שטיקעל קאפיטאליסט אום צו זיי צוצוקומען. דורכשניטלאך איז דער פרייז פון פארמערשער לאנד אין די פאראייניקטע שטאטען פארדאפעלט געווארען פון 1900 ביז 1910. די פארמערס אין די וועסט פארקויפען זייערע פארמס און עמיגרירען אין וועסט קענעדע, וואו זיי קריגען רעגירונגס־לענדער כמעט אומזיסט. אין 1910 האבען פון די פאראייניקטע שטאטען עמיגרירט 15,000 פארמערשע פאמיליעס, יעדערע פון זיי האט מיטגעבראכט אהין דורכשניטלאך 4,000 דאלאר.

ווען אמעריקאנער פארמערס, וואס פארמאגען אזוי פיל, וואנדערען ארויס פון די פאראייניקטע שטאטען, מוז דאך זיין קלאר, אז פאר אן איינגעוואנדערטען ארבייטער, אפילו ווען ער האט דא אפגעארבייט א צייט און אפגעשפארט אביסעל געלט, איז די פארמעריי ניט קיין געשעפט. ווער רעדט שוין פון גרינע אימיגראנטען.

## 5.

## די פארדינסטען פון פארמעריי.

**איצטער לאמיר זעהען, וואס פארדינט א פארמער דורכ־שניטלאך.**

דר. גאלדענווייזער האט אויסגערעכענט אויף דעם גרונט פון די רעזולטאטען פון דער לעצטער פאלקס־צעהלונג און אנדערע סטאטיסטישע קוועלען, אז דער **דורכשניטלאכער** פארמער, ארבייטענדיק מיט זיין גאנצער פאמיליע, פארדינט $724 א יאהר, דאס מאכט אוים כמעט $14 א וואך. אין דעריין זיינען שוין אריינגערעכענט די פראדוקטען פון דער פארם, וואס ער פארצערט אליין, און די רענט וואס ער וואלט געקראגען פאר זיין הויז, ווען ער וואלט זי פארדינגען, אדער וואס ער וואלט געדארפט צאלען. ווען ער וואלט זי געדארפט דינגען. דערפון אבער געהט ארונטער 5% צינזען אויף דעם קאפיטאל וואס ליגט אין דער פארם, בלייבט סך הכל $402 א יאהר, אדער ווייניגער ווי $8 א וואך פאר די פראצע פון דער גאנצער פאמיליע. אמת, די פראדוקטען פון דעם פארם וואס דער פארמער מיט זיין פאמיליע. פארצערן אליין, זיינען אפגעשאצט געווארען צו א נידעריקען פרייז. מיר קענען זיך אבער באנוצען מיט אנאנדער חשבון פון דעמזעלבען שרייבער. ער האט אויסגערעכענט, אז דער פארמער מאכט פון זיין פארם, חוץ טיש און קוואטיר, $303 א יאהר אין מזומנ'ע געלט. היינט, ציהט אראפ די $322 צינזען. אויף דעם קאפיטאל וואס ליגט אין דער פארם, הייסט דאס, אז דער דורכשניטלאכער פארמער פארדינט מיט זיין ארבייט און מיט דער ארבייט פון זיינע קינדער קאם — קאם אויף טיש און קוואטיר. די מזומנ'ע געלט וואס די פארם ברינגט איהם חוץ דעם, איז נים מעהר ווי דער פראצענט פון זיין קאפיטאל.

מיט אנדערע ווערטער, די ארבייט פון דעם **דורכשניט־לאכען** פארמער טראגט נים אויף קליידער און אנדערע הוצאות.

געוועהנטלאך, דאס איז דער „דורכשניטלאכער" פארמער. אין דעם חשבון זיינען אריין אי גרויסע פארמערס, אי קליינע, אי אזוי־

נע וואָס האָבען אייגענע פאַרמס, אַי ארענדאַטאָרר א. א. וו. די באַדייטונג פון דעם דורכשניט באַשטעהט אָבער אין דעריי  וואָס ער שטעלט מיט זיך פאָר דעם מיטלפּונקט. עס זיינען פאַראַן פאַרמערס, וואָס זייערע פאַרדינסטען זיינען אַ סך העכער, דער־פאַר אָבער מוזען זיין אַ סך אַזוינע, וואָס פאַרדינען אפילו דאָס אויך ניט. ווי עס לעבען די אָרעמע פאַרמערס, וואָס פאַלען מסתמא אונטער דעם דורכשניט, האָבען באַשריבען ראָבערט ברוער און זיין פרוי אין דעם זשורנאַל „אויטלוק“.

זיי האָבען באַזוכט די קעטסקיל־בערג אין דעם שטאַט ניו־יאָרק. די פאַרמערס ארבייטען נאָך אויף דעמזעלבען אופן ווי זייערע טאַטעס און זיידעס האָבען געאַרבייט. ווער רעדט פון היינטיקער מאַשינערי? זיי האָבען דאָרטען געטראָפען אַ פאַרמערס אַ ווייב, וואָס איז קיינמאָל אין איהר לעבען ניט געפאָרען אויף אַן אייזענ־באַן. און מיינט ניט, אַז עס איז ערגעץ גאָר אַן אָבגעלעגענער ווינ־קעל — די אייזענבאַן איז נאָר פופצען מייל פון יענעם געגענד. די פאַרם, וואו די אַלטע פאָר פאַלק האָבען געלעבט, איז געווען ניט ווייט פון דער שטעטל קינגסטאָן. נו, זיינען די פאָר פאַלק דעם לעצ־טען מאָל געפאָרען קיין קינגסטאָן אויך מיט 20 יאָהר צוריק.

די פאַרמערס פון דעם געגענד זיינען זעהר קאָנסערוואַטיוו אין זייער גאַנצען פירונג. אין יענעם געגענד קען מען אויפהאַלטען בהמות, אָבער די קיה זיינען קליין און גיבען ווייניק מילך. עס קומט די פאַרמערס גאָר ניט אין זינען, אַז עס איז מעגלאָך איינצופירען בעסערע סאָרטען בהמות. רעדט מיט זיי, ענטפערען זיי, אַז די קיה וואָס האָבען געטויגט פאַר זייערע טאַטעס, טויגען פאַר זיי אויך. חוץ דעם, זאָגען זיי, באַצאָלט זיך ניט צו פּראָדוצירען פיל פּוטער,

עס וואַקסען דאָרטען אַלערליי פרוכטען, אָבער די פאַרמערס זאָגען, אַז עס לוינט זיך ניט צו פאַרנעהמען זיך מיט גערטנעריי דאָס איז די פעסטונג פון דעם אמת'ן „אַמעריקאַניזם“, — די זיידעס און עלטער־זיידעס פון דעם היינטיקען דור זיינען דאָרטען געבאָרען געוואָרען.

און אַט האָט איהר אַ בילד פון ווירדזשיניאַ, פון די בלויע בערג (בלו רידזש). קיין אימיגראַנטען זיינען אין יענעם מזל־ברכה׳־דיקען געגענד ניטאָ. די אַלע פאַרמערס זיינען מזרח אַמעריקאַנער, דורות מיט דורות צוריק. איהר פאַרט דאָרטען שטונדען־לאַנג איידער איהר טרעפט אָן אַ הויז. אַ טיפּישע הויז אין יענעם געגענד איז אַ הילצערנע כאַטקע מיט איין טיר און צוויי פענסטער. אין אַזאַ כאַטקע וואוינט אַ גאַנצע פאַמיליע פון צען־צוועלף נפשות. דער דלות איז דאָרטען ערגער ווי אין די ערגסטע טענעמענט־הייזער. די מענער טראָגען הויזען, אַ העמד און אַ הוט, די ווייבער אַ „סאַנ־באָנעט" (אַ הויב) און אַ קאַלענקאָרענעם ראָפּער — מער ניט. קיין וועש טראָגט דאָרטען קיינער ניט. אין איין סקול, וואָס איז געגרינ־דעט געוואָרען ביי אַ טשווירטש (קלויסטער), האָבען פילאַנטראָפּי־שע לייט צוגעשיקט וועש פאַר די קינדער. ווען זיי זיינען געקומען אַ היים אין די וועש, האָבען זיך זייערע מאַמעס שטאַרק געוואונ־דערט: „צו וואָס איז דאָס? אויף וואָס טראָגט מען דאָס? וואָס, מען טראָגט דאָס אַלע טאָג?" — זיי האָבען געקענט פאַרשטעהן אַז מען טראָגט שיך, ווען מען האָט געלט זיי צו קויפען, — געוועהנלאַך גע־העט זיי אַלע באָרוועס, — אָבער צו וואָס דאַרף מען נאָך זאָקען?

די אימיגראַנטען — קלאָגט מען — דריקען אַרונטער דעם אַמע־ריקאַנער סטענדאַרד אָף ליווינג. דער „אַמעריקאַנער סטענדאַרד אָף ליווינג"! וועט איהר געפינען אין דעם איטאַליענישען קוואַר־טאַל פון ניו־יאָרק אַ פרוי זאָל געהן אָנגעטאָן אין איין ראָפּער אויפ׳ן הוילען לייב און זאָל אַרומגעהן באָרוועס?

די אַמעריקאַנער זיינען זעהר שטאָלץ אויף זייער ריינלאַכקייט: „קלענלינעס איז נעקסט טו גאָדלינעס" (ריינקייט איז כמעט אַזוי גוט ווי פרומקייט). פון יענעם געגענד אָבער רעפּאָרטירט אַ סאָשאַל וואָירקער צו דעם אַרטשדיקאָן פון דער טשווירטש וואָס האָט איהר אַהין געשיקט, אַז זי לערנט די קינדער, זיי זאָלען זיך וואַשען מיט זייף און קאַלטע וואַסער אפילו ווען דער וועטער איז קאַלט, — הפנים זיי קומען צו איהר ניט געוואַשען.

איהר קענט דערפון פאַרשטעהן, ווי אָרעם זיי זיינען. מיט זייער פאַרמערייַ אַליין קענען זיי ניט אויסקומען, זיי מוזען זיך דינגען אַרבייטען, ווען עס מאַכט זיך. קיין אינדוסטרי איז אַרום ניטאָ. זומער צייט קען מען קריגען אַרבייט אויף די גרעסערע

פאַרמס אין דעם דאָרף, אַמאָל טרעפט זיך אַרבייט ביי דער אייזענבאַן. דעמאָלט קריגען זיי באַצאָלט פון פופציק סענט ביז אַ דאָלאַר מיט אַ פערטל אַ טאָג. פילע געהען אַוועק אַרבייטען אין די קאַטאָן־פעקטאָרים.

וואָס איז שייך געזונט, איז, ווי עס שיינט, די פרישע לופט פון די בערג נאָך גאָר קיין סגולה ניט: די יונגע לייט זעהען דאָרט אויס אַלט און די אַלטע האָבען אַ פּנים פון מתים.

דער איינציקער מיטעל פאַר די מערסטע פון זיי צו פאַרבעסערען זייער לאַגע איז צו פאַרלאָזען זייערע פאַרמס אין די בערג און זוכען אַרבייט אין די פאַבריקען, — אַזוי מיינען די שרייבערס, וואָס האָבען בעקאַנט געמאַכט די אַלע פאַקטען. אַלזאָ עס זיינען דאָרטען פאַראַן זעהר ווייניק סקולס, פילע קינדער געהען גאָר ניט אין סקול, פון די דערוואַקסענע זיינען אַ היבשער טייל ניעגראַמאָטנע, גאָר ווי אין רוסלאַנד.

דער אידעאַל פאַר דעם פאַרמער פון ווירדזשיניא איז צו געהן אַרבייטען אין די קאַטאָן־פעקטאָרים. דער אימיגראַנט וואָס קומט קייט לאָרענס, מאַסאַטשוסעטס, הויבט באַלד אָן פון דעם אידעאַל.

6.

## דער אונטערגאַנג פון דעם קליינעם פאַרמער.

די אונטערזוכונג פון פּרעזידענט ווילסאָן׳ס אינדאַסטריאל קאָמישאַן אין די סויטעס־וועסט האָט אויפגעדעקט, וואָס ביז אַהער האָט די וועלט וועגען דעם געהאַט זעהר אַ קנאַפּע ידיעה, — דאָס איז דער לאַנגזאַמער אונטערגאַנג פון דעם קליינעם פאַרמער. און דאָס איז אַ פאַקט פון דער גרעסטער וויכטיקייט, וואָס יעדער איינער, וועלכער וויל פאַרשטעהן דעם גאַנג פון דער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג פון אַמעריקע מוז וועגען איהם זיין קלאָר.

די פאַרמערס זיינען גאָר ניט איין איינציקער קלאַס. עס זיינען צווישען זיי אויך פאַראַן פאַרשידענע קלאַסען, נאָר דער אונטערשיד צווישען זיי איז גאָר אַנאַנדערער, ווי צווישען פאַבריקאַנטען און פאַבריק־אַרבייטער. ער איז מער ענגלאָך

צו דעם אונטערשיד צווישען פארשידענע קלאסען רוסישע פויע־רים. א גאנץ אינטערעסאנטער ארטיקעל וועגען דעם איז ערשי־נען אין דער „אינטערנעשאנאל סאשעליסט רעוויו“ פאר דעם מאנאט יאנואר 1916. דער שרייבער פארנעמט זיך דארטען נאר מיט די פארמערס פון אקלאהאמא און טעקסעס, וואו מער ווי א העלפט פון זיי זיינען ארענדאטארס, אדער „טענאנטס“, ווי מען רופט זיי אויף ענגליש. די ארענדאטארס קענען אייגעטיילט ווערען אין צוויי קלאסען: די וואס האבען זייערע אייגענע פערד און מא־שינערי און די, וואס האבען נאר זייערע אייגענע הענט. דער ערסטער קלאס איז דער גרעסערער, אבער די צאל אזוינע טענאנטס ווערט רק קלענער. פארקערט, די צאל „רענטערס“, וואס האבען נאר זייערע אייגענע הענט און דינגען די פארמס צוזאמען מיט די פערד און מאשינערי, האלט אין וואקסען.

צווישען די, וואס האבען אייגענע פארמס, טראגען א צאל א שווערע משא פון חובות. ווען זיי קענען ניט מאכען זייערע צאלונגען אין צייט, ווערען זייערע פארמס פארקויפט פער אוק־ציאן און זיי זינקען ארונטער אין דעם קלאס פון „טענאנטס“. אין אקלאהאמא האבען כמעט א העלפט פון אלע אייגענטימער חובות אויף זייערע פארמס; אין טעקסעס — אן ערך א דריטעל. מיט אנדערע ווערטער, זיינען אין אקלאהמא נאר א פערטל און אין טעקסאס א דריטעל פון דער גאנצער צאל פארמערס אמת׳ע בעלי־בתים איבער זייערע פארמס. די איבעריקע זיינען אייגעטיילט אין דריי קלאסען: די וואס האבען חובות צו צאלען, די וואס דינגען די לאנד, אבער האבען אייגענע בהמות און מאשינערי, און די רענ־טערס, וואס האבען נאר זייערע הענט. דער לעצטער קלאס זיינען אייגענטלאך ניט מער ווי געדונגענע ארבייטער, אבער זיי קריגען ניט קיין באשטימטע שכירות, זיי קריגען באצאלט מיט א טייל פון דער הכנסה פון דער פארם, דאס הייסט, זיי נעמען אויף זיך דעם ריסק, אויב דער יאהר איז א שלעכטער.

דער ארענדאטאר, וואס האט זיינע אייגענע פערד און מא־שינערי, מוז אפגעבען דעם לענדלארד א דריטעל פון דעם, וואס ער האט געשניטען פון פעלד; א „רענטער“ — א העלפט. אין דער לעצטער צייט פאדערען פילע לענדלארדס באזונדערע רענט פאר די הויז, פאר דאס רעכט צו פיטערן די בהמות אויף׳ן פעלד און דער־

גלייכען. ווען דער רענטער איז שוין פטור מיט'ן לענדלארד, פאלט
ער אריין אין די הענט פון דעם קרעמער. — פאקטיש מוז ער פאר־
קויפען זיינע פראדוקטען דעם קרעמער צו נידעריקע פרייזען, און
ער מוז אלצדינג איינקויפען ביי דעמזעלביקען קרעמער צו הויכע
פרייזען. א סך פון די לענדלארדס האלטען אליין קראמען, ווייל
עס באצאלט זיך אויסגעצייכענט.

דער רענטער זיצט זעלטען אויף איין פארם מער ווי א יאהר.
דעם ערסטען מארט הויבען די רענטערס אן צו וואנדערען פון איין
פארם אויף די אנדערע, זוכענדיק וואו איז בעסער, אבער עס איז
אומעטום די זעלביקע צרה.

די הויז, וואס ער קריגט, באשטעהט פון א קיך און א „פראנט־
רום". די קאמערען זיינען ניט געקאלכט און ניט געמאלט, געווענ־
לאך זיינען די ווענט אויסגעקלעפט מיט צייטונגען. אין „פראנט־
רום" שטעהען א פאר בעטען פאר די גאנצע פאמיליע, א „דרעסער".
דאס הייסט, א קאמאד מיט א שפיגעל, און עטלאכע אלטע שטולען.
אין קיך שטעהט א פראסטער ווייסער טיש, אן אויווען און אן אל־
מער פאר געשיר. דאס איז אלעס. דער עסען פון דעם רענטער
באשטעהט פון ברויט, בעבלאך (בינז), געזאלצענע חזיר־פלייש און
גרינס פון זיין אייגענעם גארטען. אויף קיין בעסערס קלעקט ניט.

די עדות וואס די אינדאסטריאל קאמישאן האט פארהערט זיי־
נען בשום אופן ניט קיין אויסנאמען. אין טעקסעס זיינען פאראן אן
ערך 200,000 אזעלכע ארענדאטארס. דאס מאכט אוים מער ווי א
העלפט פון דער גאנצער צאל פארמס. ווידער איז דער שטאט טעק־
סעס אויך ניט קיין אויסנאם. אין די פאראייניקטע שטאטען זיינען
פאראן נאהענט פון 2,500,000 ארענדאטארם, דאס הייסט דריי אכ־
טעל (37 פראצענט) פון דער גאנצער צאל פארמערס. שוין ניט רע־
דענדיק פון די סאוט, וואו די מערצאל פון די פארמס ווערען פאר־
דונגען צו טענאנטס, געפינט איהר די זעלביקע לאגע אין אזא נייעם
שטאט ווי אקלאהאמא, וואו מער ווי א העלפט (55 פראצענט) פון
אלע פארמס ווערען באארבייט פון טענאנטס. און מערקט אייך, די
טענאנטס זיינען ניט קיין אימיגראנטען, — פון דער גאנצער צאל
טענאנטס אין די פאראייניקטע שטאטען זיינען סך הכל 5 פראצענט
אימיגראנטען, צוויי דריטעל זיינען היגע געבארענע ווייסע, און די
איבעריקע זיינען שווארצע אדער נעלע. ווידער פון די היגע געבא־

רענע ווייסע פארמערס זיינען א גאנצע דריטעל טענאנטס.

אין טעקסעס איז דער פראצענט טענאנטס צווישען די היגע געבארענע פארמערס נאך העכער — א גאנצע העלפט. מער ווי 150,000 פאמיליעס.

עס זיינען פאראן פארמערשע קאונטיס אין טעקסעס, וואו מער ווי א העלפט פון די קינדער פון זעקס ביז פערצען יאהר ביי אמעריקאנער עלטערען געהען ניט אין סקוהל. ביי דער לעצטער פאלקס־צעלונג (פון 1910) האבען זיך אין טעקסעס געפונען איבער 30,000 היגע געבארענע ווייסע וואוטערס וואס האבען ניט געקאנט לעזען און שרייבען.

די קאמישאן האט פארהערט א היבשע צאל עדות פון אלערליי קלאסען וואס זיינען פראקטיש באקאנט מיט דער פארמעריי. דעם טיפסטען איינדרוק האט געמאכט אן ארענדאטאר, אן אמעריקאנער פון יענע אמעריקאנער וואס זיינען מדור דורות געווען פארמערס.

דער עדות איז געווען א פארמער אין דעם שטאט טעקסעס, וואו א דריטעל פון די לאנד איז נאך גאר ניט פארנומען און דריי פערטעל פון די לאנד וואס געהערט צו די פארמערס איז נאך קיינמאל ניט געאקערט געווארען. אן אקער ערד אין טעקסעס, לויט דער לעצטער פאלקס־צעהלונג, איז ווערט געווען דורכשניטלאך פון 14 ביז 15 דאלאר, דאס מאכט אוים ווייניקער ווי א העלפט פון דעם דורכשניטלאכען פרייז אין שטאט ניו־יארק אדער אין קאנעטיקוט, ווייניקער ווי א דריטעל פון דעם פרייז אין ניו־דזשוירזי, און ווער רעדט שוין פון אזא שטאט ווי אילינאי, וואו דער פרייז איז כמעט זיבען מאל אזוי הויך ווי אין טעקסעס.

און אט אין דעם געבענטשטען שטאט וואהנט אונדזער פריינט לו סטוארט מיט זיין ווייב און זעקס קינדער זאלען לעבען, אויף א פארם. זיי זיינען אלע געקומען צום פארהער, עס איז געווען א קאלטער און א ווינדיקער טאג, וואסער איז געפרארען, אבער די דריי קליינע קינדערלאך זיינען געקומען בארוועסע, — זיי זיינען שוין צוגעוועהנט, ווארים דעם גאנצען ווינטער זיינען זיי געגאנגען אהן שיך.

לו סטוארט איז שוין א בעל־הבית גאנצע דרייסיק יאהר, אין דער צייט האט ער שוין איבערגעביטען צוואנציק פארמס, אבער

אומעטום האָט ער קאָם געמאַכט אַ לעבען. זיין שוועער איז געווען דער גרעסטער פאַרמער אין זיין קאונטי, אין דעם סטייט ארקאַנסאָ, אין נדן האָט די טאָכטער געקראָגען קליידער, בעטגעוואַנט און אַ קוה מיט אַ קאַלב. קיין געלט האָבען די יונגע פּאָר פּאָלק ניט געהאַט, האָבען זיי געקויפט אַביסעל מעבעל אויף קרעדיט. דערמיט האָבען זיי אָנגעהויבען זייער באַלעבאַטישקייט. אין דער צייט פון די דרייסיק יאָהר וואָס מיסיס סטוארט איז פארהייראַט האָט זי זיך געקויפט צוויי נייע היט. ביז פאַר אַ יאָהרען האָבען די קינדער אימער געהאַט שיך, אָבער פאַר די לעצטע צוויי ווינטערס האָט אויף דאַרויף אויך ניט געקלעקט. דער מאַן האָט מיט פינף יאָהר צוריק געקויפט פאַר זיך אַ ראָק מיט אַ פּאָר הויזען פאַר צען דאָלאַר. — איהר קענט זיך פאַרשטעלען, וואָס מען קען קריגען אין טעקסעס פאַר אַזוינע געלט, — זינט יענער צייט האָט ער זיך קיין קליידער ניט געקויפט. אין אַמאָליקע יאָהרען, ווען זיי האָבען געוואוינט אין אַרקאַנסאָ, פלעגט די ווייב פאַר איהם אויך נעהען אַלע בגדים. חוץ דער אַרבייט אין הויז העלפט זי אויך אין פעלד יעדען זומער. עס איז אַ שווערע אַרבייט פאַר אַ פרוי צו שלעפּען זעק מיט קאַטען, אָבער זי מוז עס טאָן. זומער צייט שטעהען זיי אויף פאַר טאָג, פיר אַ זייגער אין דער פריה, עסען אָפּ און דערנאָך געהן זיי אַלע אין פעלד צו דער אַרבייט. עלף אַ זייגער געהט די ווייב אַ היים קאָכען אָנבייסען, נאָכ'ן אָנבייסען אַרבייט מען ווייטער, נאַטירליך.

אין שול געהען די קינדער זעהר וועניק, וואָרים עס איז צו ווייט און עס איז שווער פאַר זיי צו שלעפּען זיך איבער דער שוואַרצער בלאָטע.

און אַט פאַר דער אַרבייט פון מאַן און ווייב האָבען זיי אַ הויז פון דריי קאַמערען פאַר אַכט פאַרשוין און זיי קענען קאָם דעקען זייערע הוצאות.

פאַרשטעהט זיך, זיי קויפען אַלצדינג אויף באָרג ביי דעם קרעמער, זעהר אָפט איז דער קרעמער אויך דער לענדלאָרד פון דער פאַרם, און געוועהנליך פאַרשרייבט ער זיך אין בוך וויפיל ער וויל, צוויי מאָל די זעלבע זאַך.

דער עדות האָט דערצעהלט ווי די לענדלאָרדס האָבען פון איהם געשונדען די הויט, — באַדינגען זיך מיט אַ טענאַנט אויף געוויסע

תנאים און דערנאך נים האלטען דעם אפמאך, איז ביי די לענד־לארדס גאר ניט קיין זעלטענע זאך. דער פארזיצענדער פון דער אינדאסטריאל קאמישאן האט ביי איהם געפרעגט, פאר וואס ער האט ניט אנגעגעבען אין קארט (אין סוד). — „איך בין געוועזן א פרעמדער מענטש, — איך האב ניט געהאט קיין געלט צו נעמען אן אדוואקאט“, האט ער געענטפערט, „און צוקוקענדיק זיך ווי די קארטס פירען זיך, האב איך פארשטאנען אז אן ארעמאן האט דארטען קיין האפנונג ניט“.

דער עדות איז ניט געווען דער איינציקער. אנדערע רענטערס האבען דערצעהלט, אז זומער־צייט, ווען די ארבייט ברענט אין די פעלדער, מוזען זיי אויסקומען אהן געקאכטע עסען, ווארים די ווייב האט קיין צייט ניט אוועקצוגעהן פון פעלד און אויסצו־קאכען ווארעמעס: די גאנצע פאמיליע, מאן, ווייב און קינדער מוזען ארבייטען, כדי ווי עס איז צו מאכען א לעבען. עס איז גאר קיין וואונדער ניט אז קינדער שטארבען דארטען ווי פליגען.

ווען דער פארזיצענדער פון דער אינדאסטריאל קאמישאן האט אויסגעהערט וואס די עדות האבען דערצעהלט וועגען זייערע צרות, האט ער זיך עפענטלאך אויסגעדריקט, אז „די לאגע אין טעקסעס איז צוויי מאל ערגער איידער אויף דער ניו־יארקער איסט סייד“.

דאס איז דער בעסטער ענטפער פארוואס די אידען פון דער ניו־יארקער איסט סייד האבען קיין חשק ניט צו ווערען פארמערס.

## 7.

## דער געדונגענער פארם-ארבייטער.

דאס רוב אימיגראנטען, אויב זיי זאלען וועלען געהן ארביי־טען אויף די פארמס, וואלטען זיך געדארפט דינגען פאר רענטערס אדער ארבייטער, — די וואס האבען מיטלען צו ווערען אמת'ע פאר־מערם פאר זיך זיינען אויסנאמען.

אין א לעקציע וואס דער אסיסטאנט סעקרעטער און אגריקאל־טשור, לואיס פאסט, האט געהאלטען אין ניו־יארק, האט ער געזאגט: אז די ארבייטער האבען קיין חשק ניט צו געהן ארבייטען אויף די פארמס. ווארים זיי קריגען דארטען די ערגסטע באהאנדלונג.

דאס איז די ווירקונג פון דער איינפירונג פון מאשינערי אין דער פארמעריי, וואס האט געפירט צו א פארמינדערונג פון דעם באדארף אויף פארם־ארבייטער.

ווייטער דארף מען נעמען אין באטראכט, וואס מיר האבען שוין פריהער געזעהען, אז מיט א יאהר זיבעציק צוריק האט די אמעריקאנער פארם פארבונדען אין זיך די פראדוקציאן פון רויה־מאטעריאל מיט אלערליי אינדוסטריען.

טוענדיק אלערליי סארטען ארבייט, האט דער פארמער געקענט געפינען ארבייט פאר א געדונגענעם מענטשען א גאנץ יאהר. אבער די ענטוויקלונג פון דער פאבריק־אינדוסטרי האט אפגעזונדערט די אלע ארבייטען פון דער פארמעריי. היינט צו טאג איז פאראן ארבייט פאר א געדונגענעם מענטשען סך הכל עטלאכע מאנאט אין יאהר.

די פארמעריי איז געווארען א סעזאן אינדוסטרי, א סך ערגער ווי די שניידעריי.

אזוי ווי דער פארלאנג אויף ארבייטער איז קליין, איז דער ארבייטס־לוין אויך קליין. עס איז אפיציעל באוויזען געווארען מיט סטאטיסטישע ציפערען, אז לאנד־ארבייט ווערט ערגער באצאלט ווי אלע וויכטיקסטע באשעפטיקונגען.

פון דר. גאלדענווייזער׳ס ארטיקל קען מען אויסרעכענען דעם דורכשניטלאכען פארדינסט פון די 2,637,000 געדונגענע פארם־ארבייטער, וואס זיינען פארצייכענט געווארען ביי דער פאלקס־צעהלונג אין 1910 : עס האט אויסגעמאכט $250 א יאהר פאר יעדען איינעם. פארשטעהט זיך, עס זיינען געוועזען אזעלכע וואס האבען פארדינט מער, דערפאר אבער האבען געמוזט זיין אנדערע, וואס האבען דאס אויך ניט פארדינט.

לאמיר פארגלייכען די פארדינסטען פון געדונגענע פארם־ארבייטער מיט פארדינסטען פון אינדוסטריעלע לוין־ארבייטער. ווען איהר וועט צוטיילען די גאנצע סומע, וואס איז אויסגעצאהלט געווארען צו די פאבריק ארבייטער אין אלע אמעריקאנער פאבריקען, לויט דער פאלקס־צעהלונג פון 1910, אויף די ג ר ע ס ט ע צאהל ארבייטער וואס זיינען געוועזען באשעפטיגט דורך דעם יאהר אין יעדער אינדוסטרי, וועט אויסקומען אויף דעם דורכשניטלאכען אר־

בייטער $473 א יאהר, דאס הייסט כמעט דאפעלט אזוי פיעל ווי אויף די פארמס. איהר קומט צו דעם זעלבען שלום, ווען איהר פארגלייכט די ציפערן פאר איינצעלנע שטאטען.

פארגלייכט די ציפערען פאר איינצעלנע שאטען*)

אין דער לעצטער צייט האט מען זעהר פיל גערעדט און גע־שריבען וועגען די אונמענשלאך־לאנגע ארבייטס־שטונדען אין די שטאל־פאבריקען פון פענסילוויניא. נו, איז אויף די פארמס דער ארבייטס־טאג נאך לענגער. אין די נארטה־וועסט און אין די סיוטה שטעלט מען זיך צו דער ארבייט ווען די זון געהט אויף, און מען געהט אוועק ווען די זון געהט אונטער. אן עקספערט פון מערילענד, זאגענדיג עדות פאר פרעזידענט מאקקינלי'ס אינדאס־טריאל קאמישאן, האט דערצעלט, אז ער האט אמאל געהערט א רעדנער זאגען, אז די פארמערס האבען געלייזט די אכט־שטונדען פראגע: זיי ארבייטען אכט שטונדען פאר אנבייסען און אכט שטונ־דען נאך אנבייסען. נאטירליך זיינען די שטונדען אזוי לאנג נאר אין דער צייט, ווען מען שניידט אויף די פעלדער, א גאנץ יאהר ארבייט מען סך־הכל צען שטונדען, אבער די מערסטע פארם־אר־

---

*) קענסאס איז א טיפישער פארמערשער שטאט. לויט אן אונטער־זוכונג וואס איז געמאכט געווארען פון דער קענזאס ביורא און לעי־באר, אין 1900, האט א פארם־ארבייטער פארדינט דורכשניטלאך 296 דאלאר א יאהר. שוין אריינרעכענענדיק דעם ווערט פון די קעסט וואס ער האט געקראגען פון דעם פארמער. פראסטע ארבייטער האבען פארדיענט ביי בויען הייזער מיט $27 מערער, ביי די אייזענבאנען מיט 39 דא־לאר מערער, און די קוילען־גרובען מיט 61 דאלאר מערער, איידער די ארבייטער אויף די פארמס. דערצו האט א קוילען־גרעבער גערוהט מיט 62 טעג מערער אין יאר און האט געארבייט מיט דריי שטונדען ווע־ניקער א טאג, ווי דער ארבייטער אויף א פארם.

לאמיר מאכען א שפרונג אין קאליפארניא, וואס איז זיכער ניט איבערפילט מיט גרינע אימיגראנטען. לויט א סטאטיסטישער אונטערזו־כונג וואס איז דארטען געמאכט געווארען אין 1905, האבען סך־הכל 2 פראצענט פון אלע ווייסע ארבייטער אויף די פארמס געקראגען מער ווי 12 דאלאר א וואך, און אויף די אייזענבאנען — דריי־פערטעל פון דער גאנצער צאל.

**בייטער האָבען ניט דעם מזל צו אַרבייטען צען שטונדען, ווייל באַלד ווי מען איז פאַרטיק מיט'ן שניידען, זאָגט מען זיי אָפּ.**

אין אַמאָליקע צייטען, ביז מיט אַ יאָהר זעכציק צוריק, האָבען נאָך די מערסטע אַמעריקאַנער פאַבריקען געאַרבייט מיט וואַסערקראַפט, דערפון שטאַמט דער ענגלישער נאָמען „מיל" פאַר אַ פאַבריק. וואו עס איז געווען וואַסער, פלעגט מען בויען קליינע פאַבריקען. ווען עס האָט אויסגעפעלט אַרבייט אויף די פאַרמס, האָט אַן אַרבייטער געקענט געפינען וואָס צו טאָן אין די אַרומיקע שטעטלאַך. מיט דער צייט אָבער האָט סטים (פּאַרע) אומעטום פאַרדרענגט די וואַסער קראַפט. דאָס האָט געגעבען די מעגלאַכקייט צו גרינדען פאַבריקען אומעטום, דער רעזולטאַט איז געווען וואָס די פאַבריקען האָבען זיך איבערגעקליבען אין די גרויסע שטעט. אַן אַרבייטער האָט מער קיין מעגלאַכקייט ניט צו פאַרדינען אַ גאַנץ יאָהר אויף אַ לעבען אין אַ פאַרמערשער געגענד, און דעריבער האָבען די פאַרם־אַרבייטער אויך געמוזט אַריבערקלייבען זיך אין די גרויסע שטעט.

די אונטערסטע שורה פון דעם אַלעם איז, אַז אויב דער אימיגראַנט זאָל וועלען אַרבייטען אויף אַ פאַרם, דאַרף ער זיך ריכטען אויף לאַנגע שטונדען, ניט קיין שטענדיקע אַרבייט און נידעריקע שכירות.

דעריבער, ווען מען זעהט, אַז יאָהר־איין יאָהר אויס, געהען די אימיגראַנטען אין די שטעט און ווילען ניט געהן אויף די פאַרמס, טו דאַרף מען ניט אָנעמען, אַז זיי ווייסען ניט וואָס גוטס איז, נאָר מען דאַרף זיך פאַרטראַכטען וועגען די אורזאַכען פון אַזאַ באַוועגונג פון דער באַפעלקערונג. דער דלות און די ענגשאַפט פון די אימיגראַנטען אין די טענעמענט הייזער פון ניו־יאָרק זיינען גרויס, אָבער עס איז פּראַסט אַן אומזין, ווען די שונאים און אפילו די פריינט פון די אימיגראַנטען קומען צו זיי מיט עצות, זיי זאָלען זיך ניט דרענגען אין די גרויסע שטעט, זיי זאָלען זיך צושפּרייטען איבער די דערפישע געגענדען און לעבען נעהנטער צו דער „מוטער־נאַטור".

## דריטער קאפיטעל:

# די איבערפילונג פון די גרויסע שטעט

די פריינט פון די אימיגראנטען וואס ווילען רעגולירען די איינוואנדערונג קלערען וועגען אלערליי פלענער, ווי אזוי צו פארטיילען די אימיגראנטען איבער'ן לאנד, זיי זאלען זיך ניט דריקען אין די גרויסע שטעט, זיי זאלען בעסער זוכען פאר זיך א פלאץ אין די קלענערע שטעטלאך, וואו עס איז גערוימער, יעדער זיצט זיך אויף זיין פריזבע (פארטש בלע"ז), ס'איז גרין ארום און ארום, א מיחה צו קוקען. די קאלטע ציפערען צושטערען אויך די פאעזיע.

ווען מען באטראכט די באוועגונג פון דער באפעלקערונג, זעהט מען, אז איבערפילט זיינען דוקא די קליינשטעטלאך, און פלאץ איז פאראן אין די גרויסע צענטרען. פון 1890 ביז 1910 זיינען צו די שטעט מיט איבער 500,000 איינוואוינער צוגעקומען 7,000,000, צו די שטעט מיט א באפעלקערונג פון 25,000 ביז 500,000 — אויך אן ערך אזוי פיל, און צו די קלענערע שטעט סך הכל 5,500,000.

ווער זשע האט זיך געשטופט אין די גרויסע שטעט, נאר די גרינע אליין?

ביי דעם צענזוס פון 1890 זיינען פון די עכטע אמעריקאנער בני אמעריקאנער, וואס האבען געוואוינט אין די שטעט, א העלפט געזעסען אין די קלענערע שטעט מיט א באפעלקערונג פון וועניקער ווי 25,000. ביי דער לעצטער פאלקס־צעהלונג האט זיך ארויסגעוויזען, אז זייער צאל איז זינט יענער צייט געוואקסען מיט איבער 3,000,000, בעת די צאל עכטע אמעריקאנער אין די גרעסערע שטעט איז געוואקסען מיט 5,500,000. אדער מיר קענען דאס בארעכענען אנדערש: אין די גרעסטע שטעט איז זייער צאל מער ווי פארדאפעלט געווארען, בעת אין די קלענערע שטעט זיינען צוגעקומען דריי־פערטעל צו זייער צאל. עס איז קלאר, אז די געבארענע אמעריקאנער, וואס זיינען אויפגעוואקסען אין די דארפישע געגענדען און אין די קליינע שטעט, וואו יעדער איינער קען דעם אנדערען און א היימישער מענטש קען גיכער געפינען פרנסה ווי

א פרעמדער, — זיי לאזען זיך אויך אוועק אין די גרעסערע שטעט, אנשטאט צו געניסען דעם וואוילטאג, די פרישע לופט פון זייערע אייגענע שטעטלאך. הפנים, אז מען קען מיט לופט ניט מאַכען קיין לעבען.

די אלע פלענער צו פארטיילען די אימיגראנטען איבער'ן לאנד זיינען דעריבער ניט מער ווי פאנטאזיעס.

ווען מען רעדט פון איבערפילונג, מוז מען נעמען אין באטראכט ניט די ענגשאפט פון די גאסען, — דאס איז גאר א באזונדערע פראגע, וואס האט צו טאן מיט לאנד־אייגענטום און שטאטישע אייזענבאנען, — נאר מען מוז באטראכטען די געלעגענהייטען צו געפינען ארבייט.

דער שטראם פון דער באפעלקערונג פון די קליינע שטעט אין די גרעסערע איז א קלארער סימן, אז זיי געפינען ארבייט אין די גרעסערע שטעט לייכטער, ווי אין די קלענרע. אמת, עס זיינען פאראן צייטען, ווען מיליאנען מענטשען געהען ארום לעדיק אין די גרויסע שטעט, דארטען זעהט מען עס בעסער, ווייל זיי זיינען אלע קאנצענטרירט. אבער אין די קליינע שטעט און אין די פארמערשע דיסטריקטען געהט מען אויך ארום לעדיק, נאר דער עולם איז צושפרייט און דערפאר איז דאס ניט אזוי קענטיק.

ווען מען נעמט די באפעלקערונג ניט אין איין מאמענט, נאר פאר א לאנגע צייט, איז דאך קלאר בעשיינפערלאך, אז מיליאנען מענטשען וואלטען ניט געקענט זיצען אין די גרויסע שטעט, ווען זיי וואלטען דארטען ניט פארדינט אויף א לעבען. ווען די פארדינסטען וואלטען דארטען געווען ערגער ווי אין די קליינע שטעט, וואלטען דאך די וואס קומען פון יענע קליינע שטעט געפארען צוריק אהיים, אדער זיי וואלטען אנגעזאגט זייערע פריינט און קרובים, זיי זאלען זיך ניט רירען.

אט טאקע דערפאר, וואס מיר האבען דא צו טאן מיט א וואנדערונג פון מיליאנען יחידים, וואס איינער ווייס ניט פון דעם אנדערען. יעדער געהט זיך באזונדער, אבער סוף כל סוף שטעלען זיי זיך אפ אלע אין דיזעלבע צענטרען, מעגען מיר עס אנעמען פאר א באוויז, אז זיי געהען אהין, וואו מען דארף זיי.

פערטער קאַפּיטעל

# די איינוואַנדערונג פון מערב אייראָפּאַ.

די אינדאַסטריאַל קאָמישאַן וואָס איז געשאַפען געוואָרען אין 1912, זאָגט צום שלוס פון איהר בעריכט, אַז דער בעסטער סימן אַז די לאַגע פון די היגע אַרבייטער איז ערגער געוואָרען, איז וואָס עס האָבען אין די לעצטע יאָהרען אויפגעהערט אָהער צו קומען אימיגראַנטען פון מערב אייראָפּע, ס'הייסט פון ענגלאַנד, איירלאַנד, דייטשלאַנד און די סקאַנדאַווישע לענדער, און עס קו־מען אָהער נאָר אימיגראַנטען פון איטאַליע, עסטרייך, רוסלאַנד און אַנדערע ריקשטענדיקע לענדער, דאָס הייסט, אַזעלכע וואָס האָבען ביי זיך אין דער היים געלעבט נאָך ערגער ווי דאָ אין אַמעריקע.

די זעלביקע תורה געפינט איהר אויך אין דעם רעפּאָרט פון דער אימיגרעישאַן קאָמישאַן, וואָס פּראָפעסאָר לאוק האָט געשריי־בען פאַר איהר אין 1910 יאָהר — דער זעלבער לאוק איז אויך אַ צייט געווען סעקרעטער פון דער אינדאַסטריאַל קאָמישאַן.

דאָס איז די סקאָרבאָווע טענה פון אַלע שונאים פון אימיגראַ־ציע. דער ראַדיקאַלער אַנטיסעמיט און פרעמדען־האָסער ראָס, אַ פּראָפעסאָר אין דעם וויסקאָנסינער אוניווערסיטעט, טענה'ט רק אין זיינע ביכער, אין זיינע לעקציעס, אַז די לאַגע אין אַמעריקע ווערט אַלץ ערגער, — אַ סימן, אַז פריהער פלעגען קומען אָהער אימיגראַנ־טען פון דער קעלטישער און דער גערמאַנישער ראַסע, אָבער די לאַ־גע איז דאָ געוואָרען אַזוי שלעכט, אַז זיי האָבען אויפגעהערט אָהער צו אימיגרירען און האָבען איבערגעלאָזען די לאַנד פאַר די סלאַ־ווען און אַנדערע ראַסען, וואָס זיינען צופרידען צו לעבען אַבי ווי. עס הויבען אָבער שוין אַן צו קומען סיריער, וואָס וועלען פאַרטריי־בען די סלאַווען און די אידען, ווארים די סיריער קענען לעבען נאָך געמיינער ווי די סלאַווען, ער קען שוין אָבער פאָראויסזעהן די צייט, ווען עס וועט זיך אפילו פאַר די סיריער לוינען בעסער צו בלייבען אין דער היים איידער צו קומען אין די אָרימע פאַראייניקטע שטאַ־טען. דעמאָלט וועט מען אויסזוכען נאָך נידעריקערע ראַסען ער־גערץ טיף אין אַזיע און מען וועט זיי אַריבערברענגען אָהער. בקיצור,

**די אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע וועט געהן צו גרונד, אויב מען וועט** ניט פאַרשפּאַרען די טירען פאַר אימיגראַנטען. די רעדע האָט ער געהאַלטען ביי דעם יעהרלאַכען מיטינג פון דעם אַמעריקאַנער פאַראיין פון עקאָנאָמיסטען אין וואַשינגטאָן אין 1911.

דעם פאַקט, אַז עס קומען אַהער זעהר ווייניג אימיגראַנטען פון מערב אייראָפּע און אַז דאָס רוב אימיגראַנטען קומען איצטער פון די אָרעמערע לענדער, קען נאַטירליך קיינער ניט אָפּלייקענען.

איז עס טאַקע אָבער אמת אַז די „נייע" אימיגראַנטען האָבען פאַרשטעלט דעם וועג פאַר די אַלטע, וואָס פלעגען קומען אַהער פריהער? לאָז זיין אַז זיי זיינען געווען פון אַ בעסערן סאָרט ווי די היינטיקע און אַז זיי האָבען דאָ געקראָגען בעסער באַצאָלט פאַר זייער אַרבייט איידער די היינטיקע אימיגראַנטען — וואָס ביידע זאַכען זיינען ניט ריכטיק קען מען זיך ריכטען אַז, אויב מ'זאָל פאַרשפּאַרען די טירען פאַר די „נייע" אימיגראַציע, וואָלטען די איירישע, די ענגלישע, די דייטשע און סקאַנדינאַווישע אימיגראַנטען ווידער גענומען קומען אַהער אין אַזעלכע מאַססען ווי אַמאָל? צו ענטפערן אויף די פראַגען דאַרפען מיר באַטראַכטען יעדע לאַנד באַזונדער.

אויב מען זאָל באַשריינקען די נייע אימיגראַציע, וואָלטען די איירישע, די ענגלישע, די דייטשע און סקאַנדינאַווישע אימיגראַנטען ווידער גענומען קומען אַהער אין אַזעלכע מאַסען ווי אַמאָל? צו ענטפערן אויף די פראַגע דאַרפען מיר באַטראַכטען יעדע לאַנד באַזונג־יער.

אין די ערסטע צען יאָהר פון דעם צוואַנציקסטען יאָהר־הונדערט האָט די צאָל אָנגעקומענע אימיגראַנטען באַטראָפען 8,795,386, — די גרעסטע צאָל אימיגראַנטען וואָס איז געקומען אַהער אין יענער צייט, ווען די איטאַליענישע, די סלאַווישע און די אידישע אימיגראַציע איז נאָך געווען קליין, איז געווען 5,246,613 אין די צען יאָהר פון 1881 ביז 1890. אַלזאָ איז די אימיגראַציע איבערהויפּט גרעסער געוואָרען אין דער לעצטער צייט. וואָלטען ענגלאַנד, איירלאַנד, דייטשלאַנד און די סקאַנדינאַווישע לענדער געקענט ליפערען אַזאַ גרויסע צאָל אימיגראַנטען, ווען מען וואָלט דאָ פאַרשפּאָרט די טירען פאַר די סלאַווען, די אידען און די איטאַליע־

נער? דערצו וואָלט נויטיק געווען, אז די אויסוואנדערונג פון יענע לענדער זאָל זיך מעהר ווי פארדאָפּלען. וואָלט דאָס געווען מעג־לאך?

די באפעלקערונג פון איירלאַנד איז אין דער זעלבער צייט געוואקסען סך הכל אויף א זיבעטעל, ווען זי וואָלט געדאַרפט לי־פערען איהר פּראָפּאָרציע אימיגראנטען אנשטאָט די „אונגעווינטש־טע“ פעלקער, וואָלט עס אויסגעמאכט נאָהענט פון א דריטעל פון איהר באפעלקערונג אין צעהן יאָהר, אזא אויסוואנדערונג האָט איר־לאַנד ניט געהאט אפילו אין די הונגער יאָהרען, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען די מאסען־אויסוואנדערונג פון איירלאנד. דאָס זעלבע איז אויך מיט אנדערע לענדער.

חוץ דעם דאַרף מען אָבער נעמען אין באטראכט, אז די צאָל איינוואנדערער אין אַמעריקא הענקט אָפּ פון דער לאַגע פון די אויס־וואנדערונגס־לענדער. לאָמיר זיי באטראכטען כסדר.

מיר וועלען אָנהויבען מיט איירלאנד. די אויסוואנדערונג פון איירלאנד האָט אָנגעהויבען צו פאלען נאָך אין 1861, איידער עס האָט זיך אָנגעהויבען די איינוואנדערונג פון רוסלאנד, עסטרייך און איטאליע. די עמיגראציע איז אביסעל געשטיגען אין דער צייט ווען עס איז אין איירלאנד אָנגעגאנגען א שטארקע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אגיטאציע צווישען די ארענדאטאָרס, פון 1882 ביז 1891, דערנאָך איז זי ווידער געפאלען. עס איז אויך אינטערע־סאנט צו וויסען, אז אין דער צייט, ווען די עמיגראַ־ציע פון איירלאנד אין די פאראייניקטע שטאטען איז געפאלען, איז אויך געפאלען די צאָל איירישע עמיגראנטען, וואָס זיינען געפאָרען אין אנדערע לענדער. ווידער זינט עס האָט זיך אָנ־געהויבען די „נייע“ אימיגראציע אין די פאראייניקטע שטאטען, איז געפאלען די צאָל איירישע אויסוואנדערער ניט נאָר וואָס פאָרען אהער, נאָר וואָס פאָרען אין אנדערע לענדער אויך, — וואָס זיי האָט שוין די סלאווישע איינוואנדערונג אין די פאראייניקטע שטאטען אודאי ניט געקענט שטערען. פונקט פארקערט, אויב די מיינונג פון די געגנער פון איינוואנדערונג וואָלט געווען ריכטיק, וואָלט דאָך די צאָל אויסוואנדערער פון איירלאנד וואָס פאָרען אין אנדערע לענדער געדאַרפט גרעסער ווערען צוליב דעם וואָס עס לוינט זיך זיי ניט צו פאָרען אהער. ווייזט זיך אָבער אויס, אז פון יעדע 100 איירישע וואָס האָבען אויסגעוואנדערט פאר 1890, ווען די צאָל סלאווישע, אידישע און איטאליענישע אימיגראנטען איז אין אמע־

ריקע געוועז קליין, זיינען 72 געפארען אהער, און זינט עס האט זיך אנגעהויבען די דאזיקע גרויסע אימיגראציע, פארען אהער 83 פון יעדע 100 איירישע אויסוואנדערער.

היינט פאר וואס זשע איז פארט די איירישע אויסוואנדערונג בכלל געפאלען? איהר ווייסט, אז פון גרויס וואוילטאק לויפט מען ניט אין פרעמדע לענדער. דער פאקט איז, אז די אגיטאציע פון די פארשידענע איירישע פארטייען האט געצוואונגען דעם ענגלישען פארלאמענט צו פארבעסערען די לאגע פון די איירישע פויערים. מעהר ווי א דריטעל פון זיי האבען געקראגען קרעדיט פון דער רעגירונג אף צו קויפען לאנד. די רענט וואס די איבעריקע דארפען צאהלען פאר זייער לאנד צו די ענגלישע לארדען איז שטארק ארונטערגעשניטען געווארען דורכ'ן געזעץ. חוץ דעם האט אמאל דער לענדלארד געהאט דאס רעכט צו יעדער צייט הייסען דעם ארענדאטאר, ער זאל פארלאזען זיין פארם, — די לאנד-רעפארם האט דערצו געמאכט א סוף. ווייטער האט זיך דארטען ענטוויקעלט א קאאפעראטיווע באוועגונג צווישען די פארמערס, וואס האט פארבעסערט די לאגע פון א סך פאמיליעס. בקיצור, די איירישע באפעלקערונג לעבט היינט א סך בעסער ווי אמאל, און דעריבער עמיגרירט מען איצטער ווייניקער פון איירלאנד, ווי אין די פריהערע יאהרען.

די ענגלישע קאלאניעס — קענעדע, אויסטראליע א. אז. וו. — זוכען מיט אלערליי מיטלען צוצוציהען צו זיך היימישע אימיגראנטען. די רעגירונגען פון אויסטראליע העלפען אויס היימישע עמיגראנטען מיט רייזע-קאסטען. חוץ דעם איז אומעטום אין די קאלאניעס נאך פאראן א סך לאנד, וואס די רעגירונג גיט פריי, ווערענד אין די פאראייניקטע שטאטען איז שוין די לאנד פאר פארמעריי אין גאנצען אין פריוואטע הענט.

ווייטער, וואס איז שייך גרויס-בריטאניע אליין, זיינען די פארדינסטען פון די ארבייטער געשטיגען אין פארגלייך מיט זייערע הוצאות. מען האט אויסגערעכענט, אז ווען מען פארגלייכט וואס אן ארבייטער האט געקענט קויפען מיט זיינע שכירות אין ענגלאנד אין 1880, דאס הייסט, ווען סלאווען, אידען און איטאליענער פלעגען נאך זעהר זעלטען קומען אין אמעריקע — און אין 1900, ווען די נייע אימיגראציע האט שוין איבערגעשטיקען די אלטע, ווייזט זיך אויס, אז די פארדינסטען פון דעם ארבייטער זיינען געשטיגען מעהר ווי אויף 40 פראצ. ווען עס געהט איינעם בעסער, האט ער ווייניקער חשק צו געהן זוכען גליקען אנדערשוואו.

און נאָך אַלעמען, ווען מען ציהט אָפּ פון דער צאָל בריטישע אונטערטאַנען, וואָס האָבען עמיגרירט פון דער היים, די צאָל וואָס זיינען געקומען צוריקאַהיים, זינט די איינוואַנדערונג אַהער פון מזרח און דרום אייראָפּא האָט גענומען איבערשטייגען די איינוואַנדערונג פון מערב אין צפון־אייראָפּע, דאָס הייסט, זינט 1895, טו ווייזט זיך אויס, אַז די צאָל בריטישע אונטערטאַנען וואָס זיינען פארבליבען היגע תושבים איז געשטיגען פון יאָהר צו יאָהר.

עס איז געווען אַ צייט ווען די איינוואַנדערונג אַהער פון צפון און מערב אייראָפּע איז געווען זעהר גרויס, און אין די לעצטע יאָהרען איז זי שטאַרק געפאַלען. דערפאַר אָבער קומען אַהער אין די לעצטע יאָהרען אַ סך סלאַווען, איטאַליענער און אידען, על כן, איז גאַנץ קלאָר, אַז די דייטשען, די סקאַנדינאַווען, די אירישע, די ענגלישע ווילען אַהער ניט קומען, ווייל זיי ווילען ניט קאָנקורירען מיט אַזעלכע נידעריקע באַשעפענישען, וואָס זיינען צופרידען צו לעבען ווי חזירים.

די דאָזיקע טענה ווערט אָנגענומען גאָר אָהן קיין שום קריטיקע פון די אַמעריקאַנער געלערנטע עקאָנאָמיסטען און פובליציסטען. עס קומט זיי גאָר ניט אין זינען, אַז די דייטשע אָדער אירישע איינ־וואַנדערונג נאָך אַמעריקע איז צו דערזעלבער צייט אַן אויסוואַנדע־רונג פון דייטשלאַנד אָדער איירלאַנד. אום צו זיין קלאָר, פאַר וואָס די דייטשע אָדער אירישע איינוואַנדערונג איז קלענער געוואָרען, מוז מען דאָך אויך נעמען אין באַטראַכט די לאַגע אין דייטשלאַנד אָדער איירלאַנד, — וואָס איז געווען דעמאָלט ווען די אויסוואַנדע־רונג איז געווען גרויס און וואָס זי איז געוואָרען אין די לעצטע יאָהרען, ווען די אויסוואַנדערונג האָט זיך כמעט אינגאַנצען אָפּגע־שטעלט.

לאָמיר ערסטענס באַטראַכטען די צאָל דייטשע אימיגראַנטען וואָס זיינען אַהער געקומען אין פארשידענע צייטען. קורץ נאָך דער רעוואָלוציאָן פון 1848, זיינען אַהער אריבערגעקומען נאָהענט פון אַ מיליאָן עמיגראַנטען פון דייטשלאַנד, דאָס הייסט דורכשניטלאָך 95,000 אַ יאָהר. אין די נעקסטע צען יאָהר איז די צאָל געפאַלען אויף צוואַנציק פּראָצענט. אין די צען יאָהר פון 1871 ביז 1880 איז דער יעהרלאכער דורכשניט ווידער געפאַלען ביז אויף 7,000 אַ יאָהר, אָבער אין דער אמת'ן איז ער געפאַלען מעהרער, ווייל די

פריהערע צען יאָהר, פון 1861 ביז 1870, האָבען איינגעשלאָסען די פיר יאָהר בירגער קריג אין אַמעריקע. דאָס איז אַלץ געווען נאָך אין יענער צייט, ווען די איינוואַנדערונג פון עסטרייך, רוסלאַנד און איטאַליע צוזאַמען האָט אויסגעמאַכט 18,000 פּערשוין אַ יאָהר.

אין די נעקסטע צען יאָהר, פון 1881 ביז 1890, הויבט זיך שוין אָן אַ גרעסערע אימיגראַציע פון יענע לענדער: פון די דריי לענדער צוזאַמען זיינען אָנגעקומען נאָהענט פון אַ מיליאָן אימיגראַנטען. אַט, דאַכט זיך, אין דער צייט האָבען די דייטשען געמוזט דערשרעקען זיך און אויפהערען צו קומען אין אַזעלכע מאַסען. ווייזט זיך אָבער ארויס אַז פּונקט אין יענע צען יאָהר זיינען אָהער געקומען מיט אַ האַלבען מיליאָן מערער, איידער אין די צען יאָהר פון 1851 ביז 1860. אַ פּנים די צאָל איינגעוואַנדערטע פון דייטשלאַנד האָט ניט קיין שייכות צו דער צאָל איינוואַנדערער פון יענע לענדער.

דער ריכטיקער אמת איז, אַז זינט דעם אָנפאַנג פון דעם צוואַנציקסטען יאָהרהונדערט האָט דייטשלאַנד אויפגעהערט צו זיין אַ לאַנד פון אויסוואַנדערונג און איז געוואָרען אַ לאַנד פון איינוואַנדערונג: עס באַזעצען זיך אין דייטשלאַנד יעהרליך ארום אכציק טויזענט (80,000) אימיגראַנטען. דריי פערטעל פון דער צאָל קומען פון רוסלאַנד, עסטרייך און איטאַליע, — דאָס ווייזט אַז וואָס די דייטשען קומען ניט אָהער איז ניט דערפאַר וואָס זיי האָבען כלומר'שט קיין חשק ניט צו קאָנקורירען מיט די ביליקע פוילישע אָדער איטאַליענישע ארבייטער, זיי האָבען דיזעלביקע קאָנקורענטען אין דער היים, חוץ דעם קאָסט עס אַ סך וועניקער צו קומען קיין דייטשלאַנד פון יענע לענדער, ווי פאָרען אין די פאַראייניקטע שטאַאטען, דאָס הייסט, אַז דער דייטשער ארבייטער דאַרף ביי זיך אין דער היים קאָנקורירען מיט גרעסערע קבצנים פון רוסלאַנד, עסטרייך און איטאַליע, איידער דאָ, אין די פאַראייניקטע שטאַאטען.

די צאָל אימיגראַנטען וואָס איך האָב אָקאָרשט געגעבען, איז נאָר אַ טייל פון די אויסלענדישע ארבייטער אין דייטשלאַנד. די רייזע-קאָסטען פון פוילען אָדער פון עסטרייך קיין דייטשלאַנד זיינען אַ קלייניקייט און דעריבער קומען אַ פּאָר הונדערט טויזענט אויסלענדישע ארבייטער פון יענע לענדער קיין דייטשלאַנד נאָר אויף

עטלאכע חדשים, און ווען דער סעזאָן ענדיקט זיך, פאַרן זיי צוריק אהיים.

מען וויל איינרעדען די וועלט, אז די דייטשע אַרבייטער וואָס גראָבען קוילען אין דייטשלאַנד האָבען אויפגעהערט צו קומען אהער אַרבייטען אין די קוילען־גרובען דערפאַר, וואָס זיי ווילען ניט קאָנקורירען מיט די פּאָליאַקען, — אָבער אין דעם רוהר־דיסטריקט, וואָס ליפערט אַ העלפט פון די קוילען וואָס ווערען פּראָדוצירט אין דייטשלאַנד, אַרבייטען פערטהאַלבען הונדערט טויזענד פּוילישע גרובען־אַרבייטער. הייסט דאָס שוין אַז אויסמיידען די פּאָליאַקען קענען די דייטשע קוילען־גרעבער ניט.

וואָס דייטשלאַנד איז פון אַן אויסוואַנדערונגס־לאַנד געוואָרען אַן איינוואַנדערונגס־לאַנד, קומט פון איהר אינדוסטריעלער ענטוויקלונג. די פּראָדוקציאָן פון אייזען, וואָס איז דער פונדאַמענט פון דער היינטיקער אינדוסטרי, איז געוואַקסען אין דייטשלאַנד כמעט אַזוי גיך ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטען. די לענג פון די אייזענבאַנען איז אויך געוואַקסען כמעט אין דערזעלבער פּראָפּאָרציע ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטען, און איהר מוזט געדענקען, אַז דייטשלאַנד איז אַ סך קלענער ווי די פאַראייניקטע שטאַטען. די צאָל מענטשען וואָס פאַרנעמען זיך מיט האַנדעל און אינדוסטרי איז אין דייטשלאַנד געוואַקסען אַ סך שנעלער ווי די גאַנצע באַפעלקערונג. דאָס הייסט אַז דער האַנדעל און די אינדוסטרי האָבען צוגעצויגען אַרבייטער פון אַנדערע באַשעפטיקונגען, פאַרשטעהט זיך, אַז די שכירות אין דער אינדוסטרי זיינען דורך דעם געשטיגען. די דייטשע יוניאָנס מעלדען אַז די לאַגע פון די אַרבייטער איז פאַרבעסערט געוואָרען. אין די ניינצען יאָהר פון 1890 ביז 1909 זיינען די שכירות געשטיגען אויף העלפט. דאָס זעלבע איז אויך באַוויזען געוואָרען מכח די „אונגעלערענטע“, דאָס הייסט די פּראָסטע אַרבייטער, וואָס מען רופט אויף ענגליש „אַנסקילד“. די אַרבייטס־שטונדען זיינען צו דערזעלבער צייט קירצער געוואָרען. חוץ דעם איז די אַרבייטסלאָזיקייט אין דייטשלאַנד ניט אַזוי גרויס ווי דאָ. דאָרטען איז אַ געזעץ אַז קיין אַרבייטער טאָר ניט אוועקגעשיקט ווערען אַנדערש ווי נאָך אַ מעלדונג פון צוויי וואָכען.

ווייטער פון 1878 ביז 1890 איז געווען אין קראַפט דער געזעץ

געגען די סאָציאַליסטען. יענער געזעץ האָט געמאַכט די אָרגאַ־ניזירונג פון די אַרבייטער כמעט אונמעגלאַך. אַ סטרייק איז באַ־טראַכט געוואָרען פון דער דייטשער רעגירונג פונקט אַזוי ווי אין רוסלאַנד — פאר א „רעוואָלוציאָנערע מאַניפעסטאַציע“. ווען דער געזעץ קעגען סאָציאַליסטען איז אָפּגעשאַפט געוואָרען, האָט נאָך די רעגירונג גאָר אין גאַנצען ניט אַראָפּגענומען איהר לאַפּע פון די יו־ניאָנס. דאָס איז געשעהען אין 1900, ווען עס זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרען אַלע געזעצען קעגען יוניאָנס. אין די ערסטע צען יאָהר נאָך דעם איז די צאָל אָרגאַניזירטע אַרבייטער כמעט פארדרייפאַכט געוואָרען. די צאָל יוניאָן־לייט אין דייטשלאַנד אין 1910 איז גע־ווען גרעסער ווי אין די פאראייניקטע שטאַטען, הגם די דייטשע באַ־פעלקערונג איז אַ סך קלענער ווי די אַמעריקאַנער.

דאָ, אין אַמעריקע, זיינען מיר באקאנט מיט דעם טיפּ פון פּאַ־פּירענע יוניאנס פון קאָראָפּקע־צאָלערס אָבער די דייטשע יוניאנס זיינען ניט פון יענעם טיפּ. דער בעסטער באווייז וואָס זיי האָבען אויפגעטאָן איז זייערע אויסגאַבען. אין 1895 האָבען זיי אויס־געגעבען אויף סטרייקס 300,000 מארק, אין 1900 איז די סומע געשטיגען ביז 2,000,700, און אין 1910 האָט זי איבערגעשטיגען 20,000,000 מאַרק. חוץ דעם האָבען די דייטשע יוניאָנס אַר־בייטסלאָזען־בענעפיטס, קראַנקען־בענעפיטס א. אַז. וו., אויף דיעזע בענעפיטס האָבען זיי אין 1910 אויסגעגעבען איבער 17,000,000 מאַרק, בעת אין 1895 — סך הכל דריי פערטעל מיליאָן.

אונטער דעם דרוק פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באוועגונג האָט די דייטשע רעגירונג איינגעפירט פארזיכערונג פאר אַרבייטער קעגען קראַנקהייט און סיבות און פּענסיעס פאר אַלטע לייט. — דייטשלאַנד איז געווען די ערסטע לאַנד וואו דיזע געזעצע זיינען איינגעפירט געוואָרען. ווי ווייט דער סיסטעם איז אויסגע־אַרבייט, קענט איהר זעהן דערפון, אַז פון 19,000,000 לוין־אַרביי־טער זיינען 15,000,000 פארזיכערט מיט פּענסיעס אויף דער עלטער און 13,000,000 מיט קראַנקען־בענעפיטס, — קעגען סיבות זיינען אַלע פארזיכערט.

דאָס איז אַלץ וואָס איז שייך שטאָטישע אינדוסטרי. איהר וואוקס איז אין דער לעצטער צייט געווען אַזוי גרויס, אַז זי האָט

צוגעצויגען דעם גאנצען נאטירליכען צוואוואוקס פון דער דערפי־שער באפעלקערונג. אום איינצוהאלטען ארבייטער אין די דערפער האבען די גרויסע לאנד־אייגענטימער געמוזט העכערען די שכירות, און דאס איז נאך פארט ניט געווען גענוג, ביז דער מלחמה פלעגען יעדען זומער קומען קיין דייטשלאנד א סך פוילישע ארבייטער פון רוסלאנד.

דאס האט, פארשטעהט זיך, געהאט א ווירקונק אויף די אויס־וואנדערונג פון די דארפישע איינוואוינער. אין דער צייט פון דער גרעסטער דייטשער אויסוואנדערונג נאך אמעריקא פאר דעם ביר־גער־קריג, האט זיך אין דייטשלאנד אנגעהויבען א גאנצע איבערקע־רעניש אין דער לאנדווירטשאפט. ביז יענער צייט פלעגען די דייר־טשע יונקערס פירען זייער ווירטשאפט אויף דעמזעלביקען פאר־צייטיקען שטייגער ווי די פוילישע און די רוסישע פריצים. אבער ארום יענער צייט איז דער פרייז פון לאנד אזוי געוואקסען, אז די פארצייטיקע פירונג האט אויפגעהערט צו טראגען גענוג אויף צו דעקען די צינזען פון דעם קאפיטאל וואס איז געלעגען אין דער ערד. מען האט זיך געמוזט נעמען צו פארבעסערטע מעטאדען, מען האט איינגעפירט מאשינען וואס האבען איינגעשפארט ארבייטס־קראפט. אין פרייסיש־פוילען איז די ענדערונג געקומען מיט א יאהר דרייסיק שפעטער. דאס האט זיך אפגערופען אויף דער לאגע פון די פויערים, פילע פון זיי האבען געמוזט עמיגרירען, — איין שטראם האט זיך אוועקגעלאזען נאך אמעריקע אין די פופציקער יאהרען, דער אנדערער, פון פרייסיש־פוילען אין די אכציקער פון דעם לעצטען יאהרהונדערט.

זינט יענער צייט אבער זיינען פון איין זייט די פרייזע לענדער אין אמעריקע צו'גנב'עט געווארען פון לאנד־ספעקולאנטען און דער פרייז פון ערד איז דא אזוי געשטיגען אז די מאסע אימיגראנטען קענען צו איהר גאר ניט צוקומען, און פון דעם אנדערען זייט האט די דייטשע אינדוסטרי געעפענט אן ארבייטס־מארק פאר די דייר־טשע און פוילישע פויערים אין דער היים.

אין אלע קאפיטאליסטישע לענדער האט דער וואוקס פון דער גרויס־אינדוסטרי פארניכטעט דעם קליינעם בעל־מלאכה וואס האט געארבייט פאר זיך, דעם קליינעם סוחר און אויך די ארעמערע צווי־שען די קליינע פארמערס. אין דייטשלאנד אבער האט זיך ענטווי־

קעלט אַ קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג וואָס האָט אָפּגעהאַלטען די פּאַר־ניכטונג פון דעם קליינעם אונטערנעמער. לויט די לעצטע סטאַ־טיסטיקע האָט די צאָל מיטגלידער אין די קאָאָפּעראַטיווע פּאַר־איינען דערגרייכט פיל מיליאָנען.

ווען מען באַטראַכט דאָס אַלץ צוזאַמען, מוז מען זיין בלינד ניט צו פאַרשטעהן, אַז די אויסוואַנדערונג פון דייטשלאַנד האָט גע־מוזט אָפּפאַלען. ווען מען פאַרגלייכט די דורכשניטלאַכע צאָל דייט־שע איינוואַנדערער אין אַמעריקע אין די צוועלף יאָהר פון 1899 ביז 1910 מיט דער דורכשניטלאַכער צאָל אין די צוועלף יאָהר פון דעם סאָציאַליסטען־געזעץ, 1879 — 1890, טו איז זי געפאַלען סך הכל אויף איין דריטעל. עס איז גאַנץ קלאָר אַז, ווען איין דריי־טעל פון די לייט וואָס וואָלטען אין יענער צייט געזוכט צו פאַרבע־סערען זייער לאַגע דורך אויסוואַנדערונג נאָך אַמעריקע זיינען אין די לעצטע יאָהרען געבליבען אין דערהיים, איז עס ניט געוועזען צוליב דעם וואָס די אַנגעלאָפּענע אידען, פּאָליאַקען און איטאַליענער האָ־בען פאַר זיי פאַרצאַמט דעם וועג, אין אַמעריקע, נאָר פּשוט דער־פאַר, וואָס די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג און די פאַרבעסערונג פון די סאָציאַלע צושטענדע אין דייטשלאַנד, האָט זיי געבאָטען אַ סך געלעגענהייטען פאַר אַ מענשלאַכען לעבען אין דער היים.

עהנלאַכע אורזאַכען האָבען געווירקט אויך אין די סקאַנדינאַ־ווישע לענדער — שוועדען, נאָרוועגיע און דענמאַרק, חוץ דעם וואָס די אויסוואַנדערונג פון יענע לענדער קיין אמעריקא איז קיינמאָל ניט געוועזען אַזוי גרויס ווי פון דייטשלאַנד, ווייל זייער באַפעל־קערונג איז זעהר קליין.

דער כאַראַקטער פון דער מענטשען־וואַנדערונג אין היינטיקע צייטען איז אַן אינדוסטריעלער: מען וואַנדערט אויס פון די דערפער אין די שטעט, — אין אייגענע שטעט, וואו עס ענטוויקעלט זיך אַן אייגענע פאַבריק־אינדוסטרי, אָדער אין אויסלענדישע שטעט, וואו די אייגענע אינדוסטרי ענטוויקעלט זיך צו לאַנגזאַם. גרויסע מאַ־סען האָבען אויסגעוואַנדערט פון מערב־אייראָפּא נאָך אַמעריקע, ווייל אַמעריקע ענטוויקעלט זיך אינדוסטריעל. ווען אַ לאַנד הויבט זיך אַן אַליין צו ענטוויקלען אינדוסטריעל, פאַרקלענערט זיך איהר אויסוואַנדערונג. און דאַריבער איז גאַנץ נאַטירליך, אַז דער ווייַ־

דערער וואוקס פון דער אמעריקאנער אינדוסטרי מוז צוציהען אי־
מיגראנטען פון די אפגעשטאנענע לענדער מיט א גרויסער דער־
פישער באפעלקערונג.



פינפטער קאפּיטעל

# די ווירקונג פון אימיגראציע אויף דעם וואוקס פון דער אמעריקאנער באפעלקערונג.

צווישען די פילע טענות, וואָס די געגנער פון אימיגראציע האָבען צו אונדז, איז אַז מיר לאָזען די יענקים ניט האָבען קיין קינדער. אַן אמעריקאַנער מאַטעמאַטיקער וואַטסאָן האָט מיט הונדערט יאָהר צוריק אויסגערעכענט וויפיל איינוואוינער די פאַראייניקטע שטאַטען וועלען האָבען ביי יעדער פאָלקסצעהלונג, וואָס ווערט דאָ געמאַכט אַלע צען יאָהר, און זיינע נביאות זיינען ניט מקוים געוואָרען — איז דאָס אַ קלאָרער סמן, אַז די אימיגראַנטען זיינען שולדיג. איהר וועט פרעגען ווי אַזוי. טו הערט־זשע: פון 1820 ביז 1850 איז די צאָל איינוואוינער געוועזען פונקט אַזוי גרויס, ווי ער האָט אויסגערעכענט, — אַן אונטערשיד פון 2—3 אין יעדע 1000 איז ניט וויכטיק. שפּעטער אָבער האָט גענומען אויספעלען און אין 1890 האָט שוין אויסגעפעלט 14,000,000 מענטשען, וואָס האָבען געזאָלט זיין אין אַמעריקע, — לויט וואַטסאָן'ס חשבון, וועלכער איז געמאַכט געוואָרען מיט פינף און זיבעציק יאָהר פריהער. היינט ווען איהר וועט באַטראַכטען, אַז אין די דרייסיק יאָהר פון 1820 ביז 1850 זיינען אָהער אָנגעקומען 2,500,000 אימיגראַנטען, און די באַפעלקערונג איז פאָרט ניט געוואָרען גרעסער, ווי וואַטסאָן האָט אויסגערעכענט, בעת די געבאָרענע אמעריקאַנער האָבען אַליין געדאַרפט ברענגען אין דער וועלט אַזאַ באַפעלקערונג, איז עס דעריבער קלאָר, אַז די 2,500,000 אימיגראַנטען האָבען פאַרנומען די פּלעצער, וואָס די נאַטור האָט צוגעגרייט פאַר די צוקונפטיקע קינדער פון די אמעריקאַנער; זעהענדיק, אַז עס איז פאַר זייערע קינדער ניטאָ קיין פּלאַץ, האָבען די אַמעריקאַנער ניט מקיים געוועזען די מצוה פון פּרו ורבו. ווייטער איז געגאַנגען נאָך ערגער — עס האָט שוין אפילו

פאר די אימיגראנטען אויך ניט געקלעקט אויף צו האדעווען קינדער, ווער רעט שוין פון די עכטע אמעריקאנער.

דער אמת איז, אז דער גאנצער חשבון איז א פאלשער. ווען וואטסאן האט געשריבען, איז אמעריקע געווען א נייע פארמערשע לאנד מיט א שיטערער באפעלקערונג. מען פלעגט חתונה האבען יונג און מען האט געהאט א סך קינדער. אפילו היינטצוטאג גע־פינט איהר מער קינדער ביי די פארמערס איידער ביי די איינוואוי־נער פון די שטעט. מיט דער צייט אבער האבען די שטעט אנגעהוי־בען צו וואקסען שנעלער ווי די פארמערשע געגענדען. דאס אליין האט שוין געבראכט צו פארמינדערונג פון געבורטען.

חוץ דעם אבער איז דער „קאנטראל איבער געבורטען”, וועגען וועלכען מען רעט איצטער אזוי פיל, גאר קיין נייעס ניט אין אמע־ריקע. מען טוט דאס שוין א צייט מיט יאהרען, אבער ביז אהער האט מען וועגען דעם ניט גערעט אפען. און אמעריקע איז גאר ניט קיין אויסנאם, — אין דער גאנצער וועלט טוט מען דאס זעלבע.

וואס איז שייך אמעריקע, האט פראפעסאר ווילקאקס פון קאר־נעל יוניווערסיטי באוויזען מיט צאלען, אז די צאל קינדער ביי די אמעריקאנער האט אנגעהויבען צו פאלען נאך אין דער צייט פון 1810 ביז 1830, ווען די איינוואנדערונג האט נאך גאר קיין ראליע ניט געשפיעלט.

ביי דעם יעהרלאכען צוזאמענפאר פון דער אמעריקאנער סטא־טיסטישער געזעלשאפט אין 1915 האט ער באריכטעט וועגען די רע־זולטאטען פון זיין נייער אונטערזוכונג איבער די צאל געבארענע און געשטארבענע: ער האט אויסגערעכנט, אז אין 154 יאהר ארום, דאס הייסט אין דעם יאהר 2070, וועט דא אין לאנד ניט זיין קיין איינציקע קינד אינגער פאר 5 יאהר. דאס הייסט אין 150 יאהר ארום וועלען די ווייבער אין אמעריקע מאכען א גענעראל־סטרייק גע־גען קינדלען.

האפענטלאך וועלען שוין דעמאלט די אמעריקאנער פרויען ווע־רען אנערקענט פאר גלייכע מענטשען מיט מענער אויף יעדען פעלד פון מענטשלאכער טעטיקייט. אויב זיי וועלען סטרייקען, הייסט דאס, זיי וועלען פשוט ניט וועלען נעמען אויף זיך די טרחה צו האבען קינדער.

נאטירליך, אז ערנסטער מענטש און א בארימטער סטאטיסטי־קער, ווי פראפעסאר ווילקאקס, קען ניט אנעמען דעם חשבון ערנסט. ער זאגט אויסדריקלאך, אז ער מיינט דאס ניט מער ווי אלס א משל צו ווייזען וואס וואלט זיין ווען די ענטוויקעלונג פון דער געזעלשאפט זאל ווייטער אנגעהן אזוי ווי זי איז געגאנגען ביז אהער. אבער ער זאגט אליין, אז די ענטוויקעלונג פון דער געזעלשאפט געהט ניט אויף א גלייכער ליניע. אבער די צאלען, וואס ער ברענגט ארויס, זיינען זעהר אינטערעסאנט.

דער וואוקס פון דער באפעלקערונג הענגט אפ, ערסטענס, פון דער צאל קינדער וואס ווערען געבארען, און צווייטענס פון דער צאל מענטשען וואס שטארבען אוועק אין דערזעלבער צייט. פראפעסאר ווילקאקס ווייזט, אז די דורכשניטלאכע צאל מענטשען וואס שטאר־בען יעהרלאך אין דער שטאט ניו־יארק איז שטענדיק געפאלען פאר די לעצטע זעכציק יאהר. אין די צען יאהר פון 1850 ביז 1859 זיינען דורכשניטלאך געשטארבען כמעט 36 פון יעדע 1000 איינ־וואוינער יעהרלאך, אין די פיר יאהר פון 1910 ביז 1913 זיינען דורכשניטלאך געשטארבען סך־הכל 15. פארשטעהט איהר, וואס דאס מיינט? עס הייסט, אז עס שטארבען איצטער ווייניקער ווי העלפט אין פארגלייך מיט דער צייט פאר דעם בירגער־קריעג. ווי קומט דאס? דערצו מוזען זיין פארשידענע אורזאכען.

ערסטענס, פאסט מען איצטער אויף מער אויף דער ריינקייט פון די גאסען און די הייזער, ווי אין די אמאליקע צייטען.

צווייטענס, די געזונט פון דער באפעלקערונג הענגט אפ פון דעם, אין וואס פאר א דירות זיי וואוינען, ווי זיי זיינען געקליידעט, ווי זיי עסען, — וואס מען רופט אויף ענגליש „סטענדארד או לי־ווינג", און דער סטענדארד או ליווינג הענגט אפ נאטירליך פון זייער פרנסה. דא האט איהר אלזא א גאנץ קלארען באווייז, אז די לאגע פון פאלק אין ניו־יארק האט זיך פאר די לעצטע פופציק יאהר פיל פארבעסערט.

היינט לאמיר פארגלייכען די דורכשניטלאכע צאל טויטען אין פערשידענע צייטען: ערסטענס אין דעם משך פון 1830 ביז 1840, איידער עס האט זיך אנגעהויבען די גרויסע איירישע איינוואנדערונג, ווען די באפעלקערונג פון דער שטאט ניו־יארק איז באשטאנען פון אלטע תושבים, אמעריקאנער אדער אוראייניקלאך פון די האלענ־

דער; צוויטענס, פון 1860 ביז 1870, ווען עס זיינען שוין דא גע־ווען א סך איירישע און דייטשען; דריטענס, פון 1880 ביז 1890, ווען עס האבען נאר אנגעהויבען צו קומען אידען און איטאליענער; און פערטענס, פון 1900 ביז 1910, ווען די אידען און איטאליענער זיינען געווארען דער גרעסטער עלעמענט אין צאל פון דער איינגע־וואנדערטער באפעלקערונג.

וואס־זשע זעהען מיר? איידער די אימיגראציע האט זיך אנ־געהויבען פלעגען דא שטארבען יעהרלאך כמעט 30 פון 1000 איינ־וואוינער. מיט דרייסיק יאהר שפעטער, ווען די אימיגראנטען זיי־נען געווען נאר איירישע און דייטשען, איז די צאל טויטען־פעלע גע־שטיגען א קאפ, ביז כמעט 32 פון 1000. אין די נעקסטע צוואנ־ציק יאהר, ווען זיי זיינען נאך אלץ געווען דאס רוב פון די איינגע־וואנדערטע, אבער עס האבען זיך שוין געוויזען אידען און איטאליע־נער, איז די צאל טויטען־פעלע פארקלענערט געווארען מיט 5 פון 1000. פאר די לעצטע צוואנציק יאהר, ווען די אידען און איטאל־יענער האבען זיך אויסגעברייט איבער מיילען פון די ניו־יארקער גא־סען, איז די צאל טויטען־פעלע פארקלענערט געווארען מיט 8 פון 1000. דאס הייסט, אין דער צייט, ווען די איינגעוואנדערטע בא־פעלקערונג איז געווען איריש און דייטש, איז די שטערבלאכקייט פארקלענערט געווארען מיט 16% אין צוואנציק יאהר, און זינט די איינגעוואנדערטע באפעלקערונג באשטעהט דאס רוב פון אידען און איטאליענער, איז די שטערבלאכקייט פארקלענערט געווארען מיט 29% אין צוואנציק יאהר.

איך וויל ניט זאגען, אז די נייע אימיגראנטען פארדינען דעם גאנצען כבוד דערפאר, איין זאך אבער איז קלאר, אז דער פארט־שריט נעהמט היינט מיט א שנעלערען שריט, ווי פאר אונדזער אנ־קומען. הייסט דאס, לכל הפחות, מיר האבען ניט געשטערט דעם פארטשריט, פארקערט מיר האבען געהאלפען שאפען די עפענטלאכע מיינונג, וואס האט נויטיק געמאכט פאר די שטאטישע בעאמטע צו זארגען פאר די געזונט פון דער שטאט בעסער ווי אין די אמאליקע צייטען.

עס איז ווערט צו פארגלייכען די שטאט ניו־יארק מיט דעם גאנצען שטאט מאסאטשוזעטס, פאר וועלכען עס זיינען פאראן צי־פערען פאר א צייט מיט יאהרען. היינטצוטאג איז גאנץ מאסאטשו־

זעטס איין גרויסע שטאָט — סך הכל 5% פון זיינע איינוואוינער באַשעפטיגען זיך מיט פאַרמעריי. אָבער סך הכל אַ דריטעל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג וואוינט אין גרויסע שטעט מיט מער ווי 100,000 איינוואוינער, אַן ערך אַ דריטעל אין קלענערע שטעט מיט אַ באַפעלקערונג פון 25,000 ביז 100,000 פּאַרשוין, און די איבעריקע וואוינען אין קליינע שטעטלאַך און דערפער, וואו עס איז געראָמער פאַר קינדער, ווי אין ניו־יאָרק, וואו עס זיינען פאַראַן אָפענע פעלדער און פרישע לופט. נו, ווייזט זיך אַרויס, אַז די צאָל געשטאָרבענע האָט פאַר די לעצטע פיר יאָהר באַטראָפען אין ניו־יאָרק אַקוראַט אַזוי פיל ווי אין אָט דעם גאַנצען סטייט מאַסאַטשוזעטס. דאָס איז אַ צייכען פון אַ גרויסען פאָרטשריט, בפרט נאָך ווען מען באַטראַכט, אַז פון 1850 ביז 1860, בשעת די אײרישע אימיגראַציע איז געווען זעהר שטאַרק, פלעגען שטאַרבען אין דער שטאָט ניו־יאָרק צוויי מאָל אַזוי פיל פון יעדע טויזענט מענטשען, ווי אין דעם שטאַט מאַסאַטשוזעטס.

דאָס איז אַן ענטפער צו יענע וואָס שרייען, אַז די איינוואַנדערונג האָט ארונטערגעדריקט דעם אַמעריקאַנער סטענדאַרד אָוו ליווינג. מיט דעם מלאך המות קען זיך קיין סטאַטיסטיקער ניט פּלפּול'ן.



### צווייטע אפטיילונג.

# די אידישע איינוואַנדערונג.

### פערטער קאַפּיטעל:

## סטאַטיסטישער איבערזיכט.

נאָך דער אמעריקאנער קלאסיפיקאציע ווערען די אידישע איינוואנדערער אריינגערעכענט צווישען די איינוואנדערער פון מזרח און דרום אייראָפּע.

ווי פּראָפעסאר הערש פון זשענעווער אוניווערסיטעט האָט געוויזען אין זיין בוך וועגען אימיגראציע, ספּעציעל וועגען דער אידישער איינוואנדערונג אין די פאראייניקטע שטאַטען, איז דער אידישער אימיגראנט אין יעדער הינזיכט ענלאָך צו די איינוואנדערער פון צפון און מערב אייראָפּא.*)

די איינטיילונג פון די איינוואַנדערער אין צוויי גרופּען — די וואָס קומען פון צפון און מערב אייראָפּע (די גוטע) און די וואָס קומען פון דרום און מזרח אייראָפּע (די אונגעווינטשטע) — שטאַמט פון די רעסטריקשאָניסטען. אין קענעדע איז זי א טייל פון דעם נייעם אימיגראנטען געזעץ, אין די פאראייניקטע שטאַטען איז זי אָפיציעל אָנגענומען געוואָרען פון דער אימיגרעישאָן קאָמישאָן, וואָס איז אין 1907 אָנגעשטעלט געוואָרען פון דעם קאָנגרעס און האָט אין 1910 אָפּגעגעבען איהר אָפיציעלען באריכט. די דאָזיקע איינטיילונג פּאַסט זיך גאַנץ גוט פאר די רעסטריקשאָניסטען, דערפאר וואָס די איינוואַנדערונג פון ענגלאַנד, איירלאַנד, דייטשלאַנד, שוועדען און נאָרוועגיע איז איצטער זעהר קליין — אלזאָ האָבען זיי פאר איר קיין מורא ניט, ווערענד די איינוואַנדערונג פון איטאַליענער, אידען און סלאַווען איז זעהר גרוים אין די אויגען. זיי האָבען אבער געמוזט מאַכען אַן אויסנאַם פאר די טשעכען: ביי פּרעסקאַט האלל'ן**) זיינען זיי פּארעכענט פאר „טעווטאָנען“

*) דער בוך איז געגרינדעט הויפּטזעכליך אויף דער אָפּיציעלער סטאַטיסטיקע פון דער היגער ביוראָ אָוו אימיגרעישאָן, אָבער דער שרייבער פארגלייכט זי מיט דער אָפיציעלער סטאַטיסטיקע פון די אייראָפּעאישע מדינות, פון וועלכע די אידען וואנדערען ארויס, און ער גיט אויף דעם אופן אַ פּאָלשטענדיקע כאראקטעריסטיקע פון דער אידישער עמיגראציע.

**) פּרעסקאָט האַלל איז דער מחבר פון אַ בוך געגען איינוואנדערונג און דער סעקרעטער פון דער „אימיגרעישאן רעסטריקשאָן ליג“ (דעם פאראיין פאר די באשרענקונג פון איינוואנדערונג.

(דאָס הייסט אַז זיי שטאַמען פון טייטשען). די טשעכען, וואָס זיינען אַזוי אויסגעשפּראָכען נאַציאָנאַליסטיש און האָבען שטאַרק פיינט די טייטשען, מוזען קוועלען פון דעם כבוד. דער ביישפּיל ווייזט, ווי וועניק באַגרינדעט עס איז די ראַסען־קלאַסיפיקאַציע פון די רעסטריקשאָניסטען. דר. הערש האָט מיט זיין בוך געמאַכט אַ נייעם בראָך אין דער דאָזיקער קלאַסיפיקאַציע.

די גרעסטע מעלה וואָס מען געפינט ביי די דייטשע, די ענגלישע, די איירישע און די סקאַנדינאַווישע איינוואַנדערער איז: וואָס זיי באַלאַנגען כלומרשט צו דעם „פאַמיליען־טיפּ", דאָס הייסט, אַז זיי קומען דאָס רוב מיט זייערע פאַמיליעס צו באַזעצען זיך אין אַמעריקאַ, בעת די „נייע" ראַסען שיקען אַהער, מערסטענס, זייערע מענער, זיי זאָלען מאַכען דאָ אַ פּאָר דאָלאַר און פאָרען צוריק אַ היים. דאָס איז אייגענטלאַך אויך ניט אמת: ווען איהר זאָלט נעמען דעם פּראָצענט פרויען צווישען די איינוואַנדערער מיט אַ יאָהר אכטציק צוריק. טו וועט זיך אַרויסווייזען, אַז ביי די זעלבע ראַסען איז דעמאָלט אויך געווען די צאָל פרויען זעהר קליין, שפּעטער איז זי אויסגעוואַקסען. דאָס איז גאַנץ נאַטירליך. פאַר אַ מענטשען וואָס לאָזט זיך אַוועק אין אַ נייע לאַנד, איז גרינגער פריהער אַליין צו פאָרען. ווען עס געהט איהם גוט, קלייבט ער צוזאַמען אַ פּאָר דאָלער און שיקט נאָך זיין פאַמיליע. ווען די איינוואַנדערונג פון אַ געוויסער נאַציאָנאַליטעט איז שוין אַן אַלטע, טו קומען אַריבער אַלע יאָהר אַ סך פרויען און קינדער, וועמעס מענער און טאַטעס זיינען שוין אַריבערגעקומען מיט עטלאַכע יאָהר פריהער. ווען אָבער די איינוואַנדערונג איז נאָך פריש, טו געפינען זיך צווישען די אימיגראַנטען וועניקער פרויען, וואָס זייערע מענער האָבען נאָך זיי געשיקט. עס איז אַלזאָ ניט קיין פראַגע פון ראַסע, ווי די רעסטריקאָניסטען ווילען עס אויסטייטשען.

מילא, ווי עס זאָל ניט זיין, איז אַ פאַקט אַז די אידען פאַרנעמען דעם צווייטען פּלאַץ צווישען אַלע פעלקער אין באַטרעף צו דער צאָל פרויען. דעם ערסטען פּלאַץ פאַרנעמען די איירישע, ביי זיי איז די צאָל פרויען גרעסער ווי די צאָל מענער. דר. הערש לאָזט זיך ניט אַריין אין די פראַגע, פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, וואָרים ער באַהאַנדעלט ניט די איירישע איינוואַנדערונג. די אורזאַכע איז, וואָס עס קומען אַהער אַ סך איירישע מיידלאַך צו זוכען שטעלען אַלס דינסטמיידלאַך. אַלזאָ, חוץ די איירישע, האַלטען די אידען

און די מטשעכען דעם אויבען אן: 43 פון 100 איינוואנדערער ביי די אידען און ביי די טשעכען זיינען פרויען.

וואס איז שייך קינדער, טו האבען מיר קיינע קאנקורענטען ניט: א פערטעל פון אלע אידישע איינוואנדערער זיינען קינדער, ווערענד ביי די אידישע זיינען נור 5 פראצענט.

ווייטער, די אידען וואס קומען אהער, בלייבען שוין דא אויף אימער: די צאל וואס פארען צוריק זיינען ניט מעהר ווי 8 פון יעדע 100 וואס קומען אהער. ביי אירישע איז די צאל 7 פון יעדע 100, וואס איז כמעט די זעלבע זאך. ביי די אנדערע פעלקער, וואס קו־מען אהער פון די זעלביקע לענדער ווי די אידען, איז די צאל וואס פארען צוריק א סך גרעסער: ביי די רוסען 41 פון יעדע 100, ביי די פאליאקען 30, ביי אלע אנדערע פעלקער איז דער פראצענט וואס פארען צוריק אויך גרעסער ווי ביי אידען.

ווען עס געפינט זיך ביי א געוויסער נאציאנאליטעט א גרויסער פראצענט מענער, וואס קומען אריבער אהער נור אויף א קורצע צייט, טו איז געוועגלאך די צאל פארהייראטע מענער צווישען זיי אויך גרויס. ביי די אידישע אימיגראנטען וואס זיינען פון 14 ביז 45 יאהר אלט זיינען דריי פון יעדע אכט מאנזבילען פארהייראט. דאס איז אן ערך אזוי פיל ווי ביי די ענגלענדער, ביי די דייטשע און ביי די שוועדען, ביי די פאליאקען, זיינען כמעט די העלפט פארהייראט, ביי די רוסען און די רומענער מער ווי העלפט, ביי די אונגארען און די רומענער כמעט דריי פערטעל. ווען א פארהייראטער מאן פארט אליין אוועק קיין אמעריקע טו ברייננגט ער אריבער מיט דער צייט זיין פאמיליע, אדער ער פארט אליין צוריק. ווען איהר וועט פארגלייכען די צאל פארהייראטע מענער און פרויען וואס קומען אהער, טו ווייזט זיך ארויס, אז אויף יעדע 100 מענער קומען אויס ביי די אידישע אימיגראנטען 80 פרויען. דאס איז דער העכסטער פראצענט וואס איהר געפינט ביי ערגעץ א נאציאנאליטעט פון איינוואנדערער. נאך א זאך. ווען א פארהייראטער מאן פארט אוועק אויף א לאנגע צייט קיין אמעריקע, לאזט זיך אויס זעהר אפט דערמיט אז די פאמיליע ווערט צובראכען. דר. הערש אבער האט אויסגערעכענט, אז ביי אידען איז די צאל צובראכענע פאמיליעס זעהר קליין, גאר קיין

פארגלייך ניט מיט אנדערע נאציאנאליטעטען. די אורזאכע דער־
פון איז ניט, וואס דער נאציאנאלער כאראקטער פין דעם אידען איז
אן אנדערער, נור פשוט וואס די עקאנאמישע לאגע פון דער אידי־
שער מאסע איז אן אנדערע ווי ביי די גוי'ים אין יענע קלאסען,
וואס ליפערען דאס רוב פון די עמיגראנטען. א היבשער טייל פון
די סלאווישע אדער איטאליענישע עמיגראנטען זיינען פויערים;
ווען זיי פארען אוועק, בלייבען זייערע פאמיליעס ביי דער שטיקעל
ערד, פון וועלכער זיי מאכען א לעבען. עס לוינט זיך פאר זיי ניט
צו קומען אהער ביז וואנען ער איז נאך ניט גוט אפ און דאס קען
דויערען א צייט, און מען ווערט אבגעוועגט איינע פון די אנדערע.
דער אידישער עמיגראנט, פארקערט, איז א שטאטישער מענטש:
זיין גאנצער אייגענס איז זיין קאפ און די פאר הענט. ווען ער לאזט
זיין פאמיליע אין דער היים, דארף ער זיי צושיקען אויף חיונה פון
אמעריקע. גאנץ נאטירליך, דויערט דאס נאר א קורצע צייט און
ער ברענגט אריבער די פאמיליע אהער.

דער מחבר לעגט א בעזונדערע געוויכט אויף די עקאנאמישע
אורזאכען פון דער אידישער אויסוואנדערונג. זיין גרונד־געדאנק
איז, אז די אידען וואנדערען אוים ניט נאר דערפאר וואס זיי זיינען
אונטערדריקט, אבער הויפטזעכלאך דערפאר וואס זיי קענען ניט מא־
כען קיין לעבען אין דער היים. די אידען וואנדערען אוים גרעסטענ־
טיילס פון די מיעסטעטשקעס, דערפאר וואס דער וואקסענדער דלות
פון די פויערים האט רואינירט דעם מסחר פון די אידען.

די אלגעמיינע מיינונג איז, אז דער איד טויג פון נאטור ניט
צו זיין א פארמער. מען פארגעסט גאר דערביי, אז אין די אמא־
ליקע יאהרען פלעגט כמעט יעדער אידישער בעל הבית האבען א
גארטען, א ציג, אמאל אויך א בהמה, הינער, גענדז, קאטשקעס, אפילו
אינדיקעס. מילך, שמאלץ, אלערליי מינים גרינס, א הון אויף
שבת פלעגט מען האבען אייגענע. דאס איז געווען ניט נאר אין
די קליינע שטעטלאך, נאר אפילו אין אזעלכע שטעט ווי מינסק,
נאטירליך ניט אין דעם צענטער פון שטאט, נאר אויף די אפגעלע־
גענע גאסען, וואו עס האבען געוואוינט די ארעמע לייט. ווען דער
אידישער עולם האט זיך א לאז געטאן פון די מיעסטעטשקעס אין
די גרויסע שטעט און די שטעט האבען גענומען וואקסען, זיינען די
גארטענס פארבויט געווארען מיט גרויסע מויערען. דער אידישער

בעל הבית דארף היינט קויפען עסענוווארק אין מארק. דערצו דארף מען מערער געלט, און דעם רובעל איז ניטא וואו צו נעמען.

די גרויסע אינדוסטרי פארטרייבט דעם בעל מלאכה, אבער אויך אין די פאבריקעס נעמט מען קיין אידען ניט אן פאר אר־בייטער. די פוילישע ארבייטער דערלאזען ניט קיין אידישע אר־בייטער אין פאבריקעס. עס שפילט זיך דארטען אפ דער זעלבער ראסען־קאמפף אין די רייהען פון דעם פראלעטאריאט ווי דא אין די סאוטה, וואו די ווייסע ארבייטער דערלאזען ניט די שווארצע צו ארבייטען אין די פאבריקעס.

דער אידישער פראלעטאריער וואס קען ניט געפינען קיין ארבייט אין רוסלאנד און אין פוילען איז געצוואונגען צו עמיגרי־רען.

די פאקטען זיינען אלע ריכטיק. דער מחבר פארגעסט נאר, אז די אורזאכע פון דער איבערפילונג פון דעם ארבייטס־מארק אין דעם אידישען תחום איז אין גרונד א פאליטישע. ווי ער ווייזט אליין אן, איז אין די עכט־רוסישע גובערניעס די צאל סוחרים און בעלי מלאכות א סך קלענער ווי אין די אידישע גובערניעס. אבער א מאהלעווער איד טאר ניט באטרעטען די הייליקע לאנד פון סמא־לענסקער גובערניע. ווען דער איד וואלט געמעגט באזעצען זיך אין ראסיעי, איז נאך דארטען פאראן א סך פלאץ פאר סוחרים און בעלי מלאכות, און דער איד וואלט פארשפארט צו עמיגרירען קיין אמע־ריקע.

דר. הערש האט אויך אונטערזוכט די באשעפטיקונגען פון די אידישע עמיגראנטען. לויט דער אמעריקאנער סטאטיסטיקע זיי־נען צוויי דריטעל פון די פארדינערס צווישען די אידישע אימיג־ראנטען בעלי מלאכות, און כמעט א העלפט פון די בעלי מלאכות— שניידער־ארבייטער. די צאל אידישע שניידערס צווישען די אי־מיגראנטען איז צוויי מאל אזוי גרויס ווי די צאל שניידערס פון אלע אנדערע נאציאנאליטעטען צוזאמען. פון וואנען נעמט זיך אזא גרויסע אויסוואנדערונג גראד פון אידישע שניידערס? דער מחבר ווייזט, אז אין ערך א העלפט פון אלע אידישע מפרנסים אין רוסלאנד זיינען באשעפטיקט אין דער קליידער אינדוסטרי. דעריבער איז גאר קיין וואונדער ניט וואס איינער פון יעדע דריי פארדינער צווישען אידישע אימיגראנטען איז אן ארבייטער ביי

קליידער. דאָס וואָלט געווען אַ גאַנץ גוטע ערקלערונג, דער חסרון איז נאָר, וואָס די אַמעריקאַנער סטאַטיסטיקע שטימט ניט מיט דער רוסישער. ווערליג די אַמעריקאַנער ציפערען, האָבען אין די 12 יאָהר פון 1899 ביז 1910 איינגעוואַנדערט אַהער מער אידישע אַרבייטער ביי קליידער, איידער עס זיינען געווען אין רוסלאַנד אין יאָהר 1899. ווען דאָס וואָלט געווען ריכטיק, וואָלטען געבליבען אין רוסלאַנד ניט מער אַרבייטער אין דיזער אינדוסטרי, וויפיל עס באַטרעפט אַן ערך דער צוּוואוּקס פון דער אידישער באַפעלקערונג. דאָס וואָלט געקענט אויסמאַכען העכסטענס צוואַנציק פּראָצענט (אין אמת'ן איז צען פּראָצענט אַ סך ריכטיקער). דאָס הייסט, וואו עס זיינען אין 1899 געווען פינף שניידערס, איז אין 1910 געבלי־בען איינער. דאָס איז נאַטירליך שטאַרק איבערטריבען. דער טעות שטאַמט דערפון, וואָס מען קען זיך ניט פאַרלאַזען אויף די אַמעריקאַנער ציפערען מכח באַשעפטיקונגען. מען פרעגט ביי דעם אידישען אימיגראַנט אין עליס איילאַנד, וואָס איז זיין מלאכה. גע־פינט שוין כמעט יעדער איינער אַ מלאכה צו מעלדען, וואָרים ער האָט מורא, אַז אַנדערס וועט מען איהם ניט אַריינלאָזען. הייגט וואָס פאַר אַ מלאכה? די גרינגסטע זאַך איז אַנצוגעבען די זעלביקע ביי וועלכער זיין קרוב אָדער זיין פריינט איז באַשעפטיקט אין אַמע־ריקע. די גרעסטע אידישע אינדוסטרי אין אַמעריקע איז די אַר־בייט מיט דער נאָדעל, נו, איז גאַנץ נאַטירליך, אַז איינער פון יעדע דריי אידישע אימיגראַנטען זאָגט, אַז ער איז אַ שניידער. אַזוי שטעלט זיך דאָס מיר פאָר.

אמת, פאַרגלייכענדיק די צאָל בעלי מלאכות וואָס זיינען גע־קומען אַהער אין יאָהר 1905 מיט דער צאָל וואָס זיינען געקומען אין יאָהר 1906, געפינט דער מחבר, אַז בעת די צאָל פאָרדינער בכלל איז געפאַלען אויף 8 פּראָצענט, איז די צאָל בעלי מלאכות געפאַלען אויף 15 פּראָצענט. דאָס ערקלערט ער דערמיט, וואָס אין דער רעוואָלוציאָנערער צייט פון זומער 1905 ביז זומער 1906 האָט זיך די לאַגע פון די אידישע בעלי מלאכות אַ סך פאַרבעסערט און דעריבער איז די צאָל עמיגראַנטען צווישען זיי אָבגעפאַלען. דאָס שיינט צו זיין אַ גוטער באַווייז, אַז די אַמעריקאַנער אָפיציעלע סטאַטיסטיקע וועגען די באַשעפטיקונגען פון די אימיגראַנטען איז ריכטיק. ווען אָבער מען פאַרגלייכט דעם יאָהר1906 מיט אַנדע־רע יאָהרען, טו ווייזט זיך אַרויס, אַז מען קען מיט דעם שלום ניט

זיין אזוי זיכער. די צאָל בעלי מלאכות צווישען די אידישע אי־מיגראַנטען האָט אויסגעמאַכט אין 1906 67 פּראָצענט פון אַלע פאַרדינער, און פונקט אזוי פיל אויך אין יאָהר 1904, נאָך פאַר דער רעוואָלוציע. ווייטער, — און דאָס איז נאָך וויכטיקער, — דער דורכשניט פאַר די צוועלף יאָהר פון 1899 ביז 1910 האָט אויך אויסגעמאַכט די זעלביקע 67 פּראָצענט. אַלזאָ, ווען מען פאַר־גלייכט די צוויי יאָהרען, וואָס דר. הערש האָט אויסגעקליבען, טו קען מען דעם אונטערשיד ערקלערען נאָך אויף אַן אַנדער אופן, נעמלאָך, אז דער יאָהר 1905 (ס'הייסט פון דעם ערסטען יול 1904 ביז דעם ערסטען יול 1905) איז געווען אַן אויסנאַם. און דאָס איז טאַקע אַזוי. אין יענעם יאָהר האָט אויסגעוואַנדערט די העכסטע צאָל פאַרדינערס בכלל און אויך די העכסטע צאָל בעלי מלאכות. דאָס ערקלערט זיך גאַנץ גוט דורך דעם, וואָס אין יענעם יאָהר איז געווען די מלחמה מיט יאפּאַניע, און חוץ די יונגע לייט, וואָס זיינען געלאָפען פון פּריזיוו, זיינען נאָך אוועק אַ סך אויסגעדינטע סאָלדאַטען, ווען די רעגירונג האָט גע־נומען ישיקען די זאַפּאַסנע קיין מאַנדזשוריע. ווען מען זאָל זיך פּאַרלאָזען אויף די אַמעריקאַנער סטאַטיסטיקע ווענגען בעלי מלאכות, טו קומט אויס, אַז דער גאַנצער צוואוואקס פון דער צאָל דערוואַק־סענע אימיגראַנטען פון 1904 ביז 1905 האָט אויסגעמאַכט 15,288 פּארשוין, און די צאָל בעלי מלאכות צווישען זיי — 15,026. אויף אַלע אַנדערע בלייבט איבער אין גאַנצען 262 פּארשוין. ווען איהר פּארגלייכט, ווי די צאָל בעלי מלאכות און אַנדערע מפרנסים שטייגט און זינקט פון יאָהר צו יאָהר, טו געפינט איהר קיין אַנדער יאָהר ניט, וואו דער אונטערשיד זאָל זיין אזוי אונגעהויער גרויס.

עס איז מעגלאָך, אַז עס זיינען געווען אַנדערע אורזאַכען, חוץ דער מלחמה, וואָס האָבען געטריבען אַ גרעסערע צאָל אידען צו עמיג־רירען אין יאָהר 1905 איידער אין יאָהר 1904. פונדעסטוועגען, קען דען דאָס זיך פאָרט לעגען אויפ'ן שכל, אַז בעת עס זיינען אוועק העכער ווי פופצען טויזענט בעלי מלאכות צוליב פאַרשידענע אוי־סערגעוועגלאכע אורזאַכען, זיינען פון אַלע אַנדערע קלאַסען אוועק וועניקער ווי דריי הונדערט מענטשען?

די צאָל אנטלאָפענע זאַפּאַסנע פון דעם מיטעל־קלאַס אַליין איז זיכער געווען אַ סך גרעסער ווי 300. אויב עס איז ריכ־

טיק, אז א דריטעל פון אלע אידישע איינוואנדערער באלאנגען געוועגלאך צו דעם קלאס לופט־מענטשען, האבען אפנים 5,000 לייט לכל הפחות אנגעגעבען פאלש אז זיי זיינען בעלי־מלאכות.

וואס איז די ווירקונג פון דער אידישער אויסוואנדערונג אויף די לאגע פון דער אידישער מאסע וואס בלייבט אין דער היים? דר. הערש האט אויסגערעכענט, אז ניט אכטענדיק אויף די גרויסע אויסוואנדערונג אין די צוועלף יאהר צייט, האט זיך די צאל אי־דען אין רוסלאנד פארמערט וועניקסטענס מיט הונדערט און פופ־ציק טויזענט. דערפון פירט ער אויס, אז די אויסוואנדערונג איז ניט קיין לייזונג פון דער אידישער פראגע אין רוסלאנד. פון דער אנדערער זייט אבער, ווען מען פארגלייכט די צאל מיט די 850,000 עמיגראנטען וואס האבען אין דער זעלבער צייט פארלאזען רוסלאנד אויף אימער, טו ווייזט דער חשבון, אז די אויסוואנדערונג האט ארייננעצויגען 85 פראצענט פון דעם נאטירליכען צואוואקס פון דער אידישער באפעלקערונג אין רוסלאנד. א צואוואקס פון, דורכשניטלאך 50,000 עמיגראנטען יעהרלאך וואלט איינגאנצען פארשלונגען דעם נאטירליכען וואוקס פון דער אידישער באפעל־קערונג.דאס איז ניט אזא אומעגלאך גרויסע צאל, עס זיינען געווען יאהרען, ווען די אידישע אויסוואנדערונג איז געשטויגען א סך מער. מען מוז נעמען אין אנבעטראכט, אז די צוציהונגס־קראפט פון די אויסגעוואנדערטע אויף זייערע קרובים און פריינט ווערט רק גרעסער מיט דעם ווייטערען גאנג פון דער אויסוואנדע־רונג: ווען עס זיינען געווען אין אמעריקע הונדערט טויזענט רו־סישע אידען, האבען זיי געקענט אריבערנעמען אהער וועניקער נייע אימיגראנטען איידער דער מיליאן רוסישע אידען וואס געפינען זיך דא היינט צו טאג.

מיינט אבער דר. הערש, אז די רוסיש־אידישע עמיגראציע האלט שוין אין פאלען, אי נאך דער צאל אידישע עמיגראנטען, אי אין פארהעלטנים צו די גוי'אישע עמיגראנטען פון רוסלאנד. זיי־נע ציפערען ווייזען עס ניט. עס איז ריכטיק, פארשטעהט זיך, אז די צאל איז איצטער קלענער ווי אין דער צייט פון דער רוסישער מלחמה מיט יאפאניע אדער אין דער צייט פון די פאגרא־מען, אבער יענע יאהרען דארף מען ניט רעכענען; דאס זיינען

אויסנאמען. דער יאָהר 1908 ווידער איז אויך אַן אויסנאַם: דאַס איז געווען דער יאָהר פון דעם קריזיס. בלייבען נאָך צוויי יאָהר 1909 און 1910 (ווייטער געהען זיינע ציפערען פּיט) צוויי יאָהר אָבער איז אַ צו קורצע צייט מען זאָל אויף זיי קענען בויען פון דער אַנדערער זייט איז די צאָל אידישע איינוואַנדערער אין 1910 געווען העכער ווי אין ערגעץ אַ יאָהר פון 1899 ביז 1903 (שוין אריינרעכענענדיק 1903). אפילו אין 1909, ווען די אידי־שע איינוואַנדערונג איז געזונקען ביז דעם נידעריקסטען פּונקט, איז די צאָל פאָרט געווען גרעסער ווי אין אירגענד וועלכען יאָהר פון די פיר יאָהר זינט 1899. עס קען זיין, אַז די אידען האָבען געוויזען דעם וועג דעם רוסישען, דעם ליטווישען און דעם פּוילישען פּויער, און אַז זיי וועלען זיך אַ לאָז טאָן, וועט דער פּראָצענט אידען צווישען די עמיגראַנטען פון רוסלאַנד פאַלען. דערווייליע אָבער איז ער נאָך זעקס מאָל אזוי הויך ווי צווישען די עסטרייכישע עמיג־ראַנטען. עס שיינט מיר, אַלזאָ, אַז די סטאַטיסטיק וואָס מיר האָבען, ערלויבט אונדז ניט צו זאָגען נביאות וועגען דעם צוקונפטי־קען גאַנג פון דער אידישער אויסוואַנדערונג. ניט רעדענדיק וועגען דער ווירקונג פון דעם פּוילישען באָיקאָט אויף אידען, וואָס איז אַ ספּעציעלע אורזאַכע, וועלכע קען פונדעסטוועגען האָבען אַ וויר־קונג אויף די אידישע עמיגראַציע אין די נעקסטע עטלאַכע יאָהר, קענען מיר איצטער געגוי ניט וויסען, וואָס פאַר אַן איינפלוס עס וועט האָבען די עפענונג פון דעם פּאַנאַמאַ קאַנאַל. מען רעכענט אַז ער וועט צוציהען אַ סך אימיגראַנטען צו קאַליפאָרניא, אָרעגאָן און וואַשינגטאָן. די אידען וועלען מסתמא אויך ביישטייערען זייער צאָל.

די איינוואַנדערונג אין קענעדע איז קליין אין פאַרגלייך מיט דער איינוואַנדערונג אין די פאַראייניקטע שטאַטען, אָבער זי האַלט אין וואַקסען. די אידען וועלען מסתמא אהין אויך צושטעלען זייער חלק אימיגראַנטען.

עס איז מעגלאָך, אַז די באַשרענקונג פון איינוואַנדערונג אין אַמעריקע וועט אויף אַ געוויסע צייט פאַרקלענערען די צאָל אידישע אויסוואַנדערערס פון רוסלאַנד. איך גלויב אָבער, אַז עס איז אַ טעות צו באַטראַכטען די אויסוואַנדערונג פאַר אַ מין חולאת אין

דעם לעבען פון דער היינטיקער געזעלשאַפט*). פונקט פאַרקערט: די עמיגראַציע איז אַ נאָרמאַלע ערשיינונג אין דעם גאַנג פון דער ציווויליזאַציע. אין אַלע צייטען האָבען די מענטשען געזוכט זיך אויסצושפּרייטען פון די געדיכט־באַזעצטע געגענדען אין די ווילדע לענדער. די אייזענבאַנען און די שיפען האָבען געמאַכט די וואַנדערונג פון איין לאַנד אין די אַנדערע אַ סך לייכטער און שנעלער. דאָס איז ניט קיין קראַנקהייט, נאָר פאַרקערט, דאָס איז אַ געזונטער וואוקס פון דעם אינדוסטריעלען לעבען. כל זמן עס געפינען זיך נאָך לענדער אין סאַוט־אַמעריקע, וואו איהר קענט פאָרען הונדערט מייל און ניט אָנטרעפען קיין איין דערפעל, איז נאָך צו פריה צו רעדען וועגען אַ פאַרקלענערונג פון עמיגראַציע. זאָל די איינוואַנדערונג אין די פאַראייניקטע שטאַטען באַשרענקט ווערען און דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַל וועט ניט געפינען גענוג העגד צו עפענען נייע מעטאַל־גרובען און בויען נייע אייזענבאַנען אין די פאַראייניקטע שטאַטען, וועלען די אַמעריקאַנער מיליאָנען באַנוצט ווערען צו עפענען נייע מעטאַל־גרובען און בויען נייע אייזענבאַנען אין סאַוט־אַמעריקע. און דאָס וועט צוציהען עמיגראַנטען אַהין.

*) „אין אַ געוויסען זין אַ פּאַטאָלאָגישע ערשיינונג אין דעם געגענווערטיגען סאָציאַלען לעבען", (דר. הערש, ז. 321).

## צווייטער קאפיטעל

# די אמעריקאנער קליידער אינדוסטרי.

די פאבריקאציע פון פארטיקע קליידער אין אמעריקע איז געשאפען געווארען פון אימיגראנטען. זיי האבען צוגעשטעלט די ארבייטער, און גרעסטענטיילס אויך דעם קאפיטאל. די אפטע סטרייקס פון די אידישע ארבייטער האבען געלאזען ביי דעם אמעריקאנער עולם דעם איינדרוק, אז זיי ארבייטען אלע אין „סוועט שאפס“. און אין דער לעצטער צייט, ווען די אגיטאציע פון די אמע־יקאנער און די איירישע ארבייטער קעגען איינוואנדערונג און דער ראסען־האס קעגען די „אונגעווינטשטע איינוואנדערער פון מזרח און דרום אייראפא“, זיינען געווארען זעהר שטארק, איז די טענה פון די ארבייטער־פריינט און די ענגליש־שפרעכענדע יוניאן־פירער געווארען, אז די אידישע אימיגראנטען זייַנען אליין שולדיק אין דעם סוועטינג סיסטעם: זיי שטעהען אויף זעהר א נידעריקער קולטורעלער מדרגה, זיי פארשטעהען קיין בעסערס ניט, און זיי זייַנען גאנץ צופרידען מיט דעם סיסטעם. נו, זאגט אליין, קען מען עפעס האבען סימפאטיע צו אזוינע לייט, וואס זיינען „צופרידען“ מיט אזא סיסטעם פון בלוטזויגעריי? דערצו האבען די “יונייטעד גארמענט וואירקערס„ אויף זייער יעהרלאכען קאנווענשאן אין 1905 אנגענומען א רעזאלוציע, אז זיי פארלאנגען די איינוואנדערונג זאל באשרענקט ווערען, כדי צו באשיצען די איינגעוואנדערטע ארבייטער, וואס זיינען שוין דא.

דאס פארלאנגען דאך שוין ניט קיין פארביסענע שונאים פון די אימיגראנטען, נאר די אימיגראנטען אליין, און נאך וואס פאר אימיגראנטען? דוקא אידישע, וואס זיינען אנטלאפען פון די רוסישע צרות, זיי סימפאטיזירען דאך געוויס מיט זייערע ברידער, וואס זוכען זיך צו ראטעווען פון פארפאלגונגען. אבער זיי ווייסען בעסער פאר אלעמען ווי שעדלאך די איינוואנדערונג ווירקט אויף דעם שניידער־פאך, און כאטש זייערע נשמות נעהען אוים פאר די רוסישע אידען, אבער זייערע ווייבער און קינדער זיינען ביי זיי בילכער. אזוי פארטייטשען עס די געגנער פון איינוואנדערונג. דער

ריכטיקער אמת איז אבער, אז די לאגע פון די ארבייטער אין דער
קליידער אינדוסטרי איז פיל פארבעסערט געווארען אין די לעצטע
צוואנציק יאהר, טאקע אין דער צייט פון דער גרעסטער איינוואנ־
דערונג. לאמיר אקארשט א בליק טאן אין די געשיכטע פון דער
אינדוסטרי.

ערשטענס, וואס איז שייך דעם סוועטינג סיסטעם, טו שטאמט
ער ניט פון אידישע ארבייטער, ער האט שוין עקזיסטירט מעהר ווי
פופציק יאהר איידער די אידען האבען זיך א לאז געטאן קיין אמע־
ריקע. אין 1828, האט אן ארבייטער־פריינטלאכער רעפארמער פון
יענע צייטען, א געוויסער מאטיו קערי, געמאכט א רעכענונג, אז
עס זיינען צו יענער צייט אין באסטאן, ניו־יארק, פילאדעלפיע און
באלטימאר געווען אן ערך 20,000 ארבייטערינען וואס הא־
בען געארבייט אין סוועט־שאפס. זיי פלעגען נעמען די ארבייט
צו זיך אהיים, פלעגען אויפשטעהן מיט דער זון און ארבייטען ביז
צען און עלף א זייגער ביינאכט, כדי זיי זאלען קענען אויסארביי־
טען אנדערהאלבען דאלאר א וואך, רעכענענדיק שוין, אז זיי הא־
בען געהאט שטענדיקע ארבייט. דינגען איין צימער האט געקאסט
א דאלאר א וואך, הייסט דאס, אז ארבייטענדיק שווער און ביטער
אן ערך זעכצען שטונדען א טאג, פלעגט א פרוי קענען פארדינען
סך־הכל אויף דירה־געלט.

א קאמיטע, וואס איז אויסגעקליבען געווארען ביי א מאס־
מיטינג אין 1829 צו אונטערזוכען די לאגע פון די ארבייטערינס,
האט באריכטעט, אז די פרויען, וואס ארבייטען ביי זיך אין דער
היים — נייטערקעס, שפינערקעס, מיידלאך, וואס ארבייטען פאר
בוכבינדער, וועשערינס — פארדינען ניט גענוג אויף חיונה, אפילו
ווען זיי ארבייטען שטענדיק. געוועהנלאך אבער פלעגט זיך די אר־
בייט אפשטעלען זעהר אפט אויף א וואך צייט, אדער די ארבייטע־
רינס פלעגען קריגען ארבייט העכסטענס פיר ביז פינף טעג אין
וואך. מיט א פאר יאהר שפעטער, אין 1833, האט מען פון באל־
טימאר אויך באריכטעט, אז די פארדינסטען פון אן ארבייטספרוי
קלעקען ניט אויף איהרע אייגענע הוצאות, ווי זי זאל זיך ניט אנ־
שטרענגען.

א באשרייבונג פון דעם סוועטינג סיסטעם איז איבערגעבליבען

פון דעם יאָהר 1844, נאָך איידער עס האָט זיך אָנגעהויבען די איי־רישע מאַסען־איינוואַנדערונג. עס שטעהט אין דעם באַריכט, אַז אַ קאָנטראַקטאָר, אַרבייטענדיק מיט צוויי אַרבייטערינען פון צוועלף ביז זעכצען שטונדען אַ טאָג, האָט געמאַכט אַ דאָלאַר אַ טאָג פאַר אַלע דריי צוזאַמען, דערפון אָבער איז אַראָבגעגאַנגען אַ דאָלאַר אַ וואָך פאַר דעם בוידים, וואו זיי האָבען געאַרבייט. פון די פינף דאָלאַר, וואָס האָבען זיך אָפּגעשטעלט, האָט יעדע מיידעל געקראָ־גען אַ דאָלאַר מיט אַ פערטעל און דריטהאַלבען דאָלאַר אַ וואָך איז געבליבען פאַר דעם קאָנטראַקטאָר.

ארום 1850 איז די אינדוסטרי אריין אין איירישע הענט. אין יענער צייט זיינען פאַרטיקע קליידער נאָך געווען אַ נאָווינע אין ניו־יאָרק. קיין פאַבריקען זיינען ניט געווען, און די אַרבייטערינען האָבען געוואוינט און געאַרבייט אין קליינע חדרים'לאָך, דאָס הייסט אין שוויץ־שעפּער. אין 1853 האָט די צייטונג „טריביון" געמאַכט אַן אונטערזוכונג איבער די לאַגע פון דער קליידער־אינ־דוסטרי, — די אינדוסטרי איז דעמאָלט געלעגען צווישען דער בויערי און דעם איסט ריווער. די רעפּאָרטערס האָבען דאָרטען געפונען אַן אַלטע איירישע פרוי, וואָס האָט געאַרבייט מיט פיר מיידלאָך. געלט האָט זי זיי ניט געצאָלט, זיי האָבען נאָר געקראָגען טיש ביי איהר אָן־דערוואָכען, זונטאג האָבען זיי נאַטירליך ניט גע־אַרבייט און האָבען געגעסען אין דער היים. אין אַנאַנדער סוועט־שאָפּ האָט די בעל־הבית'טע געדונגען פיר „לערנערקעס", צוויי פון זיי האָט זי אויסגעהאַלטען ביי זיך אויף קוואַטיר און זיי געגעבען עסען „פריי", און די אַנדערע צוויי האָט זי געצאָלט אַ דאָלאַר אַ וואָך יעדערער, אָהן עסען. ווען איהר פאַרגלייכט די פאַרדינסטען פון די אַמאָליקע אַמעריקאַנער און איירישע אַרבייטערינען מיט די היינטיקע, טו ווייזט זיך אויס, אַז דער אונטערשיד איז וואָס אַמאָל האָבען די אַרבייטערינען ניט פאַרדינט גענוג אויף זייער אייגענע אויסהאַלטונג, — זיי זיינען געזעסען ביי זייערע טאַטעס, — פאַרקערט די היינטיקע אידישע מיידלאָך מאַכען אַ לעבען פון זייער אַרבייט. עס איז ניט די פראַגע, פאַרשטעהט זיך, צי זיי מאַ־כען גענוג, צי ניט, דער עיקר איז, אַז זיי דאַרפען צו קיינעם ניט אָנקומען, אימיצער זאָל זיי מאַכען אַ קלייד, אָדער וועגען אַנדערע אויסגאַבען.

**די וויכטיקסטע אורזאַכע, וואָס האָט אין די אַמאָליקע גוטע**

צייטען אזוי טיף ארונטערגעדריקט די שכירות די ארבייטערינען, איז געווען די קאנקורענץ פון די פארמערשע טעכטער, וואס האבען געארבייט ביי זיך אין דער היים און האבען אויסגעגעבען זייערע פארדינסטען אויף קליידער. אין יענע צייטען, ווען עס איז נאך קיין נעה־מאשינען ניט געווען און מען האט אלץ געדארפט נעהען מיט די הענט, האט מען געצאלט אין די דערפער פאר א גאנצע שווירט־ווייסט (א בלוזקע) עלף סענט א שטיק. נאטירליך, מיט אזעלכע פרייזען האט מען אפילו דעמאלט ניט יעקענט מאכען קיין לעבען, אבער די פארמערשע טאכטער האט ביי זיך גערעכענט, אז ווען ניט די ארבייט, וואלט זי פארבראכט די צייט גאר אומזיסט. אין דער שטאט ניו־יארק גופא האבען מיידלאך געקראגען פון 10 ביז 20 סענט א טאג.

דאס האט זיך אלץ איבערגעביטען מיט דער ענטוויקלונג פון דער פאבריקאציע פון פארטיקע קליידער. צו ליפערען ווארע פאר דעם גאנצען אמעריקאנער מארק, קען דער פאבריקאנט זיך ניט פארלאזען אויף הענט, וואס ארבייטען ווען זיי האבען קיין אנדער זאך ניט צו טאן, — ער מוז האבען רעגעלמעסיקע ארבייטער, ווען די אינדוסטרי פארלאנגט זיי. דאס האט נויטיק געמאכט די שטאטישע פאבריקען, וואו עס ווערען באשעפטיקט רעגעלמעסיקע לוין־ארבייטער, וועלכע מוזען מאכען א לעבען פון זייער ארבייט. די ארבייטער זיינען געליפערט געווארען דורך דער איינוואנדערונג. פריהער זיינען געקומען די איירישע, דערנאך די טייטשען, שפעטער די אידען, די פאליאקען און די איטאליענער. די אימיגרעישאן קאמישאן האט געמאכט אן אונטערזוכונג אויסצוגעפינען צי די נייע אימיגראנטען, די „אונגעווינטשטע“ אידען, איטאליענער און פאליאקען, קריגען ווייניקער באצאלט איידער די פריהערע. דער רעזולטאט ווייזט, אז צווישען די גרינע אידען, וואס זיינען דא אין לאנד ווייניקער ווי פינף יאהר, פארדינען מער ווי א פינפטעל איבער פופצען דאלאר א וואך, אין דער צייט ווען צווישען די גרינע דייטשען געפינט זיך ניט מער ווי איינער פון יעדע צוועלף קליידער־ארבייטער, וואס פארדינט אזוי פיל. פארקערט, דער פראצענט שלעכט־באצאלטע גרינע ארבייטער, וואס פארדינען ווייניקער ווי צען דאלאר א וואך, איז עפעס העכער ביי די דייטשען איידער ביי די אידען אדער ביי די פאליאקען. דאס ווייזט יעדענפאלס.

אַז די נייע איינוואַנדערער האָבען ניט אַראָפּגעשלאָגען די שכירות פון די אתה־בחרתנו׳ניקעס, וואָס קומען פון דייטשלאַנד.

די קליידער־אינדוסטרי ליידט פון לאַנגע שטונדען. פונ־דעסטוועגען, ווען מען אונטערזוכט די געשיכטע פון דער אינדוס־טרי, ווייזט זיך אויס, אַז אין די אַמאָליקע צייטען פלעגען די אַמע־ריקאַנער פרויען און מיידלאַך אַרבייטען אין די סוועט־שעפּער נאָך לענגער, און אין דער לעצטער צייט האָט מען געפונען, אַז די אַמע־ריקאַנער קליידער־אַרבייטער אין די פאַרמערשע געגענדען האָבען געאַרבייט פונקט דיזעלבע שטונדען, ווי די אידישע און איטאַל־יענישע אַרבייטער אין שטאָט, און חוץ דעם זיינען אַמעריקאַנער אין די פאַרמערשע געגענדען צופרידען געווען צו אַרבייטען ביליקער איידער די אידישע און איטאַליענישע אַרבייטער אין שטאָט, און חוץ דעם זיינען אַמעריקאַנער אין די פאַרמערשע געגענדען צופרידען געווען צו אַרבייטען ביליקער איידער די אידישע אַרביי־טער אין די גרויסע שטעט. די אורזאַכע איז היינטצוטאָג דיזעלבע ווי מיט זעכציק יאָהר צוריק: די דערפישע אַרבייטערינען זיינען פאַרמערשע פרויען און טעכטער, וואָס נעמען „באַנדעלס“ (בינט־לאַך אַרבייט) פון די קאָנטראַקטאָרס, ווען זיי האָבען שוין אָבגע־פּטר׳ט די זומער־אַרבייט אויף די פאַרמס.

אַ חוץ דעם איז פאַראַן נאָך אַנאַנדער וויכטיקע אורזאַכע פאַר וואָס די אַמעריקאַנער מיוחסים וויליגען איין אויף נידעריקערע שכירות איידער די אידישע אַרבייטער: די אַמעריקאַנער זיינען צושפּרייט און צושאָטען איבער די פאַרמס און קענען זיך דעריבער ניט פאַראייניקען, ווערענד די אידישע און איטאַליענישע אַרבייטער זיינען מער אָדער ווענִיקער אָרגאַניזירט.

די וועטעראַנען פון דער יוניאָן ־ באַוועגונג זיינען גע־נייגט צו זיין זעהר פּעסימיסטיש בנוגע די אידישע יוניאָנס: דער גוי ווערט באַטראַכט פאַר אַ בעסערען יוניאָן־מאַן ווי דער איד. אָבער ווען איהר קוקט זיך איין אין די ציפערען, טו ווייזט זיך אַרויס, אַז מיר האָבען גאָר ניט וואָס צו זיין אַזוי געפאַלען ביי זיך אַליין אין די אויגען. איך מוז זיך ווידער באַרופען אויף די אימיג־רעישאָן קאָמישאָן, וואָס איז בכלל געווען נעגען דער אידישער איינוואַנדערונג. פון איהרע ציפערען ווייזט זיך אויס, אַז די צאָל אָרגאַניזירטע קליידער־אַרבייטער, וואָס זיינען כמעט אַלע אידען אָדער איטאַליענער, האָט באַטראָפען אין ניו־יאָרק 36 פּראָצענט

פון דער אינדוסטרי; דאס איז געווען נאך פאר די גרויסע סטרייקס, וואס האבען זיך געענדיקט מיט א זיג פון די ארבייטער און האבען שטארק פארמערט די צאל ארגאניזירטע אידישע ארבייטער. פון דער אנדערער זייט באטרעפט די צאל ארגאניזירטע ארבייטער בכלל איבער דעם גאנצען לאנד העכסטענס 25 פראצענט פון אלע לוין־ארבייטער אין די פאראייניקטע שטאטען. איהר זעהט, אלזא, מיר זיינען ניט ערגער פאר לייטען. עס איז נאטירליך נאך פאראן א סך צו טאן צווישען די אידישע ארבייטער, איידער זיי וועלען אלע ארגאניזירט זיין ווי געהעריק, אבער עס איז נאך פונקט אזוי פיל ארבייט פאראן ביי די גויים.

עס מעג זיין אמת, אז דער אידישער טרייד־יוניאניזם איז ווי א סארט קדחת; מיט אמאל שטייגט די היץ אין דער הויך און באלד ווערט די טעמפעראטור ווידער אפגעקילט. אבער ווען עס האלט אין קאמפף, איז דער איד א בעסערער סטרייקער איידער דער גוי. מיר האבען וועגען דעם א גענויע סטאטיסטיקע פון דער וואשינגטאנער ביורא און לייבאר. אין די ניינצען יאהר פון 1887 ביז 1905 איז אין דער קליידער־אינדוסטרי צוגעשטאנען צו די סטרייקערס א גרעסערער פראצענט פון אלע ארבייטער אין יענע שעפער, וואו מען האט געסטרייקט, איידער אין אלע אנדערע אינדוסטריען. ווערענד אין אלע אינדוסטריען אין די פעראייניגטע שטאטען זיינען דורכשניטלאך באטייליקט געווען אין די סטרייקס א קנאפע העלפט פון אלע מענער ארבייטער אין די פאבריקען, וואס זיינען געווען אין סטרייק, האבען זיך אין דער קליידער־אינדוסטרי אנגעשלאסען אן די סטרייקערס אן ערך פינף־זעקסטעל פון אלע מענער אין די סטרייקענדע שעפער, און ניט מער ווי איינער פון זעקס האט געסקעבט. די פרויען ווייזען געוועהנלאך וועניק סאלידאריטעט אין סטרייקס: דורכשניטלאך איבער די פאראייניקטע שטאטען האבען פון די ארבייטערינען אין די פאבריקען, וואו עס זיינען ערקלערט געווארען סטרייקס, ניט מער ווי צוויי זיבעטל מיטגעסטרייקט, און פינף פון יענע זיבען האבען געסקעבט. אין דער פרויען־קליידער אינדוסטרי פון דער אנדערער זייט האבען כמעט צוויי דריטעל מיטגעסטרייקט, אין דער מענער קליידער אינדוסטרי האבען די פרויען געוויזען וועניק סאלידאריטעט, אבער אפילו דארטען אויך ניט וועניקער ווי די מענער אין די אינדוסטריען, וואו די ארבייטער זיינען גויים.

וואָס איז שייך אָרגאַניזאַציע אין סטרייקס, טו איז דורכשניט־לאָך איינער פון יעדע דריי סטרייקס אין דער גאַנצער אַמעריקאַנער אינדוסטרי געווען אונאָרגאַניזירט, און צוויי דריטעל זיינען ער־קלערט געוואָרען פון יוניאָנס; אין דער פרויען־קליידער אינדוסטרי איז די צאָל אונאָרגאַניזירטע סטרייקס געווען איינער אין יעדע זעקס, און פינף פון יעדע זעקס זיינען געווען אָרגאַניזירט; אין דער מענער־קליידער אינדוסטרי איז דער פּראָצענט אָרגאַניזירטע סטרייקס געווען נאָך קלענער, — סך הכל צען פּראָצענט.

וואָס איז שייך דעם פּראָצענט ערפאָלגרייכע סטרייקס, איז די קליידער אינדוסטרי אין דעם פּרט אויך געשטאַנען איבער דעם דורכשניט. די צאָל פאַבריקען, וואו די סטרייקס זיינען איינגאַנ־צען געוואונען געוואָרען, האָט באַטראָפען אין דער אַמעריקאַנער אינדוסטרי בכלל ווייניקער ווי אַ העלפט, אין דער פרויען־קליידער אינדוסטרי צוויי דריטעל און אין דער מענער־קליידער אינדוסטרי דריי פערטעל.

אמת, די גוי'אישע אינדוסטריען שליסען איין אַזעלכע, וואָס זיי־נען קאָנטראָלירט פון טראָסטס, און מיט אַ טראָסט איז שווער פאַר אַן אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע זיך צו ראַנגלען. פון דער אַנדערער זייט אָבער זיינען די שעפּער אין דער קליידער־אינדוסטרי דורכ־שניטלאָך קליין, און אין אַ קליינעם שאָפּ איז שווערער צו געווינען אַ סטרייק, וואָרים עס איז לייכטער פאַר אַ קליינעם בעל־הבית'על צו קריגען צוואַנציק סקעבס איידער פאַר אַ טראָסט צו קריגען מיט אַ מאָל צוואַנציק טויזענט.

ווען איהר וועט ווידער פארגלייכען ווי אָפט עס זיינען פאָר־געקומען סטרייקס אין יענער צייט, ווען די אַרבייטער אין די שניי־דער־אינדוסטריען זיינען געווען מערסטענס דייטשען און איירישע, און שפּעטער, ווען די אידען און די איטאַליענער האָבען פארנומען זייערע פּלעצער, טו וועט זיך ווידער ארויסווייזען, אַז די אידען און איטאַליענער זיינען גרעסערע פּראָטעסטאַנטען. ווען איהר נעמט די פינף און צוואַנציג יאָהר פון 1881 ביז 1905 און צוטיילט זיי אויף צוויי פעריאָדען: ביז דעם ערסטען יול, 1894, און פון יענער צייט אָן (אַזוי זיינען די ציפערען איינ־געטיילט אין דער אָפיציעלער סטאַטיסטיקע), טו ווייזט זיך אויס,

אז אין דער ערסטער העלפט איז די דורכשניטלאכע צאל סטרייר־קער געווען 9,000 א יאהר, און אין דער צווייטער העלפט איבער 38,000, דאס הייסט, מעהר ווי פיר מאל אזוי פיל. די צאל אר־בייטער אין דער קליידער־אינדוסטרי איז אין דער צייט ניט גע־וואקסען אזוי שנעל. עס איז פשוט, די אידישע ארבייטער זיינען ניט געווען צופרידען מיט זייערע פארדינסטען און האבען דעריבער עפטער געסטרייקט, איידער די דייטשען און די איירישע.



ד ר י ט ע ר  ק א פ י ט ע ל :

# פלענער צו באזעצען די אידען אין די סויטה.

עס זיינען פאראן א סך גוטע מענטשען צווישען די ניו־יארקער יהודים וואס האבען גרויסע שברי לב דערפון וואס אונדזערע רוסישע אימיגראנטען שפארען זיך אלע אין די גרויסע שטעט פון די איסט, אנשטאט צו באזעצען זיך אין די סטעפען פון טעקסאס אדער אין די בערג פון נעווארא. די נאטור איז דארטען פראכטפאל, די לופט איז פריש און ערקוויקענד, אונגעצעהלטע אוצרות ליגען דארטען אין דער ערד אוןווארטען אויף דעם אונטערנעמונגס־גייסט פון דעם איינוואנדערער, וועהרענד וואס געפינען זיי דא אין ניו־יארק? פאר'עפוש'טע טענעמענט הייזער און פאר'חשוך'טע שעפער! על־כן, דארף מען געפינען עפעס א מיטעל ארויפצובריינגען דעם רוסישען איד דירעקט אין די וויינגארטענס פון די סויטה, ער זאל זיך אפילו פון וויטען ניט קענען פארקוקען אויף ניו־יארק.

איך האב מורא, אונדזערע אמעריקאנער פריינט זיינען זיך מטריח אומזיסט; דער רוסישער איד וועט ניט פאהרען ניט קיין טעקסאס, און ניט קיין נעווארא, און איהר וועט מיר מוחל זיין, דער גרינער רוסישער איד פארשטעהט זיין לאגע בעסער איידער זיינע אמעריקאנער אפעקונעס.

ראשית, לאמיר אייך זאגען, קוקט דער גרינער אויף סאפאלק סטריט גאר מיט אנדערע אויגען ווי דער אמעריקאנער. יענער פארגלייכט דעם אידישען דאון־טאון מיט ריווערסייד דרייוו, אדער מיט ערגעץ א קליין שטעטעל ווי נייאק, וואו יעדער איינער האט א הויז פאר זיך אליין, בעת דא הערט ער גאר פון די געלערנטע נאטור־פארשערס, וועלכע האבען זיך אוועקגעלאזען טיף אין פארסייטה סט., אז אין א גאנצען בלאק האט ער געפונען איין וואנע! און ער ווערט דערשראקען: וואס וועט ווערען פון אונדזער ציוויליזאציע? דער רוסישער איד, פארשטעהט איהר אבער, איז אקארסט אנגעקומען פון גיטסע טויבע'ס זאוואלעק, און ווער האט דארטען

געהערט פון א „פרייוועט באטה“ אין יעדער דירה? מי געהט אלע פרייטאג אין מרחץ, אגב ווער האט עס צייט, אפילו דא אין אמע־ריקע, צו נעמען א וואנע עפטער, — מיר רעדען נאטירליך פון אר־בייטער. אייך שמעקט ניט דער גערוך פון עססעקס סטריט, ס׳איז זאגט איהר, בלאטיק אין גאס? טו קומט־זשע, זייט אזוי גוט, אין ערגעץ א הויף אויף גובערנאטארסקע גאס אין מינסק, — דאס איז דער מינסקער בראדוויי. עס געפעלען אייך ניט די רומס אין די טענעמענטס? זיי זעהען אבער אויס ווי אפארטמענטס „דע ליוקס“ אין פארגלייך מיט די דירות אויף טרעצקער בארג. דאס דארף מען קיינמאל ניט פארגעסען, ווען מי באהאנדעלט די פראגע וועגען איינוואנדערונג: דער אריבערגעקומענער געניסט שוין פון ערס־טען טאג מער קאמפארט איידער ער האט ווען עס איז אין זיין לעבען געהאט אין סניפישעק. איי וואס אייך געפעלט ניט ווי ער וואוינט? פאר איהם אליין אבער איז גוט גענוג ניו־יארק, און זיין שוואגער, וועלכען ער קלייבט זיך ארויסשיקען א שיפס־קארטע, איז אויך ניט קיין גרעסערער פריץ פאר איהם, ניש־קשה.

דאס מוזען מיר צוגעבען, די לופט איז אין טעקסאס א מחיה. אבער ווי לעבט מען פון לופט? די אמעריקאנער אידען וואס פאנ־טאזירען וועגען אידישע אימיגראציע אין די וויסטעניסען פון די סויט, רעדען זיך איין, אז עס איז גענוג אריבערצובריינגען מענטשען אין ערגעץ א פלאץ, און זיי וועלען שוין ווי עס איז ארויפארבייטען זיך אויף א דזשענטס פוירנישינג סטאר. פארוואס זאל מען זיך ניט אפשטעלען און באקלערען, וואס ציהט צו דעם אידישען אימיג־ראנט קיין ניו־יארק, אדער פילאדעלפיע? א גרינער קומט אהער אהן געלט, אהן ערגעץ א האנדווערק, א שטומער מענטש, וואס קען זיך מיט אן אמעריקאנער ניט צוזאמענריידען. אין ניו־יארק זיי־נען פאראן מעהר ווי א האלבער מיליאן רוסישע אידען, דאס מאכט אויס איינער אויף יעדע צען אידען אין רוסלאנד. ס׳הייסט כמעט יעדער רוסישער איד האט ערגעץ א קרוב אין ניו־יארק, און גלאט באקענטע, לאנדסלייט, — וועלכער אימיגראנט האט עס ניט קיין באקענטע אין ניו־יארק? מי קומט אהער, ס׳איז פאראן וועניקסטענס ביי וועמען צו פרעגען וואו זוכט מען ארבייט. היינט ווען אזא שטומער מענטש קומט קיין גאלוועסטאן, וואו ער קען קיין לעבעדי־קען מענטשען ניט, צו וועמען זאל ער זיך ווענדען? ווען עס גליקט

**איהם באלד צו קריגען ארבייט, איז גוט, און ווען ניט, מוז ער באלד אנקומען צו די צדקה־אנשטאלטען.**

היינט ווי האלט עס מיט דער ארבייט אין די סויטה? די היגע אידישע גבירים לעזען די עדיטאריעלס אין די קאפיטאליסטישע צייטונגען, אז די סויטה האט נויטיק אימיגראציע אויף צו ענטוויקלען איהר אינדוסטרי, און זיי נעמען עס אן פאר א כשר'ע מטבעה. אבער ווען איהר נעמט די סטאטיסטיקע, טו ווייזט זיך אויס, אז פון דעם גרויסען שטראם פון אימיגראציע קריגט די סויטה גאר־נישט. שטעלט זיך דאך א קשיא: פארוואס? און דער ענטפער איז זעהר פראסט: עס איז ניטא דארט פאר זיי וואס צו טאן.

די אינדוסטרי אין די סויט איז נאך גאר יונג. זי באשטעהט אין קאטאן־פעקטארים און קוילען און אייזען - גרובען. אין די מיינס ארבייטען ניגערס, אידען וועלען דארטען סיי־ווי־סיי ניט ארבייטען, אין די קאטאן־פעקטארים ארבייטען ווייסע פרויען און קינדער. דער ראסען־האס דערלאזט ניט, אז פארביקע מענער זאלען ארבייטען צוזאמען מיט ווייסע פרויען און קינדער. די קאפיטאליסטען האבען שוין ערגעץ וואו געגרינדעט פעקטארים אין וועלכע זיי באשעפטיקען נאר שווארצע. אבער מיט די שווארצע איז ווייטער א צרה. זיי האבען צוויי הונדערט יאהר פארבראכט אין שקלאפעריי, און איצטער באטראכטען זיי פרייהייט ווי די אלטע גריכישע פילאזאפען. א מענטש איז פריי נאר דעמאלט ווען ער דארף ניט ארבייטען. דער ניגער יאגט זיך ניט נאך דעם דאלאר, איהם איז גענוג אז ער האט וואס צו עסען און וואו צו שלאפען; וויבאלד ער האט אויף אזוי פיל פארדיענט, רוהט ער אפ פון דער ארבייט אויף א פאר טעג. דער פאבריקאנט איז א קאפיטאליסט פון די נארטה, ער איז אליין א שקלאף פון דעם גאלדענעם קאלב, און ער איז געוואהנט צו האנדלען מיט ווייסע לאהן־שקלאפען, וועלכע פרעהען זיך ווען זיי האבען א טשאנס צו ארבייטען טאג־טעגלאך פון מארגען ביז אווענט. די פרייע קאלירטע מענטשען פאסען ניט פאר דעם קאפיטאליסטישען סיסטעם, דעריבער זוכט דער קאפיטאליסט ווייסע לאהן־שקלאפען, אבער ער וויל זיי זאלען ארבייטען פאר דעם פרייז פון שווארצע ארבייטער, און ווען א שווארצער קריגט א דאלאר א טאג איז שוין גוט, געוועהנלאך אר־

ביטען זיי נאָך ביליקער. פארשטעהט זיך, א ווייסער קען ניט קאָנקורירען מיט די שוואַרצע אויף אַזעלכע פרייזען, און דעריי־בער פאַהרען אַהין ניט קיין ווייסע אַרבייטער. מי זוכט זיי אַריינ־צונארען אַהין מיט אַלערליי קונצען, איהר לעזט אָפט ווי קאָרופּטע דזשאַדזשעס וואָס דינען אַלס שקלאַפּען־טרייבער ביי די קאַפּיטאַ־ליסטען, פאר׳משפּט׳ען ווייסע ארבייטער אויף פאַלשע אנקלאַגען צום אַרבייטס־הויז און פּאַרדינגען זיי דערנאָך צו די קאַפּיטאַליס־טען: די אונגליקאכע מענטשען ווערען באהאַנדעלט דאָרטען ווי קאַטאָרזשניקעס. מאַנכע אידישע אַרבייטער זיינען שוין אויך אַזוי אריינגענאַרט געוואָרען.

און אַט אַהין, אין יענע פארפלוכטע לאַנד פון שקלאַפּעריי האָט מען דאָס געוואָלט שיקען די אידישע אימיגראַנטען.

## דריטע אַבטהיילונג.

# איינוואַנדערונג און דער געזעץ.

### ע ר ש ט ע ר ק א פ י ט ע ל.

### איינוואנדערונג און פארברעכען

די אַמעריקאנער פרעמדען־האסער האבען זיך אין אַלע ציי־טען באקלאַגט, די איינוואנדערער פילען אַן אַלע טורמעס. דער ניו־יאָרקער פאָליס קאָמישאָנער בינגהאם האט געהאט די חוצפה צו ערקלערען אין 1907, אז נאָך זיינע ביכער נאָך, זיינען די מערסטע פארברעכער אין ניו־יאָרק אידען. פאר יעדען איינעם וואָס איז אַביסעל באקאנט מיט סטאַ־טיסטיקע, איז גאַנץ קלאָר געווען, אז דאָס איז ניט מער ווי רכילות פון אַן אונוויסענדען גראַבען יונג. קורץ נאָכדעם איז ארויסגעטראטען די סענסוס ביורא מיט אַן אויספירלאכען באריכט וועגען די פארברעכער אין די פאראייניקטע שטאַטען, און דער באַ־ריכט זאָגט בפירוש און באווייזט עס מיט ציפערן, אז די מיינונג אַז צווישען די איינוואנדערער געפינט זיך אַ גרעסערער פּראָצענט פארברעכער איידער צווישען די אמעריקאנער איז אַ פאַלשע.

נאַטירלאָך, קודם כל, דאַרף מען וויסען וואָס מען מיינט ווען מען רעדט פון פארברעכער. ווען אַ פאָליסמאַן פארשפּארט איי־נעם אין אַ לאָך, הייסט דאָס נאָך ניט אַז דאָס איז אַ פארברעכער. דע־ריבער האָט די סענסוס ביורא ניט איינגעשלאָסען אין איהר אונ־טערזוכונג אַזעלכע ארעסטירטע וואָס זיינען נאָך ניט פאַר׳משפּט געוואָרען, ווייטער אַ סך מענטשען ווערען ארעסטירט פאַר אַנ־שיכור׳ן זיך, פעדלער ווערען ארעסטירט מאַסענווייז פאר אַפּשטעלען זיך וואו דער פּאָליסמאן הייסט ניט, און נאָך אזוינע פארברעכען, פאר וועלכע די לייט ווערען שטראפירט מיט אַ פּאָר דאָלאַר. עס זיינען פאראַן צווישען זיי אַזעלכע ביטערע אביונים וואָס פארמאָ־גען ניט צו באצאָלען דעם שטראַף און מוזען געהן זיצען. אזוינע ארעמע לייט, מיינט דער פארפאסער פון דעם באריכט פון דעם סענ־

סוס, זיינען גאָר ניט קיין פאַרברעכער, און דעריבער זיינען זיי אויך ניט אריינגערעכענט געוואָרען אין דער סטאַטיסטיקע פון פאַרברעכער. עס בלייבען נאָר יענע וואָס זיינען פאַר׳משפט געוואָרען צו זיצען.

די סענסאַציאָנעלע באריכטען פון די געלע צייטונגען וועגען יעדען פאַרברעכען מאַכען דעם איינדרוק אַז די לאַנד איז פול מיט פאַרברעכער; אין דער אמת׳ן אָבער מאַכען זיי אויס סך הכל איין צענטעל פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג (1006 פון יעדען מיליאָן).

וואָס איז שייך ווי די פאַרברעכער זיינען פאַרטיילט צווישען די געבאָרענע אַמעריקאַנער און די איינגעוואַנדערטע, טו האָבען מיר זיך אויך ניט מיט וואָס צו שעמען. ווען איהר פאַרגלייכט די צאָל פאַרברעכער מיט אַלע איינוואוינער וואָס זיינען ניט אינגער פאַר 15 יאָהר, — וואָרים אינגער פאַר פופצען יאָהר זיינען כמעט קיין פאַרברעכער נישטאָ, טו שטעלט זיך אויס אַז דער פּראָצענט פאַרברעכער צווישען איינוואַנדערער איז 23.7. בעת אין דער גאַנצער באַפעלקערונג מאַכען זיי אויס 21.9 פּראָצענט, דאָס איז נאָך ניט אַזאַ געוואַלטיקער אונטערשיד. דערצו מישט זיך דאָ נאָך אַריין אַן אַנדער אומשטאַנד, וואָס פאַר אַ זייטיקען מענטשען איז ער ניט קענטיק, הגם פאַר אַ סטאַטיסטיקער איז ער קלאָר. פרויען געפינט איהר צווישען פאַרברעכער אין גאַנצען 5.5 פּראָצענט, ווערענד אין דער גאַנצער באַפעלקערונג זיינען זיי אונגעפעהר אַ העלפט. אָבער צווישען די איינגעוואַנדערטע זיינען פאַראַן מעהרער מאַנזבילען. ווען איהר פאַרגלייכט די צאָל פאַרברעכער מיט דער גאַנצער באַפעלקערונג, טו װעלען דעריבער די איינגעוואַנדערטע אויפווייזען אַ גרעסערן פּראָצענט פאַרברעכער איידער די געבאָרענע אַמעריקאַנער. אָבער ווען איהר פאַרגלייכט נאָר מאַנזבילען, טו שטעלט זיך אויס אַז צווישען די איינגעוואַנדערטע און די געבאָרענע אַמעריקאַנער איז גאָר אַ קנאַפּער אונטערשיד. די איינגעוואַנדערטע וואָס זיינען עלטער ווי 15 יאָהר מאַכען אויס 23 פּראָצענט פון אַלע זכרים, און די איינגעוואַנדערטע פאַרברעכער מאַכען אויס 23.7 פּראָצענט צווישען אַלע מענלאכע פאַרברעכער. דיעזער פאַרהעלטניס אָבער איז ניט אין אַלע סטעיטס דערזעלבער: אין די סטעיטס פון דעם צענטראַלען נאָרטה (אָהייאָ, אינדיאַנאַ, אילינאָי, אַ. אַז. וו.) איז דער פּראָצענט איינגעוואַנדערטע מאַנזבילען עלטער ווי 15 יאָהר 24.8, און דער פּראָצענט איינגעוואַנדערטע צווישען די מענלאכע פאַרברעכער פון דעמזעלבען על-

טער סך הכל 16; אין די וועסט געפינען זיך אויך וועניקער פאר־
ברעכער צווישען די איינגעוואנדערטע ווי מען וואלט געקענט
רעכענען ווערלוג זייער פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג.
אין די סויטה איז פארקערט, און אין די נאטרה ביי דעם אטלאנטי־
שען אקעאן אויך. אבער דער אונטערשיד איז דא אויך ניט קיין
זעהר גרויסער: דער פראצענט איינגעוואנדערטע איז 31.8 פון
דער באפעלקערונג, און דער פראצענט איינגעוואנדערטע צווישען
די פארברעכער 32.7.

דאס ווייזט אז אין דער אמת'ן ווערט א מענטש א פארברע־
כער ניט דערפאר וואס ער איז געבארען געווארען אין סמילאוויץ
צי אין פאוקיפסי, נאר גאר צוליב אנדערע אומשטענדען.

ווען איהר לאזט זיך אריין אין א פארגלייך פאר יעדען סטעיט
באזונדער, טו איז דער אונטערשיד פון איין סטעיט ביז צו דעם
אנדערען זעהר באדייטענד: דער העכסטער פראצענט איז אין נע־
ווארא — 30 פון יעדע 10,000 איינוואוינער, דאן קומט אריזאנא
מיט 23, וואיאמינג מיט 22, קאליפארניא מיט 21, און מאנטאנא
מיט 20, — דאס זיינען אלץ סטעיטס וואו א גרויסער טייל פון דער
באפעלקערונג זיינען בערגארבייטער. ווייטער אבער קומען נאך
דער רייהע נאך, קענסאס מיט א קאפ איבער 19 פראצענט, מאסא־
טשוסעטס מיט א קאפ אונטער 19 פראצענט. אין מיסיספי, וואו
די מאיאריטעט פון דער באפעלקערונג זיינען ניגערס, וואס מען
שרייט אז זיי זיינען אזעלכע שרעקלאכע פארברעכער, איז דער
פראצענט פארברעכער קלענער ווי אין דעם יענקישען סטעיט ניו־
העמפשיר.

דאס ווייזט אז דער פארברעכען הייננט ניט אפ פון נאציא־
נאליטעט אדער ראסע, נאר פון גאנץ אנדערע אורזאכען.

אידען ווערען ניט גערעכענט באזונדער אין אמעריקאנער סטא־
טיסטיק, חוץ אין דער סטאטיסטיקע פון אימיגראציע.
דער איינציקער סימן וואס מיר האבען איז פון וואסער לאנד די איינ־
וואנדערער שטאמען. אידען קומען דאס רוב פון רוסלאנד, פוילען,
עסטרייך און רומעניע. פוילען איז אין דעם סענסוס באריכט גע־
רעכענט פאר א באזונדערע לאנד, אבער פון פוילען קומען מער
כאליאקען איידער אידען. פון עסטרייך קומען איינוואנדערער מיט
אלע זיבעציק לשונות וואס משה רבינו האט גערעדט, קען מען גאר
ניט דערגעהן ווער עס איז א איד, ווער עס איז א טשעך,

ווער עס איז א סלאוואק און דערגלייכען. רומעניען איז צו קליין און דעריבער איז זי ארייגערעכענט צוזאמען מיט אנדערע קליינע לענדער. בלייבט אלזא נאר רוסלאנד. צווישען די איינוואנדערער פון רוסלאנד געפינען זיך א גרויסע צאל גוים, אבער די צאל אידען איז גרעסער.

די צאל פארברעכער פון רוסלאנד וואס זיינען פאר'משפט געווארען אין 1904 באטרעפט איבער גאנץ יונייטעד סטעיטס 3,5 פראצענט פון אלע פארברעכער וואס זיינען פאר'משפט געווארען אין דערזעלבער צייט, ווערענד דער פראצענט „רוסישע" אין דער גאנצער באפעלקערונג אין 1900 איז נעווען 4,1 און פון 1900 ביז 1904 איז די איינוואנדערונג פון רוסלאנד נעשטיגען אין פארגלייך מיט אנדערע לענדער. דאס הייסט אז די רוסישע איינוואנדערער האבען געליפערט מיט 15 פראצענט ווייניקער פארברעכער איידער זייער חלק. ווען איהר וועט נעמען יענע סטעיטס וואו עס זיינען קאנצענטרירט די מערצאל אידען, די נארטה אטלאנטיק סטעיטס, טו אין דערזעלבער פאקט נאך מער קענטיק: דער פראצענט רוסישע אין דער באפעלקערונג איז 5.9, בעת דער פראצענט רוסישע צווישען די פאר'משפט'ע איז אין גאנצען 4,1, דאס הייסט די רוסישע ליפערן מיט 30 פראצענט ווייניקער פארברעכער איידער נאך זייער פראפארציע צו דער באפעלקערונג. דא זיינען ארייגערעכענט ניו־יארק, ניו דזשוירזי, פענסילווייניא, מאסאטשוסעטס און קאנעטיקוט.

פארגלייכט די רוסישע מיט די איירישע וועלכע זיינען די גאנצע אנפירער אין דער באוועגונג צו באשרענקען די אימיגראציע. די צאל איירישע אין די פאראייניקטע שטאטען איז 15.6 פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג, ווערענד דער פראצענט איירישע פארברעכער איז 36.2. דאס הייסט, זיי ליפערן מעהר ווי צוויי מאל אזוי פיל פארברעכער ווי עס קומט אויס אויף זייער חלק. אין פארגלייך צו די רוסישע מאכט דאס אויס כמעט דריי מאל אזוי פיל פארברעכער אין פראפארציע צו דער באפעלקערונג. עס איז כ'לעבען גלייכער פאר די שונאים פון איינוואנדערונג גאר ניט טשעפען די סטאטיסטיקע.

## צווייטער קאפיטעל

# די אמעריקאנער ראגאטקע.

די ארגאניזירטע ארבייטער איז מיט זייער אגיטאציע דערוויילע ניט געלונגען צו באשרענקען די צאל געזונטע ווייסע אימיגראנטען. זיי האבען אויסגעפירט נאר איין זאך, אז מען שיקט צוריק יעדען יאהר א פאר צענדליק טויזענט אימיגראנטען, וואס זיינען גאר ניט קיין קאנקורענטען אין דעם ארבייטס־מארק. דערצו אבער איז נויטיק געווען איינצופירען ביי דעם אמעריקאנער גרעניץ א סיסטעם פון אינספעקציע, וואס איז פארבונדען מיט א סך מער שוועריגקייטען פאר אלע אימיגראנטען און גלאט רייזענדע, ווי דער פאספארטנער סיסטעם ביי דעם רוסישען גרעניץ. זינט עס איז אין 1913 געגרינדעט געווארען א ספעציעלער דעפארטמענט אוו לעיבאר, מיט א געוועזענעם טרעיד־יוניאן פירער אלס מיניסטער פון ארבייט בראש, און די איינוואנדערונגס־ביורא איז געשטעלט געווארען אונטער זיין השגחה, האבען די בעאמטע פון דער ביורא — דאס רוב געוועזענע יוניאן־פירערס פון א קלענערן שניט — גענומען טשעפען זיך צו אימיגראנטען נאך מערער, ווי פריהער. דאס קען מען זעהען קלאר פון דעם רעפארט פון דעם קאמישאנער דזשענעראל אוו אימיגרעישאן פאר די צייט פון דעם 1־סטען יול 1913 ביז דעם 30 יון 1914.

פארגלייכענדיג זיין אייגענע אויפטואכץ אין דעם ערסטען יאהר מיט דער צייט ווען וויליאמס איז געווען דער קיסר איבער עליס איילאנד, סטארעט זיך קאמישיאנער־דזשענעראל קאמינעטי צו באווייזען, אז אויב זיין פארגענגער האט געשמיסען די אימיגראנטען מיט פראסטע ריטער, שמייסט ער אליין זיי איצטער מיט אייזערנע ריטער. אין דעם ערסטען פולען יאהר וואס מר. קאמינעטי האט באלאבאטעוועט איבער אימיגראציע האט ער פארהאלטען ביים אנקומען און אומגעקערט צוריק מיט צוויי דריטעל מערער אימיגראנטען איידער עס זיינען אומגעקערט געווארען אין דעם פאריגען יאהר: 33,000 מענטשען זיינען צוריקגעשיקט געווארען.

עס מאַכט אויס 23 פון יעדע 1,000 אָנגעקומענע. אָבער דאָס איז נאָך ווייט ניט גענוג פאַר איהם: „אפילו מיט דעם איצטיקען געזעץ", זאָגט ער, „וואָלט מען געקענט און געדאַרפט אומקערען אַ סך מער ווי 23 פון 1000 אנקומענדיקע פרעמדע". איצטער איז עס פשוט אונמעגליך דערפאַר, וואָס דער קאָנגרעס זשאַלעוועט געלט און גיט איהם ניט גענוג טשינאָווניקעס. זיי אַרבייטען צוועלף און פערצען שעה אין אַ מעת־לעת און עס קלעקט זיי פאָרט קיין צייט ניט צו כאַפּען אַלעמען פאַר'ן קאָלנער. אַזאַ קאַרקייט, מאַכט ער, איז אמת אַן עולה, מחמת די אימיגראַנטען צאָלען אַליין פאַר די ריטער מיט וועלכע מען שמייסט זיי, און דער קאָנגרעס האָט שוין אָפּגעשפּאָרט אַן זיי אַן ערך 10,700,000 דאָלאַר, — אַט דעם פּראָפיט וואָלט מען געדאַרפט אַנווענדען אויף אויסצובראַקירען מערער אימיגראַנטען.

לאָמיר איצט איינקוקען זיך וואָס פאַר אַ סאָרט אימיגראַנטען עס זיינען אויסגעבראַקירט געוואָרען. די גרעסטע גרופּע, כמעט אַ העלפט פון אַלע, איז באַשטאַנען פון אַזעלכע וואָס מען קען זיך ריכטען, אַז זיי וועלען אַנקומען צו צדקה („לייקלי טו ביקאַם אַ פּאַבליק טשארדזש"), אין איין פולען יאָהר פון מר. קאַמינעטי'ס אדמיניסטראַציע זיינען צוריקגעשיקט געוואָרען כמעט צוויי מאָל אַזוי פיל אימיגראַנטען אויף דעם גרונד, ווי אין דעם פריהערדיקען יאָהר. ווען איהר פאַרגלייכט די צוזאַמענשטעלונג פון די אימיגראַנטען פון איין יאָהר מיט דעם אַנדערען, טו געפינט איהר זעלטען זעהר אַ גרויסען אונטערשיד: די צאָל פרויען און קינדער אין פאַרגלייך מיט מענער, די צאָל אַלטע לייט אין פאַרגלייך מיט יונגע, די צאָל בעלי מלאכות אין פאַרגלייך מיט פּראָסטע אַרבייטער א. א. וו., זיינען געוועהנליך כמעט די זעלבע פון איין יאָהר ביז דעם אַנדערען. ווי אַזוי זשע קומט עס אַז מיט אַ מאָל, באַלד ווי מר. קאַמינעטי איז געוואָרען קאָמישאָנער־דזשענעראַל, האָט זיך די צאָל צוקונפטיקע בעטלערס פאַרדאָפּעלט? עס איז גאַנץ קלאָר, אַז מען האָט זיך גענומען טשעפּענען מער צו די אימיגראַנטען. פון די עשרה מכות פון דעם איצטיקען געזעץ וועגען אימיגראַציע איז די מאַכט פון דעם אַמעריקאַנער אוריאַדניק צוריקצושיקען אַן אימיגראַנט דערפאַר וואָס אפשר וועט ער זיך נויטיקען אין צדקה, זיכער די ערגסטע. וועלכער אימיגראַנט איז דאָס זיכער, אַז ער וועט ניט „פאַלען צו לאַסט

דעם כלל“? א מענטש איז א גוטער בעל מלאכה פון דער היים, איז ער זיכער אז ער וועט דא געפינען ארבייט אין זיין פאך? אויב ער האט מיט זיך געבראכט א פאר הונדערט דאלאר, איז ער שוין אן אריסטאקראט צווישען די אימיגראנטען, אבער אויף ווי לאנג קען עס קלעקען א מענטשען? אויב ער קען ניט קריגען קיין ארבייט, עסט ער דאס אויף אין עטלאכע מאנאט. אז ער האט דא קרובים אדער פריינט, וואס קענען און ווילען איהם אויסהעלפען, איז גוט; אז ניט בלייבט איהם נאר אנצוקומען צו צדקה. איצטער אז דאס פאסירט מיט איהם אין די ערסטע דריי יאר קען מען איהם פאקען און ארויסשיקען. מר. קאמינעטי וואלט געוואלט אז „די צייט אין אזעלכע פעלע זאל פארלענגערט ווערען וועניקסטענס ביז פינף יאהר, ווי עס איז פארגעשלאגען אין דעם פראיעקט וואס איז איצטער פאר׳ן קאנגרעס“, — ער מיינט דעם בוירנעט ביל, דאס הייסט, כדי אן אימיגראנט זאל זיין זיכער אז ער וועט ניט אנקומען צו צדקה, אין דער צייט פון פינף יאהר, דארף ער סיידען ברענגען מיט זיך נענוג געלט, עס זאל איהם קלעקען אויף הוצאות אויף פינף יאהר צייט, א צוויי־דריי טויזענט טאליארעס. אויב ער האט דאס ניט, הענגט ער אפ אין גאנצען פון דעם וואס פאר א ווינט בלאזט פון וואשינגטאן. קומט א פריקאז פון אזא מר. קאמינעטי: „טאשטשי אי ניע פושטשאיי“ (שלעפט און לאז ניט אפ), איז עס ניט מער ווי א לאטערייע.

ווייטער קומען 6,500 מענטשען מיט אלערליי חסרונות „וואס קענען זיי שטערען אין פארדינסט“. דאס איז אנ׳אנדער קאוטשו־קענער פאראגראף, וואס לאזט זיך ציהען אזוי ווייט ווי מען וויל. איך קען דא א הינקעדיקען כימיק, וואס האט געענדיקט אוניווערסי־טעט אין דער שווייץ. ווען ער איז געקומען אהער אין 1903, האט מען איהם ניט אראפגעלאזען אויף עלים איילאנד. א הינ־קעדיקער מענטש, וואס איין פוס איז ביי איהם קירצער פאר דער אנדערער, טויג ניט אויף צו שלעפען באנדלאך פון דעם עלעוויי־טאר צום עקספרעס; והא ראיה, אז ער האט אזא שטעל טאקע ניט. א גליק וואס ער האט געפענט א באקטעריאלאגישע לאבאראטא־ריע און מאכט, גאט צו דאנקען, א פיינעם לעבען, — אבער פון וואנען האט דאס דער אימיגריישאן אינספעקטאר מיט צוועלף יאהר צוריק געקענט וויסען אין פאראויס? וועט איהר זאגען, איך האב אויסגעקליבען בכיון א ביישפיל וואס פאסט זיך ניט צו דער זאך.

טו נאַט אייך אַז אַנדערען. איך האָב געהערט אין פּאַל־ריווער אַ בלינדען אינגעל זינגען אין שול, וואָס זיינע ברידער האָבען איהם קאָם מיט צרות אַרונטערגענומען פון שיף. די באָארד און אינקוויירי אויף עלים איילאַנד זיינען ניט קיין מבינים אויף חזנות. עס האָט די ברידער אָפּגעקאָסט אַ היבשע ביסל געלט צו אַפּעלירען קיין וואַשינגטאָן, — וואָס טוען זיי, ווען זיי וואָלטען ניט געהאַט קיין געלט?

טויזענטער מענטשען וואָס קענען דאָ מאַכען אַ לעבען ליגען אויף דעם אופן אין די הענט פון קליינע בעאַמטע פון דער ביורא און אימיגריישאָן. היינט, ווען דער קאָמישאָנער־דזשענעראַל באַרימט זיך אין זיין רעפּאָרט דערמיט, וואָס ער האָט צוריקגעשיקט מערער אימיגראַנטען איידער דער קאָמישיאָנער וואָס איז געווען פאַר איהם, פאַרשטעהט איהר שוין אַז יעדער קליינער טשינאָווניקל אויף עלים־איילאַנד וועט זיך סטאַרעווען צו באווייזען אַז ער ראַטעוועט די לאַנד.

ווייטער זיינען פאַר אַ יאָהרען עפּעס אָנגעקומען אַהער צוויי מאָל אַזוי פיעל „שוואַכזיניקע“ אימיגראַנטען ווי פאַר צוויי יאָהרען. די ריכטיקייט איז, אַז מען האָט געפרעגט די אימיגראַנטען אַלערליי מאָדנע קשיות, און עטלאכע הונדערט מענטשען זיינען דורכגעפאַלען ביים עקזאַמען. יעדער איינער וואָס האָט ווען געהאַלטען אַן עקזאַמען ווייס ווי לייכט עס איז דורכצופאַלען, ווען מען דערשרעקט זיך.

דאָסזעלבע קען מען אויך זאָגען וועגען „פּאַרקאָנטראַקטירטע“ אַרבייטער. די געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער אימיגראַציע ווייזט גאַנץ קלאָר, אַז דער גאַנצער געשריי וועגען פּאַרקאָנטראַקטירטע אַרבייטער איז ניט מער ווי אַן איינבילדונג. עס איז געווען דאָ אַ צייט, גאַנצע צוואַנציק יאָהר נאָך דעם בירגער־קריעג, ווען מען האָט געמעגט פריי אימפּאָרטירען פּאַרקאָנטראַקטירטע אַרבייטער, אין יענער צייט האָט מען געעפענט אַ סך נייע מעטאַל־גרובען אין די וועסט, געבויט נייע אייזענבאַנען, און איבערהויפּט אַנטוויקעלט די אינדוסטריע, אַרבייטער האָט מען געדאַרפט אַ סך, און פונדעסטוועגען האָבען זיך די קאַפּיטאַליסטען נאָר זעהר קנאַפּ באַנוצט מיט דער געלעגענהייט צו אימפּאָרטירען אַרבייטער. די אונטערזוכונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען פון דער אימיגראַנטען־פּרעסערישער

קאָמיסיע, האָבען קלאָר באווויזען, אַז סך־הכּל זיינען אפשר אימפּאָרטירט געוואָרען אין דער גאַנצער צייט עטלאכע טויזענט אימיגראַנטען. אין קענעדע היינט־צו־טאָג איז דער גענעץ פּונקט דער היפּוך פון דעם היגען גענעץ, דאָרטען וויל דער גענעץ דוקא, אַז דער אימיגראַנט וואָס קומט אַן זאָל אין פאָראויס זיין פאַרזאָרגט מיט אַרבייט. אין קענעדע וואָלט זעהר לייכט געווען פאַר די אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטען צו גרינדען פאַבריקען און אימפּאָרטירען פּאַרקאָנטראַקטירטע אַרבייטער צו קאָנקורירען מיט די אַמעריקאַנער פאַבריקען. מיט ביליגע אַרבייט וואָלט מען שוין ווי עס איז געקענט בייקומען דעם טאַריף און אימפּאָרטירען די ביליגע וואַרע אַהערצו. חוץ דעם ווערען דאָך אַ סך אַמעריקאַנער פּראָדוקטען געמאַכט פאַר אויסלאַנד, — אויב דער פאַבריקאַנט פון באָפאָלאָ קען קריגען ביליגערע אַרבייטער אין טאָראָנטאָ, טו קען ער דאָרטען גרינדען אַן אָפּטיילונג וואָס זאָל פּראָדוצירען ספּעציעל פאַר דעם עקספּאָרט. פאַר וואָס טוט מען דאָס ניט? זיינען עפּעס די שכירות קלענער אין קענעדע ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטען?

דער אמת איז, אַז עס וואָלט געווען אַ משוגעת צו אימפּאָרטירען אַרבייטער, ווען עס קומען אַהער הונדערטער טויזענטער אַרבייטער אויף זייערע אייגענע הוצאות. חוץ דעם וואָלט דאָך דער קאַפּיטאַליסט ניט געקענט זיין זיכער, אַז די אימפּאָרטירטע אַרבייטער וועלען ביי איהם זיך שטעלען אַרבייטען פאַר דעם פּרייז אויף וועלכען זיי האָבען זיך באַדונגען. עס איז שוין נאָהענט פון הונדערט יאָר זינט עס זיינען דאָ אָבגעשאַפט געוואָרען די געזעצען מיט וועלכע מען האָט אַמאָל דאָ געקענט צווינגען אַ מענטשען צו אַרבייטען, ווען ער וויל ניט. און זינט יענער צייט האָט מען אויפגעהערט צו אימפּאָרטירען פּאַרקאָנטראַקטירטע אַרבייטער.

אויסנאַמען זיינען מעגלאָך, פאַרשטעהט זיך, אָבער ווען מר. קאָמינעטי דערצעהלט אַז דעם לעצטען יאָהר האָבען זיינע מיטהעלפּערס געכאַפּט כמעט 3,000 פּאַרקאָנטראַקטירטע אַרבייטער, ווערענד דעם פאָריגען יאָהר האָט מען געכאַפּט מיט 1,300 ווייניקער, לעגט זיך דאָס שוין ביי מיר ניט אויפ'ן שכל. צו דען האָבען די קאַפּיטאַליסטען ניט געוואוסט, אַז עס איז געקומען קיין וואַשינגטאָן אַזאַ שומר פון די אינטערעסען פון דעם אַמעריקאַנער אַרבייטער־קלאַס, ווי מר. קאָמינעטי? האָבען זיי ניט פאַרשטאַ־

נען, מיט וועמען זיי הויבען זיך אן? איך האב אבער א שטארקען חשד, אז פון די 1,300 כלומר'שט פארקאנטראקטירטע ארבייטער האבען א סך גאר ניט געהאט קיין שום קאנטראקטען, נאר מען האט זיי פארפלאנטערט ביי דעם עקזאמען. ווארים, אויב מען וויל, קען מען אזוי אויסטייטשען דעם געזעץ, אז יעדער אימיגראנט, וואס האט אין דער היים געקראגען א בריוול פון א היגען פריינט זיינעם, אז „נישקשה, קום, מיר וועלען שוין פאר דיר קריגען ארבייט", איז הייסט דאס א „פארקאנטראקטירטער" ארבייטער.

די אנפירער פון דער אגיטאציע פאר די באשרענקונג פון איינוואנדערונג, די אמעריקאנער טרייד־יוניאניסטען, האבען אין זינען צו פארשפארען די טירען פאר אויסלענדישע קאנקורענטען, צו מיידלאך וואס קומען אהער חתונה האבען, טשעפענען זיי זיך ניט. מר. קאמינעטי אבער געהערט צו יענעם סארט גאט'ס סטראפצעס, וואס זוכען רק צו פארבעסערען יענעם'ס מאראל. דא איז געוועזן א מנהג, אז ווען עס קומט אן א יונגע אימיגראנטקע וואס האט דא א חתן, אדער א געליבטען, זאל מען דא אויף דער אימיגריישאן סטיישאן זיי חתונה מאכען און נאר דעמאלט איהר ארונטערלאזען ווען זי איז שוין אפיציעל א ווייבל. דאס געפעלט אבער ניט אונזער קאמישאנער־דזשענעראל. ער שלאגט פאר, אז קיין אימיגראנטקע „זאל ניט ארייגעלאזען ווערען אלס פרוי פון א היגען אויב זי האט מיט איהם איינגאנצען און פאלשטענדיק ניט חתונה געהאט" אין דער היים.

## דריטער קאפיטעל

# פלענער ווי צו באשרענקען די איינוואנדערונג.

---

זינט 1897 האט דער קאנגרעס דריי מאל אנגענומען א געזעץ צו פארשפארען די טירען פון אמעריקא פאר אימיגראנטען וואס קענען ניט לייענען — דער „ליטעראַרי טעסט“, און יעדען מאל איז דער ביל וועטירט געווארען: אין 1897 פון פרעזידענט קליוולענד, אין 1913 פון פרעזידענט טאפט און אין 1915 פון פרעזידענט ווילסאן. אין דעם מאמענט ווען דער קאפיטעל געהט אין דרוק, איז דער אימיגרעישאן ביל מיט דעם פונקט וועגען דעם בילדונגס-עקזאמען ווידער פאר'ן קאנגרעס. אלע ארגומענטען, וואס ווערען איצטער געמאכט קעגען דעם פונקט שיסען פארביי דעם ציעל. מען טענה'ט אז א מענטש וואס קען ניט שרייבען קען זיין אן ארענטלאכער מאן און א פעלשער פון טשעקס מוז דוקא קענען שרייבען. דאס איז אמת, אבער אויף דעם ענטפערען אייך בווירנעט מיט גאמפערס'ן, אז זיי ווילען ניט קיינע אימיגראנטען, זיי מעגען זיך זיין די פיינסטע לייט אין דער וועלט. מען טענה'ט, אז א מענטש וואס קען ניט לעזען קען זיין א גוטער ארבייטער. — מערקווירדיק! דערפאר וויל מען איהם דאך טאקע ניט, וואס ער איז א גוטער ארבייטער. אז ער איז א גוטער ארבייטער, וועט ער קאנקורירען מיט די היימישע ארבייטער, און דעריבער טאקע דארף מען איהם ניט אריינלאזען. ווען דער צוועק איז צו פארקלענערען די צאל אימיגראנטען, איז די פראגע איינציק, צי דער פונקט וועט דערגרייכען דעם צוועק, צי ניט. אויב יע, אויב איהר קענט באווייזען, אז א סך ערלאכע און פלייסיקע ארבייטער וועלען דורך דעם ליטעראסי טעסט ניט קענען אריינקומען אהער, האט איהר געגעבען דעם שטארקסטען ארגומענט צו גונסטען פון דעם בווירנעט-אימיגרעישאן ביל.

היינט אַז אפילו די פריינט פון די אימיגראַנטען געפינען פאַר דיפּלאָמאַטיש צו ערקלערען, אַז זיי זיינען, ווי אַלע גוטע בירגער, פאַר אַ פאַרנינפטיקע באַשרענקונג פון אימיגראַציע, נאָר זיי זיינען קעגען דעם, אַז מען זאָל ניט אריינלאָזען קיין אימיגראַנטען, וואָס קענען ניט לעזען, איז דאָך קלאָר בעשיינפערלאַך, אַז מען וועט שוין געפינען ערגעץ אַ „פאַרנינפטיקען" מיטעל ווי אַזוי צו באַשרענקען די איינוואַנדערונג. דער „ליטעראַסי טעסט" איז דאָך פאָרגעשלאָגען געוואָרען נאָר צוליב דעם, וואָס עס איז זעהר לייכט איהם דורכצופירען, און מען מוז איינשטימען מיט דעם אימיגראַנטען־פרעסערישען פּראָפעסאר ראָס, אַז אויב מען דאַרף יע קלענער מאַכען די צאָל פון אימיגראַנטען, איז דער ליטעראַסי טעסט אַזאַ מיטעל וואָס וועט פאַרשאַפען די אימיגראַנטען וועניקער צרות ווי יעדער אַנדערער מיטעל: אַ מענטש וואָס קען ניט לעזען וועט וויסען אַז מען וועט איהם ניט אריינלאָזען און וועט ניט פאַרלירען זיין לעצטען גראָשען אויף אַ שיפס־קאַרטע.

פון דער אַנדערער זייט, ווען מען טרייבט ניט דעם אימיגראַנט פון דערהיים מיט פּאָגראָמען, האָט ער צייט זיך אויסצולערנען לעזען, איידער ער פאַרלאָזט זיין היים. ווען די שונאים פון אימיגראַציע וואָלטען זיך אויף דעם אָפּגעשטעלט, וואָלט נאָך זיין נשקשה. די צרה איז אָבער, אַז זיי ווילען זיך אויף דעם ניט אָפּשטעלען. דערמיט וואָס מען וועט פאַרשפּאַרען די טירען פאַר אימיגראַנטען, וואָס קענען ניט לעזען וועט מען העכסטענס אויספירען, אַז די צאָל איינוואַנדערער וועט פון אַ מיליאָן אַרונטערפאַלען ביז אכט הונדערט טויזענט אַ יאָהר. דאָס וועט אבסאָלוט גאָרנישט ניט איבערבייטען אין דער אַלגעמיינער לאַגע פון די אַרבייטער. עס ווילען בלייבען אַרבייטסלאָזע, ווי פריהער, די טראַסטס ווילען האָבען די זעלבע מאַכט איבער די שכירות און אַרבייטס־שטונדען, ווי ביז אַהער. יענע, וואָס גלויבען, אַז מען קען העלפען די אַרבייטער דורך דער באַשרענקונג פון אימיגראַציע, ווילען אין אַ פּאָר יאָהר אַרום ווידער אַנהויבען צו שרייען, אַז דער ליטעראַסי טעסט איז ניט גענוג, מען דאַרף אַנדערע, ווירקזאַמערע מיטלען.

די אימיגרעישאָן קאָמישאָן האָט אויסגערעכענט אַ רייהע אַנדערע מיטלען, וואָס מען וואָלט געקענט אַנווענדען פאַר דעמזעלבען צוועק. דער גרויסער אימיגראַנטען־פריינט דער ניו־יאָרקער

קאנגרעסמאן בענעט, האט אין זיין מינאריטעטס־באריכט פארגעשלאגען, אז מען זאל ניט אריינלאזען קיין בחורים, און צווייטענס, קיין פארהייראטע מענער, וועלכע קומען אהער אליין, אהן זייערע פאמיליעס. ווען זיין פלאן זאל אנגענומען ווערען, וואלטען פון יעדע פיר מאנדזבילען, וועלכע מעגען איצטער אריינקומען אהער, דריי מוזען זיצען אין דער היים, — דער ליטעראסי טעסט וועט סך־הכל אויסשליסען איינעם פון די פיר.

די אינדאסטריאל קאמישאן, וואס פרעזידענט ווילסאן האט אנגעשטעלט אין 1913, איז אויך ארויס מיט פלענער, ווי צו באשרענקען די איינוואנדערונג. די קאמישאן, מוזט איהר וויסען, האט זיך געמאכט א שם פון שרעקלאכע רעוואלוציאנערן.

ערסטענס, זאל יעדער אימיגראנט אין דער צייט פון זעקס מאנאט ערקלערן, אז ער וויל ווערן א בירגער (ארויסנעמען די ערסטע פייפערס); אויב ניט, טו זאל ער זיך פאריאווען ביי דער „פראפער אטאריטי“ (פאדלעזאשטשעיע נאטשאלסטווא) אלס א רייזענדער. ווער עס איז אובר דעם זאקאן, זאל ארויסגעשיקט ווערען פון לאנד. ווער עס נעמט ניט ארויס זיינע ערסטע פייפערס אין דער צייט פון צוויי יאהר, זאל ארויסגעשיקט ווערען פון לאנד. ווער עס האט יע ארויסגענומען די ערסטע פייפערס, אבער ער ווערט ניט קיין בירגער אין צייט, זאל ארויסגעשיקט ווערען פון לאנד.

היינט, דארפט איהר וויסען, אז קיינער קען ניט ווערען א בירגער, אויב ער קען קיין ענגליש ניט רעדען. עס זיינען פאראן א סך אימיגראנטען, וואס זיינען שוין דא א צייט מיט יאהרען און קענען קיין ענגליש ניט. אזעלכע אימיגראנטען וועלען מעגען אפזיין העכסטענס אכטאלבען יאהר, — א האלב יאהר ביז די ערסטע פייפערס, און העכסטענס זיבען יאהר ביז וואנען עס געהט אויס די צייט צו נעהמען די צווייטע פייפערס, און דעמאלט אויב ער קען ניט ווערען קיין בירגער, וועט מען איהם ארויסשיקען. ווער עס איז איין מאל ארויסגעשיקט געווארען, זאל ניט טארען דעם צווייטען מאל אריינקומען אהער. אויב אזא פלאן וואלט אנגענומען געווארען, וואלטען א סך ארבייטער אין די קוילען־גרובען געמוזט ארויסגעשיקט ווערען. די ביסעלע איירישע און ענגלישע אימיגראנטען, וואס קומען נאך אהער, וואלטען געקענט ווערען בירגער און בלייבען דא.

ווען מען באטראכט דעם פלאן אפילו פון דעם שטאנדפונקט פון א רעסטריקשאניסט, איז דאס א פשוט'ע פאליצייסקע רדיפה. וואס קען קיינעם קיין נוצען ניט בריינגען. עס וואלט נאר געבראכט דערצו, אז יעדער סלאווישער אימיגראנט וואלט דא אפגעווען אכטאלבען יאהר און דערנאך וואלט איהם די אמעריקאנער רעגירונג וויסיעלאיעט, ווי די רוסישע רעגירונג טוט איצטער מיט די אידען אין די מלחמה געגענדען. אויף די פלעצער פון די ארויסגעשיקטע סלאוואקען וואלטען קומען נייע סלאוואקען, ווידער אויף אכטאלבען יאהר.

קיין אויסלענדער וואלט ניט געטארט קומען אהער אפילו ווי א געשעפטס־רייזענדער מער ווי אויף צוויי יאהר, סיידען ער זאל דא ווערען א בירגער. קענט איהר זיך פארשטעלען, ווי אזא פלאן וואלט זיך געפאסט פאר א היינטיקע קאפיטאליסטישע לאנד?

דערזעלבער פאליצייסקער גערוך שלאגט אין נאז פון א „קאנסטרוקטיווען" פלאן, וואס איז ערשינען אין דעם וועכענטלאכען זשורנאל „דהי ניו רעפאבליק", וואס ווערט ארויסגעגעבען פון די סאמע פני פון דער אמעריקאנער פראגרעסיווער באוועגונג.

דער ארטיקעל טראגט די קעפעל: „פארלאנגט א פאליסי בנוגע צו אימיגראציע". דער ארטיקעל דערמאנט אייך אן דער פאבעל וועגען דעם פוקס, וואס האט באוויינט די אומגליקלאכע פייגאלאך וואס זיינען געבליבען עלענדע יתומים אין זייער נעסט. נאך דער מלחמה וועלען מיליאנען מענטשען ווערען רואינירט און זיי וועלען זוכען צו ראטעווען זיך דא אין אמעריקע. עס איז אויף זיי א ביטערער רחמנות, אבער מיר מוזען זיך ווערען געגען זיי, ווארים „קיין מגפה איז ניט טויטלאכער ווי דער דלות".

דער עקזאמען אין לייענען געפעלט דעם שרייבער ניט. ער איז ניט בעסער, מיינט ער, ווי א געזעץ וואס וואלט אויסגעשלאסען אלע אימיגראנטען מיט רויטע האר, — עס וואלט זיכער פארקלענערט די צאל אימיגראנטען, אבער וואלט אזא געזעץ אריינגעלאזען אהער די בעסטע פון די אימיגראנטען? פרעגט ער. איז דער אימיגראנט שולדיק, וואס ער קען ניט לעזען, אדער אפשר איז דאס איינע פון די צרות, פון וועלכע ער האט דעם מוט צו אנטלויפען? — כליפעט דער פוקס ווייטער. איהם ווילט זיך בעסער „א ברייטערע פאליסי, א מער קאנסטרוקטיווע, א מער מענטשלא־

כע, ניט אזא שטארק באשרענקענדע, ווי יענע וואס ווערט איצטער פארגעשלאגען".

וואס־זשע איז די דאזיקע פאליסי? ער וויל האבען „הויך־גע־בילדעטע און הויך־באצאלטע רעגירונגס־עקספערטען, וואס זאלען זיצען אין איירפא און זעהען זיך מיט דעם אימיגראנט עטלאכע מאנאט אדער אפילו עטלאכע יאהר איידער ער פארט ארויס; די רעגירונג זאל מיט איהם זיין אין בארירונג ווענינקסטענס פינף יאהר נאך זיין איינוואנדערונג, און אפשר גאר די גאנצע צייט ביז וואנען ער ווערט א בירגער. מיט אנדערע ווערטער, דער פלאן וואס מיר וואלטען געוואלט זעהן אויסגעארבייט, איז א סיסטעם פון אויפזיכט איבער דעם פרעמדען, פון עצה, פון שוץ, פון ערציהונג וואס זאל זיין צוגעפאסט צו זיינע ספעציעלע באדערפנישען און צו זיין באזונדערען געזעצלאכען שטאנד, א סיסטעם פאר זיין טובה, און פארבייגעהענדיק פאר אונדזער אלעמענס טובה... אזא סיס־טעם וואלט מען געקענט מאכען ארבייטספעהיק דערמיט, וואס מען זאל פארלענגערען ביז פינף יאהר די צייט, אין וועלכער די רעגי־רונג האט דאס רעכט ארויסצושיקען דעם אימיגראנט... די פעדע־ראלע רעגירונג וואלט געקענט אויסאיבען דיזעלבע פריינטלאכע אפיעקע איבער דעם אימיגראנט, ווי דער שטאט איבט איצטער אויס איבער א מינדעריעהריקער פערזאן. די רעגירונג וואלט גע־קענט פארשאפען ספעציעלע מיטלען פאר זיין ערציהונג, און זי וואלט געקענט פאדערען, אז אויב ער וויל פארבלייבען אין אמעריקע זאל ער ערווערבען א געוויסע בילדונג וואס איז נויטיק פאר אן ער־פאלג אין אמעריקע".

ווייטער געהען פארשידענע פלענער ווי אזוי צו העלפען דעם אימיגראנט דא אין אמעריקע: מען וועט איהם פארזארגען מיט עצות, מען וועט פאר איהם זוכען ארבייט, מען וועט איהם זאגען וואוהין ער זאל פארען און וואוהין ער זאל ניט פארען, מען וועט זוכען צו „פארטיילען" די אימיגראנטען, זיי זאלען ניט זיין צו גע־דיכט (אדער צו גרויס אין די אויגען) אין איין פלאץ א. אז. וו. די אלע פלענער זיינען אבער ביי דעם פראגרעסיווען רעדאקציאנע־לען שרייבער פארבונדען מיט א גאנצען סיסטעם פון „פאליצעיסקע נאדזאר".

באטראכט נאר וואס מען פלאנעוועט אינ'ם נאמען פון סא־ציאל־רעפארם. ערסטענס, דארף דער אימיגראנט געשטעלט ווע־

רען אונטער „גלאסני נאַדזאָר“ פון טשינאָווניקעס. ווי אַזוי וועט מען דאָס קענען דורכפירען? ניט אַנדערס ווי יעדער אימיגראַנט וועט מוזען האָבען א ספּעציעלען פּאַספּאָרט וואָס ער וועט מוזען „יאווען“ ביי די הויך־געבילדעטע און גוט־באַצאָלטע סאָציאַל־רע־פאָרמערס. אין דער צייט פון די ערסטע פינף יאָהר וועט ער באַ־האַנדעלט ווערען ווי אַ מענטש וואָס איז נאָך ניט אַלט קיין איין־און־צוואַנציק יאָהר, — דאָס הייסט ווען ער וועט וועלען מאַכען ער־גענץ אַ קאָנטראַקט וועט ער מוזען אַנקומען צו די הויך־געבילדעטע אַפּיעקונעס זיינע, בכלל וועט ער איבער זיך ניט זיין קיין פולער בעל־הבית. נאָך פינף יאָהר וועט ער מוזען אויסהאַלטען אַן עקזאַ־מען און אויב ער וועט דורכפאַלען, וועט איהם די רעגירונג קענען ארויסשיקען „אדמיניסטראַטיוונים פּאָריאַדקאָם“. אמת, דער סאָ־ציאַל־רעפאָרמאַטאר וואָלט איהם געבען דאָס רעכט צו אַפּעלירען צו די קאָורטס.

אויף דעם אָבער וואָלט דער פּלאַן זיך ניט קענען אָפּשטעלען. מען קען דאָך נאָכ׳ן נאָז ניט דערקענען, צי אַ מענטש איז נאָך אַן אימיגראַנט, צי ער איז שוין אַ בירגער, וועט מען מוזען געבען די סאָציאַל־רעפאָרמערס דאָס רעכט צו פאָדערען ביי יעדערען אַ פּאַס, אָדער זיינע בירגער־פּאַפּירען. דאָס הייסט, ווען מען וויל זיין זיכער, אַז קיין אימיגראַנט וועט זיך ניט ארויסדרעהען פון דעם פּאָליציייסקען נאַדזאָר, וועט מען דאַרפען איינפירען דעם גאַנצען רוסישען סיסטעם פון פּאַספּאָרטען.

וואָס איז שייך דעם פּלאַן צו שטעלען מיליאָנען מענטשען אונטער דער אויפזיכט פון טשינאָווניקעס אין זייער טאָג־טעגלאכען געזעלשאַפטלאכען לעבען, טו איז ער שוין אויך אויסגעפּרובירט גע־וואָרען אין רוסלאַנד, אין דער צייט פון ניקאָלאַי דעם ערסטען. דאָרטען האָט די רעגירונג אויך געפּרופט צו פאַרזאָרגען מיט עצות און אַנדערע טובות די אידישע קאָלאָניסטען און די רוסישע פּויע־רים אויף רעגירונגס־לענדער. אפשר וואָלטען די אַמעריקאַנער סאָ־שעל וואָירקערס זיך אויסווייזען פאר בעסערע אַפּיעקונעס ווי די אַמאָליקע רוסישע טשינאָווניקעס. פון דער ערפאַרונג וואָס מען האָט ביז אַהער געהאַט מיט דער אַמעריקאַנער ביוראָקראַטיע וואָלט איך מורא געהאַט איבערצוגעבען מיליאָנען מענטשען אין די הענט

פון א מחנה טשינאַוואניקעס, וואָס זאָלען איבער זיי מעגען שאַלטען און וואַלטען, און אויב מען פאָלגט זיי ניט, איז „פּאַשאַל!“ מען שרייבט אויף אייער פּאַס „נא וויעזד“ און גאָה אַפּעליר צו די גע־ריכטען. פאַר אַמעריקאַנער אַדוואָקאַטען וואָלט דאָס געווען אַ גע־שעפט.

גאָר אַנאַנדער פּלאַן קומט פון די סטעיטס ביי'ן ברעג פון דעם שטילען אָקעאַן, פון וואַנען עס האָט זיך אָנגעהויבען די גאַנצע אַגי־טאַציע פאַר די באַשרענקונג פון איינוואַנדערונג. זיי האָבען דורכ־געפירט דעם פאַרבאָט פון איינוואַנדערונג פון כינא, זיי האָבען געצוואונגען די אַמעריקאַנער רעגירונג אָפּצומאַכען מיט דער רע־גירונג פון יאַפּאַניע, אַז זי זאָל ניט געבען קיין פּאַספּאָרטען צו איהרע ארבייטער וואָס ווילען עמיגרירען קיין אַמעריקא. דאָס האָט אָבער געשאַפען אַ ביטערע שטימונג געגען די פאַראייניקטע שטאַטען צווישען דעם פאָלק אין יאַפּאַניע. די פראגע איז באַ־האַנדעלט געוואָרען אין אַ רעפעראַט וואָס פּראָפעסאָר סמיט פון סיאַטעל, אין וואַשינגטאָן סטעיט, האָט פאָרגעלעזען פאַר דעם יעהרליכען מיטינג פון דער אַמעריקאַנער עקאָנאָמישער געזעלשאַפט אין סענט־לואי, אין דעצעמבער 1910.

פּראָפעסאָר סמיט, מוזט איהר וויסען, איז זעהר אַ ראַדיקאַלער מענטש. אין 1896 האָט ער פאַרלאָרען זיין שטעל אין אַ קאַלעדזש דערפאַר וואָס ער איז געווען צו ראַדיקאַל פאַר די בעלי־בתים איבער דעם קאַלעדזש. אין 1908 האָט ער פאַרעפענטלאַכט אַן אויסגע־צייכענטען בוך איבער דעם גייסט פון דער אַמעריקאַנער קאָנסטי־טוציע, וואָס פאַר דעם בוך האָט ער ווידער שיעור ניט פאַרלאָרען זיין שטעלע אין אוניווערסיטעט, אָבער ער איז אַן אַמעריקאַנער און ער קומט פון דעם ברעג פון שטילען אָקעאַן, און דאָס איז גענוג. ער סימפּאַטיזירט מיט דעם ארבייטער־קלאַס, נאַר, נאַטירליך, מיט דעם אַמעריקאַנער ארבייטער־קלאַס. די ארבייטער פון די פּאַסי־פיק סטעיטס פאַרלאַנגען מען זאָל ניט אריינלאָזען קיין געלע אַר־בייטער, איז פאַר איהם גאָר וועגען דעם קיין פראגע ניטאָ, אַז דאָס דאַרף געטאָן ווערען. די פראגע איז נאַר, ווי אַזוי? די צייט איז געקומען, זאָגט ער, ווען עס איז אונמעגלאַך פאַר די פאַראייניקטע שטאַטען צו מאַכען אַן אויסנאַהם קענען די אַזיאַטישע פעלקער. אַמעריקע האָט אויפגעוועקט יענע פעלקער, זי האָט פאַרלאַנגט אַז

אפענע טיר אין אזיע, איצטער פילען די אזיאטישע פעלקער, אז זיי זיינען אויך בארעכטיקט צו דערזעלבער באהאנדלונג אין אינטערנאציאנאלע אנגעלעגענהייטען, ווי אלע אנדערע פעלקער. דער באיקאט פון אמעריקאנער ווארען אין כינא אין 1905 האט געגעבען אנצוהערענעס דעם אמעריקאנער פאלק, אז די אזיאטען וועלען ניט שווייגען. ווען די פאראייניקטע שטאטען וועלען אויסשליסען אזיאטישע איינוואנדערונג, וועלען כינא און יאפאניע אויסשליסען אמעריקאנער ווארען, און דאס וועט שעדיקען די אמעריקאנער אינדוסטרי. דערפון איז נאטירליך ניט געדרונגען פאר איהם, אז מען מוז יע אריינלאזען געלע ארבייטער, נאר פארקערט, אז מען מוז די זעלבע באשרענקונגען אנווענדען צוגלייך אויך אויף די איינוואנדערער פון אייראפא.

א פלאן פאר דעם צוועק האט פארגעשלאגען אן אמעריקאנער מיסיאנער דר. גיוליק, וואס איז געוועזן אכט און צוואנציג יאהר א פראפעסאר אין יאפאניע און פארט איצטער ארום איבער'ן לאנד מיט זיין פראיעקט.

זיין פלאן איז אייגענטליך ניט ניי, ער איז שוין פארגעבראכט געווארען פאר דער אימיגריישאן קאמישאן. עס איז די בארימטע רוסישע „פראצענטען־נארמע“: מען זאל אריינלאזען נאר א געוויסען פראצענט אימיגראנטען פון יעדער לאנד, ניי אבער איז אין דעם ארגומענט פון דר. גיוליק, וואס ער מיינט דערמיט אויסצונעמען ביי יאפאניע, צו דערזעלבער צייט ניט אריינלאזענדיק קיין יאפאנעזער אימיגראציע. איהר וועט פרעגען, ווי? אט הערט. די יאפאנעזער, זאגט ער, זיינען א שטאלצער פאלק, זיי פילען זיך באליידיקט, וואס מען מאכט אויסנאמען ספעציעל געגען זיי, בעת מען לאזט אריין אימיגראנטען פון אנדערע לענדער. פארקערט, ווען מען זאל פאר אלעמען גלייך פארשפארען די טירען, וועלען זיי גארנישט ניט האבען דאגעגען, ווייל יאפאניע אנערקענט אליין, אז יעדע מלוכה האט דאס רעכט איינגאנצען צו פארשליסען זיך געגען פרעמדע.

אבער איינגאנצען פארשליסען די טויערען פון אמעריקא געגען אימיגראנטען ווילען אפילו די רעסטריקשאניסטען אויך ניט. זיי האבען גארנישט דאגעגען, אז עס זאלען אריינקומען אהער פריי

אַלע ענגלישע, דייטשע און סקאַנדינאַווישע אימיגראַנטען, ווייל זיי זיינען כלומרשט בעסערע אימיגראַנטען. אין דער אמת'ן האָט מען זיי מער ליב דערפאַר, וואָס זיי קומען שוין מער ניט אין גרויסע צאָלען, ווי אַמאָל. אין יענע צייטען, ווען זיי פלעגען קומען אהער אין גרויסע מאַסען, פלעגט מען ביי זיי געפינען פונקט די־זעלביקע חסרונות, ווי איצטער ביי די אידען, די איטאַליענער און די סלאַווען. דער אונטערשיד אָבער צווישען דעם קריסטליכען מיסיאָנער און די טרייד־יוניאָן לידערס איז, וואָס זיי קומען אַרויס בולט און זאָגען: „מיר ווילען זיך מיט קיינעם ניט טיילען מיט די שטעלען". ווערענד ער האָט אַ שענעם תירוץ. מיר קענען אריינ־לאָזען אהער נאָר אַזוי פיל אימיגראַנטען, טענה'ט ער, וויפיעל מיר קענען אַסימילירען. וואָרים אויב מיר זאָלען לאָזען אונדזער לאַנד פאַרפלייצט ווערען פון אימיגראַנטען, וואָס פאַרשטעהען ניט דעם גייסט פון אונדזער פּאָליטישען סיסטעם, וועט אונדזער דע־מאָקראַטיע געהן צו גרונד. ווען אַ גרינער אימיגראַנט קומט אהער, קומט ער פון אָנהויב אין באַרירונג נאָר מיט זיינע אייגענע לאַנדס־לייט, זיי זיינען די רביים זיינע אין הלכות אַמעריקאַניזם. אָבער די עלטערע אימיגראַנטען זיינען פעהיג צו אַמעריקאַניזירען נאָר אַ געוויסע צאָל פון זייערע גרינע לאַנדסלייט. דעריבער מעג מען אריינלאָזען גרינע אימיגראַנטען נאָר אין אַ באַשטימטער פּראָ־פּאָרציע צו די אויסגעגרינטע, וואָס האָבען זיך שוין גענוג אַמעריקאַ־ניזירט צו ווערען בירגער, און צו זייערע קינדער, — וואָרים די היגע געבאָרענע קינדער פון די אימיגראַנטען זיינען דער וויכטיקס־טער אַמעריקאַניזירענדער עלעמענט. דר. גיוליק שלאָגט פאָר פינף פּראָצענט אַלס די נאָרמע, אָבער ער באַשטעהט ניט אויף דער צאָל פינף. אויב מען וועט ווייזען, אַז מען מעג אריינלאָזען צען פּראָצענט, קענט איהר דאָס אויך ביי איהם פּועל'ן.

ער באַשטעהט אָבער אויף דעם פּרינציפּ פון גלייכהייט פון אַלע פעלקער און ראַסען. אויב פינף פּראָצענט, טו לאָז זיין פאַר אַלעמען פינף, פאַר די יאַפּאַנעזער און די כינעזער צוגלייך מיט די ווייסע פון אַלע נאַציאָנען. ער האָט פאַרבראַכט מער ווי אַ העלפט פון זיין לעבען אין יאַפּאַניע און ער קען עדות זאָגען, אַז די יאַפּאַ־נעזער זיינען ניט ווענינער ציוויליזירט, ווי די ווייסע אימיגראַנטען.

ער האָט גערעדט וועגען דעם פּלאַן מיט יאַפּאַנעזישע שטאַטס־לייט און כלל־טהוער, און זיי האָבען זיך אַלע אויסגעדריקט, אַז

אויב אַמעריקע געפינט פאַר נויטיג צו בעשרענקען אימיגראַציע, זיי־
נען זיי מיט דעם פּלאַן גאַנץ צופריעדען: נאַציאָנאַלע עהרע איבער
אַלעם!

לאָמיר איצט איינקוקען זיך אין דעם חשבון. ווען מען זאָל
אריינלאָזען 5%, וועלען מעגען אריינקומען אהער אַן ערך 300,000
איירישע אַ יאָהר, און איבער 300,000 דייטשען אַ יאָהר, — אַזעל־
כע צאָלען זיינען קיינמאָל ניט געקומען פון יענע לענדער אפילו אין
יענע יאָהרען ווען די עמיגראַציע פון דאָרטען האָט דערגרייכט
איהר העכסטען פונקט. אין דעם לעצטען יאָהר פאַר דער מלחמה
זיינען געקומען אהער סך־הכל אַ פערטעל פון דער דאָזיקער נאָרמע
איירישע און אַ צענטעל פון דער צאָל דייטשען. דאָס זעלבע איז
אויך מיט די סקאַנדינאַווישע לענדער, האָלאַנד, פראַנקרייך און די
שווייץ. פאַרקערט פון איטאַליע וואָלטען געמעגט קומען 44,091,
ווערענד אין דעם לעצטען יאָהר זיינען אריינגעלאָזען געוואָרען נאָ־
הענט פון 300,000. דאָס הייסט די צאָל וואָלט ארונטערגעהאַקט
געוואָרען אויף 85%. פון רוסלאַנד וואָלט מען אריינגעלאָזען
קנאַפּע 56,553, ווערענד אין דעם לעצטען יאָהר פאַר דער מלחמה
זיינען אַנגעקומען 255,650. דאָס הייסט מען וואָלט פאַרשפּאַרט
די טירען פאַר דריי פערטל פון אַלע אימיגראַנטען פון רוסלאַנד. פון
עסטרייך וואָלטען געמעגט אַנקומען אַן ערך אַ דריטעל, פון אונ־
גאַרן 7% פון די אימיגראַנטען וואָס קומען איצטער.

וואָס איז שייך כינאַ, טו האָט מען אפילו אונטער דעם איצ־
טיקען געזעץ אריינגעלאָזען אין 1914 — 2502, לויט דעם פּראָ־
יעקט פון דר. גיוליק וואָלט די צאָל געפאַלען ביז 1107 אַ יאָהר.
פון יאַפּאַניע זיינען אין דעמזעלבען יאָהר געקומען אונטער דעם
„דזשענטעלמענס אַגרימענט“ צווישען די צוויי רעגירונגען 8,929
פּריוועליגירטע אימיגראַנטען, — לויט דעם נייעם פּלאַן וואָלטען
געמעגט אריינקומען סך־הכל 1220, ד. ה. 14%. אָבער די שטאָל־
צע יאַפּאַנעזער וואָלטען זיין צופרידען, ווערענד איצטער פילען
זיי זיך באַליידיגט.

דער עיקר פון דעם פּלאַן, ווי איהר זעט, איז אריינצולאָזען
פריי די אימיגראַנטען פון די פּריווילעגירטע לענדער און פאַר־
שפּאַרען די טירען פאַר די אידען, איטאַליענער, סלאַווען און די
געלע.

פערטער קאפיטעל

# פּאָליטישע און רעליגיעזע עמיגראַנטען.

די אָפיציעלע שטעלונג פון דער אמעריקאנער רעפּובליק איז נאָך פון אַלטע צייטען, אז זי איז אַן עיר־מקלט פאר אַלעמען וואָס זוכען זיך צו ראַטעווען פון רעליגיעזע און פּאָליטישע פּארפאָלגונ־גען. אין די לעצטע יאָהרען אָבער באמערקט זיך אין דעם פּרט אויך א רעאקציע.

אין די רעגירונגס־קרייזען האט מען דא ניט זעהר שטארק ליב די פּרעמדע בונטאָווטשיקעס, וואָרים זיי קומען אהער און אַגיטי־רען דאָ פאר סאָציאַליזם, סינדיקאַליזם און נאָך ערגער.

דאס איז דער ריכטיקער געדוך פון דעם רעפּאָרט פון דער אימיגרעישאַן קאָמישאַן, וואָס זי האָט צוגעשטעלט צום קאָנגרעס אין דעצעמבער 1910. אין דעם ראפּארט ווערט דערצעהלט, אז דעם 23טען מאי 1906, האט דער סענאט אָנגענומען א געזעץ, עס זאָלען ניט ארייגעלאָזען ווערען קיין אייגוואנדערער וואָס קענען ניט לע־זען און שרייבען. אין דער רעפּרעזענטאַנטען־הויז איז עס אָבער ניט דורכגעגאַנגען, פּארקערט, עס איז דאָרטען אָנגענומען געוואָרען קאָנגרעסמאַן ליטאוער'ס אַמענדמענט, אַז אַן איינוואנדערער, וואָס איז אַנטלאָפען אהער פון פּאָליטישע אָדער רעליגיעזע פּארפאָלגונ־גען זאָל ניט צוריקגעשיקט ווערען צוליב דעם, וואָס ער האָט ניט קיין מיטלען, אָדער וואָס ער וועט אפשר ניט קענען מאַכען א לע־בען. ווען דער סענאט און די רעפּרעזענטאַנטען־הויז זיינען ניט איינינג, מוז די פראַגע אָנקומען אין א קאָנפערענס־קאָמיטע. דאָר־טען האָט מען געמאַכט א קאָמפּראָמיס : דער סענאט האט זיך אָפּ־געזאָגט פון דער פאָדערונג, אז יעדער איינוואנדערער זאָל קענען לעזען און שרייבען, דערפאר האָט זיך די רעפּרעזענטאַנטען־הויז

אפגעזאגט פון דער פאדערונג אז די קרבנות פון פאליטישע און רעליגיעזע פארפאלגונגען זאלען אריינגעלאזען ווערען אהער אומבאשרענקט. דאס הייסט, די רעפרעזענטאנטען־הויז האט אויסגעפירט, אז ניעגראמאטנע איטאליענער, סלאוואקען און פאליאקען, וואס ארבייטען ביי די אייזענבאנען, ביי דעם קוילען־טראסט און דעם שטאל־טראסט, זאלען אריינגעלאזען ווערען פריי; צוליב דעם האבען די פאלקס־פארטרעטער געמוזט מקריב זיין די „אונגעווינטשטע" אידישע סטרייקערס און סאציאליסטען.

די אימיגרעישאן־קאמישאן האלט ניט דערפון, אז מען מוז מאכען אן אויסנאם פאר פארפאלגטע אידען אדער פאליטישע עמיגראנטען. פונקט פארקערט, צווישען די פראיעקטען פון דער קאמישאן געפינען זיך אזעלכע באשרענקונגען, וואס זיינען ספעציעל צוגעפאסט צו רוסישע אידען און פאליטישע עמיגראנטען.

די קאמישאן שלאגט פאר, אז דער פרעזידענט זאל שיקען שליחים אין „יענע מדינות, וואס האבען ריכטיקע פאליציי־רעקארדס" — „יענע מדינות, וואס האבען ריכטיקע פאליצייסקע רעיעסטערס", זיי זאלען אפמאכען, אז „איינוואנדערער פון יענע מדינות זאלען אריינגעלאזען ווערען אין די פאראייניקטע שטאטען ניט אנדערס ווי מיט א סווידעטעלסטווע, אז זיי זיינען ניט פארמשפט געווארען פאר אזעלכע פארברעכענס, וואס צוליב זיי טארען זיי אהער ניט אריינקומען".

היינט וואו געפינט איהר נאך אזוינע ריכטיקע פאליצייסקע רעיעסטערס, ווי אין רוסלאנד! ס'הייסט, פראסט גערעט, וועט יעדער איינוואנדערער פון רוסלאנד דארפען צושטעלען א „כאראשעיע פאוועדעניע" פון דער פאליציע, אנדערש וועט מען איהם ניט אריינלאזען אהער. פארשטעהט איהר שוין, אז אן אנטלאפענער פון סיביר וועט מוזען אויסקלייבען אזא לאנד, וואס פאדערט ניט קיין הכשר פון א רוסישען פאליצמייסטער.

דיזע שטעלונג האט געפונען אן אפקלאנג אין דעם פאליציי־סאציאליסטישען „אויטלוק". אט וואס עס איז געשטאנען אין זיינעם א לייטארטיקל:

„עס לעגט זיך גאר ניט אויפ'ן שכל, פאר וואס דארף דיזע לאנד נאך וויטער בלייבען א מ ק ו ם  מ ק ל ט פאר די אונטערדריקטע פון אנדערע לענדער. אין מערב־איירא פא איז שוין

אזא פּאָליטישע אונטערדריקונג ניטאָ, וואָס האָט געטריבען אויס־וואַנדערער צו אנטלויפען פון אײרלאַנד, דײטשלאַנד און איטאַל־יען אין דער ערסטער העלפט פון דעם 19טען יאהר־הונדערט. עס איז שוין ניטאָ קיין הורטאָווע אונטערדריקונג פון פרייהייט, וואָס זאָל אונדז צווינגען צו עפענען אונדזערע טירען פאר אַלע אַנטלאָפע־נע. נאָר אין רוסלאַנד הערשט נאָך אַ וואַיענער דעספּאָטיזם; נאָר דער רוסישער איד גוויטיקט זיך נאָך אין אַ מקום מנוחה. אָבער מיר זיינען ניט מחויב, מיר האָבען אפילו קיין רעכט ניט צו לאָזען אונדזער גאַנצע אינטערנאציאָנאַלע פּאָליטיק זאָל באשטימט ווערען דורך סימפּאַטהיע צו איהם“.

קלאָרע דבורים! דער רוסישער איד ווערט פארטריבען פון זיין היים דורך דעם רוסישען דעספּאָטיזם, פּונקט אַזוי ווי פריהער די ארמעניער פון טערקיי, אָדער ווי די דייטשע און איטאַליענישע רעוואָלוציאָנערען אמאָל, אָבער דאָס איז ניט אונדזער דאאגה.

די רעאַקציאָנערע פּראָיעקטען פון דער אימיגרעישאָן קאָמישאָן זיינען פאר דעם בלאָט נאָך ניט גענוג. „מיר מיינען, זאָגט ער, אַז אונדזער רעגירונג קען געהן נאָך ווייטער. זי קען אָננעמען אַ סיסטעם פון פּאַספּאָרטען“. אַ קונץ אָבער צו מאכען אַ פאַלשען פּאַס? דעריבער „דאַרף דער פּאַס צוגעשטעלט ווערען צום נאָהענטסטען אַמעריקאַנער קאָנסול, און ער דאַרף האָבען די געלעגענהייט צו אונטערזוכען, צי די פּאַפּירען זיי־נען די ריכטיקע, און וואָס פאר אַ סאָרט מענטש איז דער אייגענ־טימער זייערער“. אַ רוסישען טשינאָווניק קען מען אָפּנארען, אָבער ניט אַן אַמעריקאַנער טשינאָווניק. אָבער הערט נאָר ווייטער.

איינע פון די אורזאכען, פון אויסוואַנדערונג, זאָגט דער שריי־בער, איז די ליבע פון פרייהייט. „דיזע פרייהייטס־ליבע ברינגט צו אונדז די בעסטע און די ערגסטע לייט. די בעסטע זיינען יענע, וואָס זוכען אַ געלעגענהייט פאר זיך אַליין פריי צו ענטוויקלען זיך און פאר זייערע קינדער. די ערגסטע זיינען די, וואָס ווילען זיין פריי פון פּאָליצייסקער שפּיאָנעריי און פון דער שנעלער און קרעפ־טיקער אַנווענדונג פון געזעץ, וואָס דאָס איז אין אַמעריקע גאָר אונבאַקאַנט. איינצופירען פּאָליצייסקע שפּיאָנעריי אין אַמעריקע וואָלט זיך קאָם לוינען, אפילו ווען דאָס וואָלט זיך געלאָזט איינ־פירען; אָבער פּאָליצייסקע שפּיאָנעריי וואָלט געקענט אַנגעווענ־

דעט ווערען מיט גוטע רעזולטאַטען צו באַשטימען ווער עס זאָל צוגעלאָזען ווערען אין אַמעריקע״.

נאָך אמאָל ־ זשע: איינפירען אַ שפּיאָנעריי דאָ אין אמעריקע וועט ניט געהן... אבער אין רוסלאַנד קען דער אַמעריקאַנער קאָנסול מושוה ווערען מיט דער אָכראַנקע, זי זאָל איהם ליפערען ספּראַווקעס וועגען יעדען אויסוואַנדערער. איז דער אויסוואַנדערער פון די „בעסטע לייט״, וואָס זוכען נאָר אַ שטיקעל פּרנסה פאַר זיך און פאַר זייערע קינדער, איז אָלל־רייט; ווען עס וועט זיך אָבער אקאַזשען, אַז ער איז פון יענער חברה וואָס ליבען ניט אַז אַ שפּיאָן געהט נאָך זיי נאָך אויף יעדען שריט און טריט, טו זאָל ער זיך אומזיסט ניט מטריח זיין.

עס קומט מיר אין זינען דעם רוסישען שרייבער שטשעדרין׳ס סאַטירע אויף דעם רוסישען סיסטעם פון שפּיאָנעריי: „אויב די נשמה דיינע איז ריין, טו למאַי זאָלסטו איהר ניט געבען איבערלייענען?״ ווער וואָלט זיך ווען געקענט פאָרשטעלען, אַז אַ קאַריקאַטור אויף דעם רוסישען דעספּאָטיזם זאָל גאַנץ ערנסט געפּרעדיקט ווערען אין אַן אַמעריקאַנער וואָכענבלאַט, וואָס איז כלומר׳שט „פּראָגרעסיוו״?

זינט פּרעזידענט מאַק׳קינלי איז דערשאָסען געוואָרען, אין 1901, זיינען דאָ איינגעפירט געוואָרען באַשרענקונגען געגען פּאָליטישע עמיגראַנטען. אנאַרכיסטען ווערען ניט אַריינגעלאָזען, און אויב זיי קומען אריין און מען געפינט זיי אויס, ווערען זיי אַרויסגעשיקט. אַזעלכע פעלע זיינען דאָ שוין פאָרגעקומען. דער נאָמען „אַנאַרכיסט״ ווערט אַזוי ערקלערט אין דעם געזעץ, אַז ער קען אָנגעווענדעט ווערען אויף יעדען טעראָריסט. דער איצטיקער געזעץ מאַכט אַן אויסנאַם צו גונסטען פון אַזעלכע אימיגראַנטען וואָס האָבען באַגאַנגען „אַ ריין פּאָליטישען פאַרברעכען, וואָס איז מאָראַליש ניט שענדלאָך״. אונטער דעם דאָזיקען געזעץ האָט מען דאָ געמאַכט טראָבעל ביים אריינפאָהרען דעם געוועזענעם פּרעזידענט פון ווענעסועלא, דעם געוועזענעם פּרעזידענט פון ניקאַראַגוא און דער פירערין פון די ענגלישע סאָפראָדזשעטקעס, מיסיס פּאַנקהוירסט, וואָס דאָס שטימט שוין גאָר ניט מיט דער כלומר׳שטיקער פריינטלאכקייט צו פּאָליטישע עמיגראַנטען.

אונדזער רעגירונג האָט געפונען, אַז די פירונג פון די סאָפראַ־

דזשעטקעס איז „מאָראַליש שענדלאַך“, אז פּרעזידענט זעלאיא האָט באגאַנגען א מאָראַליש שענדלאכען פאַרברעכען, זייענדיק אין אמט, ווען ער האָט געהייסען אויפהייגגען זיינעם א פּאָליטישען געגנער און אַז. וו. אויף דעם גרונד פון דעם פּונקט קען מען אויסשליסען א סך רעוואָלוציאָנערען, ווייל אין דער צייט פון א רעוואָלוציע, ווי אין דער צייט פון מלחמה, ווערען פון די רעוואָלוציאָנערען באַגאַנגען אַזעלכע אקטען, וואָס אונטער געוועהנלאכע אומשטענדען איז עס א פאַרברעכען צו טאָן. הרג'ענען א מענטשען, אדער אוועקנעמען ביי איהם זיין אייגענטום, איז א פאַרברעכען, אבער אין א רעוואָלוציע שיסט איין צד אין דעם אַנדערען, און רעוואָלוציאָנערען ראַבירען קראָמען וואו עס ווערט פאַרקויפט געוועהר. לויט דעם איצטיקען געזעץ, אלזא, קענען אהער אריינקומען פריי נאָר אַזעלכע מענטשען וואָס האָבען ניט מער ווי גערעט און געשריבען געגען זייער רעגירונג. און אפילו אין דעם איז פאַראַן א באַשרענקונג, וואָרים דער איצטיקער געזעץ לאָזט ניט אריין קיין טעראָריסטען. ווען אימיצער זאָל מסר'ן א רוסישען טעראָריסט אין דער צייט פון די ערסטע דריי יאָהר נאָך זיין אַנקומען, קען ער ארויסגעשיקט ווערען אין די לאַנד, וואו ער האָט זיך געזעצט אויפ'ן שיף.

דאָס איז נאָך אבער אויך ניט אלץ. לויט דעם עקזיסטירענדען געזעץ, ווען איינער א היגער העלפט אַן אויסלענדישען טעראָריסט קומען אהער, איז ער אויך א פאַרברעכער און עס קומט איהם דערפאַר „ניט מער ווי באַצאָלען פינף טויזענט דאָלאַר שטראָף, אדער ניט מער ווי אָפּצוזיצען פינף יאָהר אין פּריזאָן, אדער ביידע זאכען“. געדענקט, עס געהט דאָ ניט אום איינעם וואָס איז אליין פאַרמישט געווען אין א טעראָריסטישען אקט. עס איז גענוג אַז ער גלויבט, אַז עס איז רעכט געווען צו הרג'ענען פלעווע'ן.

דערצו האָט נאָך בוירנעט'ס אימיגריישאָן ביל צוגעלעגט א פאַרבאָט אריינצולאָזען אימיגראַנטען וואָס „לערנען אז מען מעג אונגעזעצלאַך פאַרניכטען אייגענטום“, — דאָס מיינט מען די סאַפּ־ראַדזשעטקעס. ווייטער איז די צייט, ווען די רעגירונג קען כאַפּען אַן אימיגראַנט און איהם אַרויסשיקען אלס א טעראָריסט, פאַרלייגערט געוואָרען פון דריי ביז פינף יאָהר.

מילא, אָפּטימיסטען װעלען זאָגען, אַז מען דאַרף ניט זעהר ערנסט נעמען װאָס עס שטעהט אױפ׳ן פּאַפּיר, — אַט איז שױן זיבען יאָהר אװעק זינט די אַלע פּונקטען שטעהען אין דעם געזעץ און דערװײלע האָט מען קײנעם ניט געטשעפּעט. דאָס איז דער־פאַר, װאָס די רעגירונג האָט קײן מיטעל ניט אױסצוגעפינען, אַז ערגעץ אַ רוסישער סימפּאַטיזירער מיט דער טעראָריסטישער טאַק־טיק האָט אָפּגענאַרט דעם אימיגרעישאָן אינספּעקטאָר אַרײנקומענ־דיק אַהער. דער בוירנעט־דילינגהאַם ביל אָבער האָט קעגען דעם אױך אַ מיטל: אין דעם נײנצעהנטען פּאַראַגראַף װערט באַשטימט, אַז אויב אַן אימיגראַנט װעט אין די ערסטע פינף יאָהר נאָך זײן אָנקומען „לערנען אַז מען דאַרף אַרונטערװאַרפען מיט גװאַלט די רעגירונג פון די פאַראײניקטע שטאַטען“, דאַרף ער אַרױסגעשיקט װערען פון לאַנד. איך װיל איהר זאָלט גוט באַטראַכטען װאָס דאָס מײנט.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטײען רײדען װעגען „אַ רעװאָלוציאָן“, זײ לערנען, אַז דער קאַפּיטאַליזם מוז אָבגעשאַפט װערען דורך אַ „רעװאָלוציאָן“. דער אױסדרוק װערט אױסגעטײטשט אױף פאַר־שידענע אופנים. אײנע זאָגען, אַז דאָס װעט זײן אַ געזעצלאָכע רעװאָלוציאָן: װען די גאַנצע רעגירונג װעט זײן אין די הענט פון די סאָציאַליסטען, װעט מען דעמאָלט ערקלערען אַלע קאַפּיטאַליס־טישע געשעפטען פאַר קהל׳שע אײגענטום, און די קאַפּיטאַליסטען װעט מען דערפאַר קײן סענט ניט באַצאָלען. די אײנגעװאַנדער־טע סאָציאַליסטען װאָס קומען פון מאָנאַרכיסטישע לענדער זײנען ניט אַזױ געזעצליבענד און זאָגען אָפטמאָל, אַז דער קאַפּיטאַליזם װעט מוזען אָפּגעשאַפט װערען דורך אַ פאָלקס־אױפשטאַנד אפילו אין די פאַראײניקטע שטאַטען. נו, אױב דער בוירנעט־דילינגהאַם ביל װעט דורכגעהן, װעט מען פאַר אַזאַ רעדע מעגען אַן אײנגעװאַנ־דערטען רעדנער אַרױסשיקען פון די פאַראײניקטע שטאַטען.

דער איצטיקער געזעץ געגען „אַנאַרכיזם“ גיט דער רעגירונג די מאַכט צו אַרעסטירען אַן אײנגעװאַנדערער און איהם אַרױס־פּטור׳ן אַזױ װי אין רוסלאַנד. װען ער זאָל באַגעהן אַ גנבה אָדער אַ מאָרד, טאָר מען איהם ניט באַשטראָפען אָהן אַן עפענטלאָכען פּראָצעס פאַר אַ דזשורי. װען אָבער ער װערט באַשולדיקט, אַז ער איז אַן אײנגעװאַנדערטער „אַנאַרכיסט“, זײנען פאַר איהם ניטאָ

קיין שום געזעצלאכע גאראנטיעס, ער ווערט באשטראפט „אדמיניס־טראטיוונים פאריאדקאם".

פון דער אדמיניסטראציע אויף אלע עפענטליכע מיטינגען. יעדער

בוירנעט'ס אימיגריישאן ביל וויל אויסברייטען דיזע מאכט אימיגרעישאן אינספעקטאר וועט האבען דאס רעכט צו ארעסטי־רען יעדען רעדנער אויף דער אנקלאגע, אז ער האט אויפגערייצט דעם עולם אונטערצואווארפען מיט גוואלט די רעגירונג פון די פאר־אייניקטע שטאטען.

אין דער צייט פון דעם סטרייק אין לארענס האט איינער פון די שותפים פון דעם וואולען־טראסט ערקלערט דורך דער פרע־סע, אז מען וועט זעהען די אנפירערס פון דעם סטרייק ארויסצו־שיקען אלס איינגעוואנדערטע אנארכיסטען. דאס איז דעמאלט געבליבען א סטראשונעק, ווארים עס וואלט שווער געווען צו דער־ווייזען, אז זיי זיינען געווען „אנארכיסטען" אין דער צייט ווען זיי זיינען אהער אנגעקומען. דער בוירנעט־דילינגהיים ביל וועט געבען א מיטעל דאס איינצופירען, שטיצענדיק זיך אויף דעם וואס דער איינגעוואנדערטער סטרייקער האט דא גערעדט. די מעשיות וואס די דעטעקטיווס האבען דערצעהלט אין דער צייט פון דעם סטרייק אין פאטערסאן וואלטען געווען גענוג ארויסצושיקען פון אמעריקע יעדען סטרייק־פירער, וואס איז נאך ניט אפגעוועזען אין אמעריקע קיין פולע פינף יאהר. איהר קענט פארשטעהן וואס פאר א ווירקונג אזא געזעץ קען האבען אויף דער ארבייטער־באוועגונג. אט דאס איז דער ביל וואס האט געקראגען די איינשטימיקע אונטערשטי־צונג פון דער אמעריקאן פעדערעישאן אוו לעיבאר ביי איהרע קאנ־ווענשאנס.



פירטע אפטהיילונג

# די שטעלונג פון די אמעריקאנער סאָציאַליסטען צו עמיגראַציע.

## 1

## די אינטערנאציאנאַלע קאָנגרעסען און די אמעריקאַנער ס. פּ.

---

די פראַגע וועגען אימיגראַציע איז צום ערסטען מאָל אויפגע־הויבען געוואָרען אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנגרעס אין אמסטערדאם אין 1904, ווען מאָרים הילקוויט*) האָט געמאַכט דעם פאָרשלאַג, אַז דער קאָנגרעס זאָל זיך אויסשפּרעכען פאַר די באַשרענקונג פון דער איינוואַנדערונג פון „ריקשטענדיקע ראַסען". דער פאָרשלאַג איז געקומען גאָר אונגעריכטערהייט, גע־גען איהם זיינען אַרויסגעטראָטען אַנדערע אמעריקאַנער דעלעגאַ־טען, דר. אננא אינגערמאַן און ניקאָלאַס קליין,ביידע רוסישע אי־דען, אַזוי ווי מאָרים הילקוויט. דער קאָנגרעס האָט דעמאָלט באַ־שלאָסען, אַז אַזוי ווי די פראַגע איז אַ נייע און מוז גוט דורכגע־טראַכט ווערען, זאָל מען זי אָפּלעגען ביז דעם נעקסטען קאָנגרעס.

ביי דעם קאָנגרעס אין שטוטגאַרט אין 1907 איז הילקוויט אַרויסגעקומען אין דעם נאָמען פון דער עקזעקוטיווע פון דער אַמע־ריקאַנער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, מיט אַ רעזאָלוציע, וועלכע איז געווען געריכטעט געגען די איינוואַנדערונג פון „ריקשטענדיקע ראַסען", אָבער ער איז נידערגעשטימט געוואָרען מיט אַ מאַיאָרי־טעט פון נייןצענטל פון אַלע דעלעגאַטען. הילקוויט האָט ער־קלערט, אַז זייענדיק אַ גוטער סאָציאַלדעמאָקראַט וועט ער פאָלגען דער מאַיאָריטעט און זוכען איבערצייגען זיינע גענאָסען אין אמערי־קע, אַז זיי דאַרפען זיין פאַר פרייע איינוואַנדערונג.

---

*) דער דעלעגאַט פון דער סאָציאַליסטישער ארבייטער פאַרטיי

אבער זיינע גענאָסען אין אַמעריקע זיינען מיט איהם גאָר ניט געווען איינפערשטאַנען. די היגע פּאַרטיי האָט נאָך פאר דעם אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס אין שטוטגאַרט אָנגענומען א רע־זאָלוציע קעגען אַזיאַטישע איינוואַנדערונג; נאָך דעם קאָנגרעס האָט די היגע סאָציאַליסטישע פּרעסע גערעדט קעגען די שטעלונג פון די אייראָפּעאישע סאָציאַליסטען, און די „ניו־יאָרקער פאָלקס־ציימונג“ האָט געזאָגט, אַז זי איז שטאָלץ דערמיט.

דער אָנפירער פון דעם קאַמפּף געגען דעם אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס איז געווען וויקטאָר בערגער פון מילוואָקי: אין אַן אַר־טיקעל אין דעם „סאָשעל דעמאָקראַטיק העראָלד“, האָט ער געלאָזט וויסען, אַז „מיר“ וועלען האַלטען פאר דעם עכטען אמעריקאנער פּראָלעטאַריאַט.

„מיר האָבען ווילקאָמען געהייסען זעקס מיליאָן אימיגראַנטען אין די לעצטע זעקס יאָהר. די מערסטע פון זיי זיינען געווען סלאַ־ווען, גריכען, איטאַליענער און רוסישע אידען. זיי זיינען אַלע פרעמד צו אונדזער אַרט דענקען און אונדזער אַרט לעבען. נאָר א משוגע'נער אָדער אַ שופט קען באהויפּטען, אַז דאָס האָט ניט אַרונטערגעדריקט דעם לעבענס־סטענדאַרד פון דעם אַמעריקאַנער אַרבייטער. עס האָט איהם יאָ אַרונטערגעדריקט. עס האָט אַרונ־טערגעשטופּט אונזער אַרבייטער אומעטום, אין די בערג, אין דער פאַבריק, פונדעסטוועגען האָבען די אָרגאַניזירטע אַרבייטער עס דערלאָזען. אָבער אַלע אַרבייטער, אָרגאַניזירטע און אונאָרגאַ־ניזירטע, וועלען ציהען דעם גרענעץ קעגען אַזיאַטישע אימיגראַ־ציע“.

דעם פּרינציפּ פון אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט פון דעם פּראָלעטאַריאַט ערקלערט בערגער פאר א „פּוסטע פראַזע פון אינ־טעליגענטען“. ער שליידערט אין די סאָציאַליסטישע רייהען די באשולדיגונג, אַז עס געפינט זיך צווישען זיי „צופיל היפּאָקריטססט־ווע“ אין דיזער פראַגע:

„זיי וואַגען ניט צו זאָגען דעם אמת — אַז דאָס איז א ראַ־סען־פראַגע און אַז מיר וועלען מוזען ברעכען מיט א דאָגמע וועלכע טויג ניט אין דעם פאַל“.

בערגער אליין האט ניט געוואָרט אויף אנדערע, ביז וואנען זיי וועלען ברעכען מיט דער דאָגמע, ער איז געווען צופרידען מיט די פּאָגראמשטשיקעס פון וואשינגטאָן סטעיט און בריטיש קאָלומ־ביא, וועלכע האבען ארויסגעטריבען די יאפּאנעזער און אינדוסען:

„עס איז גוט — שרייבט ער — וואס דיזע רויהע ווענסטליכע ארבייטער האבען אויף זייער אייגענעם אופן צוגעצויגען די אויפמערקזאמקייט פון די פאראייניקטע שטאטען און בריטיש קאָ־לומביא צו דער אזיאטישער פראגע".

„דער קערן פון דער פראגע — זאגט ער ווייטער — איז צי די פאראייניקטע שטאטען און קענעדע זאלען בלייבען א ווייסע לאנד, אדער זיי זאלען באזעצט ווערען פון א געלבלאך־שווארצע ראסע א ביסעל פארווייסט"*).

אלזא אמעריקא'ס ביטראג צו דעם אינטערנאציאנאלען סאָ־ציאליזם א.־ג. אז דער סאציאליזם קען פאראייניקט ווערען מיט ראסען־האס און סימפּאטיע צו פּאגראמען.

די אורזאכען פון דער דאזיגער שטעלונג האט דער סאציאליס־טישער פירער ארויסגעזאגט גאנץ אפען: א. פ. און ל., א קאנסערוואטיווע קערפּערשאפט, און די וועסטערן פעדערעישאן

---

*) דער סאציאליסטישער פירער דערצעהלט, אז די „געלערנטע" זא־גען בלומרשט, אז די אנאטאמיע פון די יאפּאנעזער איז מער ענהלאך צו מאנקים איידער די אנאטאמיע פון דער ווייסער ראסע. ווער זיינען די „געלערנטע", זאגט ער ניט אויס. פונקט דאס זעלבע האט מיט א פּאר יאהר פריהער געזאגט דער דעמאקראטישער קאנגרעסמאן פון אלאבאמא דזשאן שארפּ וויליאמז, א געוועזענער שקלאפענהאלטער, וועגען די ני־גערס. פארשטעהט זיך, קעגען די נאטור קענט איהר עפּעס טאָן? ווען די „געלערנטע" זאגען אונדז, אז די יאפּאנעזער זיינען פון דער נאטור א ני־דעריקע ראסע איידער מיר, קומט אויס, אז „די ראסען־פראגע איז א פרא־גע פון ציוויליזאציאן". פונקט דאס זעלבע זאגען אויך די ביגער־פרע־סער פון די סויט.

אוו מיינערס, א סאציאליסטישע,*) זיינען קעגען אזיאטישע איינוואנדערונג, אלזא „פון א פאליטישען שטאנדפונקט איז עס א ריינער משוגעת" פאר די אמעריקאנער סאציאליסטישע פארטיי אנצונעמען דעם שטאנדפונקט פון דעם שטוטגארטער אינטערנאציאנאלען קאנגרעס. דאס הייסט, די אמעריקאנער ארבייטער זיינען אנגעפילט מיט דעם ראסען־האס פון דער רוסישער שווארצער מאה, דעריבער מוזען די אמעריקאנער סאציאליסטען אויך אנעמען א שווארץ־מאה'דיקע שטעלונג אין דער פראגע וועגען אינטערנאציאנאלער סאלידאריטעט!

עס וואלט זיין א טעות צו באשולדיקען אין דעריין בערגער'ן פערזענלאך. זיין פערזאן האט דערמיט גארנישט צו טאן, זיין לאגיקע איז די לאגיקע פון יעדען פארטיי־פאליטישען. פאר יעדען פאליטישען איז זיין פארטיי בילכער פאר אלעס: אויב זיין פארטיי קען געווינען וואוטס דערמיט, וואס זי וועט אנעמען א געוויסע פאדערונג אין איהר פלאטפארמע, מאכט פאר איהם גאר ניט אויס וואס די פאדערונג שטעהט אין ווידערשפרוך מיט זיין גאנצען פאליטישען פראגראם.

ווען מען וויל זיין קאנסעקוועגט, טו שטעלט זיך א קשיא: פארוואס זאלען די אמעריקאנער ארבייטער זיין אזוי גוטהארציק צו די רוסישע אידען, למשל, וואס דריקען ארונטער דעם אמעריקאנער סטענדארד פון לעבען. צי עס וועלען אהער קומען מיליאנען אימיגראנטען פון טשיינא (קיטיי), אינדיע און יאפאניע, ווייסען מיר דערווייל נאך ניט. עס איז געווען א צייט, ווען די איינוואנדערונג פון טשיינא איז געווען פריי, דאס איז געווען ניט מער ווי עטלאך' און צוואנציק יאהר צוריק, די קאפיטאליסטישע אינדוסטרי האט דאמאלס געדארפט ביליגע הענט, אקוראט אזוי ווי היינט, און פון דעסטוועגען זיינען קיין מיליאנען פון טשיינא ניט געקומען. ביז 1906 איז די אימיגראציע פון יאפאניע געווען גאר פריי, און די אימיגראציע פון אינדיע איז נאך עד היום פריי, — וואו זיינען די מיליאנען? צו דערזעלבער צייט זיינען אין עטלאכע

---

*) זינט דער צייט ווען דיזע שורות זיינען געשריבען געווארען (דעם 7טען דעצעמבער 1907), האט זיך די וועסטערן פעדערעישאן אויסגעוויזען פאר א געוועהנלאכע מאשין פון יוניאן־ביוראקראטען.

יאָהר אַנגעקומען מיליאָנען איטאַליענער, סלאַווען און רוסישע אידען, וואָס „נאָר אַ משוגע'נער אָדער אַ שופט" קען לייקענען אַז דאָס האָט ניט געשאַדט דעם אַמעריקאַנער ארבייטער. שטעלט זיך די קשיא: וואָס איז דער זינן צו שרייען גוואַלד קעגען די פּאָר הונדערט טויזענט געלע שונאים פון דעם אַמעריקאַנער ארבייטער און צוזעהען קאַלטבלוטיק ווי מיליאָנען רוסישע אידען רייסען ביי איהם ארויס די שטיקל ברויט פון מויל? ער זוכט חן ביי דער אַמעריקאַן פעדערעישאַן אָוו לעיבאָר, אָבער דיזע אָרגאַניזאַציע פאַרלאַנגט די באַשרענקונג פון איינוואַנדערונג פון אייראָפּא אויך. בערגער'ן ווילט זיך ארייננכאַפּען פאַר זיין פּאַרטיי די וואוטס פון די קאָנסערוואַטיווע טרייד־יוניאָניסטען, — למאי־זשע זאָל ער בלייבען שטעהן אין מיטען וועג? אַוועק מיט די רוסישע אידען, וואָס דריקען ארונטער בערגער'ס אַמעריקאַנער סטענדאַרד!

„מיר קענען אויסלערנען די סיציליאַנער, די גריכען און די רוסישע אידען", ענטפערט ער אים נאָמען פון די אַמעריקאַנער סאָציאַל־דעמאָקראַטען, אָבער די טרייד־יוניאָניסטען ווילען גאָר ניט זיין קיין לעהרער. אויב עס איז אמת, ווי בערגער האָט געסטראַשעט, אַז די אַמעריקאַנער ארבייטער וועלען מאַכען אַ פּאָגראָם אויף די סאָציאַליסטען, ווען יענע וועלען זיין פאַר די פרייע איינוואַנדערונג פון די יאַפּאַנעזער, טו פאַרוואָס זאָלען די עכט־אַמעריקאַנישע „ארבעטאָרערס" ניט מאַכען אַ פּראָגראָם אויף די סאָציאַליסטען וואָס נאַראיען זיי אַ קנעלונג מיט אנדערהאַלבען מיליאָן אייראָפּעאישע אימיגראַנטען?

מיר וועלען ווייטער זעהען, אַז דער ארויסטרעטען געגען די געלע אימיגראַציע איז נאָר געווען דער ערסטער שריט אויף דעם לאַנגישען וועג, וועלכער האָט מיט דער צייט געבראַכט די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטען צו אַן אַלגעמיינער שטעלונג געגען אימיגראַציע בכלל.

.2

## די פּאַרטיי עקזעקוטיווע געגען דעם אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס.

די נאַציאָנאַל עקזעקוטיווע פון דער אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט באַשלאָסען, אַז זי וועט די רעזאָלוציע פון

דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנגרעס וועגען אימיג־ראציע ניט פאָלגען. דערמיט האָט זי באוויזען, אַז די סאָציאַליס־טישע פּאַרטיי, פּונקט ווי די אַלטע פּאַרטייען, איז צופרידען אויס־צובייטען אויף אַ פּאָר וואָטס איהרע פּרינציפּען. אַז די גאַנצע אַגיטאַציע געגען אימיגראַציע איז רעאַקציאָנערער האַמבאַג, האָט דאָך געמוזט קלאָר זיין פאַר אַ פּאַרטיי, וואָס איז דעם וויסענ־שאַפטליך־סאָציאַליסטישען תנ"ך'ס אַן אייניקעל, ווי יענער איד האָט זיך באַרימט. דערצו נאָך האָט דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס מיט דער אַמעריקאַנער פּאַרטיי גאַנץ גוט געלערענט בלק.

די ביוראָקראַטישע נשמות האָבען זיך פאַרענטפערט מיט דעם תירוץ, אַז דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס האָט קיין „יוריסדיקציע" ניט אין די היימישע געשעפטען פון דער אַמעריקאַ־נער פּאַרטיי. מילא, ערסטענס, איז דאָס אויך פאַלש. ווער עס האָט נאָר אַביסעל שטודירט דאָס אינטערנאַציאָנאַלע רעכט, פאַר־שטעהט, אַז אימיגראַציע איז אַן אינטערנאַציאָנאַלע פראַגע. אַזעלכע זאַכען ווערען באַשטימט דורך אינטערנאַציאָנאַלע טראַקטאַטען. אין דער סאָציאַליסטישער וועלט ווערען אויף דערויף אָפּגעהאַלטען אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסען. עס האָט זיך דאָ געהאַנדעלט ניט נאָר אום די אינטערעסען פון דעם אַמעריקאַנער פּראָלעטאַריאַט, אָבער אויך פון דעם יאַפּאַנישען און אָסט־אינדישען פּראָלעטאַריאַט. אי יאַפּאַניע, אי אָסט־אינדיע זיינען געווען פאַרטראָטען אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישען קאָנגרעס צוגלייך מיט די פאַראייניקטע שטאַטען. די סאָציאַליסטישע פאַרטרעטער פון דעם אַמעריקאַנער פּראָלעטאַריאַט האָבען געוואָלט פאַרשפּאַרען דעם איינגאַנג אין אַמעריקע פאַר דעם יאַפּאַנישען פּראָלעטאַריאַט. איז דאָס ניט אַן אינטערנאַציאָנאַלע אַנגעלעגענהייט? דער בעסטער באַווייז איז, וואָס די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט דאָך אַליין פאָרגעבראַכט די רעזאָלוציע פאַר דעם קאָנגרעס, הייסט דאָך, אַז זי האָט געוואָלט, דער קאָנגרעס זאָל וועגען דעם אָנעמען אַ באַשלוס. שוין צוליב דעם האָט זי געזאָלט פאָלגען דעם באַשלוס פון דעם קאָנגרעס.

צווייטענס די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פאָלגען

דעם באשלוס פון קאָנגרעס קען קיינער ניט. אָבער ניט דאָס איז די באדייטונג פון דעם שטוטגארטער באשלוס: ער האָט ער־קלערט וואָס איז דער שטאַנדפּונקט פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם אין דער פראגע וועגען אימיגראציע.

3.

## די קאָנווענשאָן פון דער סאָציאַליסטי־שער פּארטיי אין 1908.

די פראגע וועגען אימיגראציע איז געקומען אויף די טאָגעס־אָרדנונג פון דער פּארטיי־קאָנווענשאָן פון 1908 אין שיקאגאָ. דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס אין שטוטגארט האָט מיט אַן אונגעהויערער מאַיאָריטעט פארוואָרפען די רעזאָלוציע קעגען די „ריקשטענדיקע ראַסען".

די פראגע וועגען איינוואַנדערונג אין איין לאַנד פון די אַנ־דערע איז אַן אינטערנאַציאָנאַלע פראגע, און דער באשלוס פון אַן אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס אין דער זאַך איז אַזוי ווי אַן אינ־טערנאַציאָנאַלער טראַקטאַט. אָבער ווען דער באשלוס האָט זיך ניט געפּאַסט פאר די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע פּארטיי, האָט זי איהם באטראַכט פאר אַ „שטיקל פּאַפּיר".

וואָס זיינען געווען אירע ארגומענטען? אַז אויף דעם אינטער־נאַציאָנאַלען קאָנגרעס האָבען פאר די רעזאָלוציע געשטימט אַלע אויסוואַנדערונגס־לענדער און דאַגעגען אַלע איינוואַנדערונגס־לענ־דער. אַלזאָ, האָט זי דערמיט באוויזען, אַז די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט פון דעם ארבייטער־קלאַס איז ניט מער, ווי אַ פּוסטע פראַזע: די אינטערעסען פון דעם יאַפּאַנישען ארבייטער־קלאַס, וואָס געהט אויס פאר הונגער אין דער היים און זוכט צו פארבעסערען זיין לאַגע דורך אויסוואַנדערונג, זיינען ניט די זעלבע, ווי די אינ־טערעסען פון די בערגארבייטער פון קאָלאָראַדאָ, וואָס פאַרדינען דריי דאָלאַר אַ טאָג און ווילען קריגען פערטהאַלבען.

אין ניו־יאָרק, וואו די פּאַרטיי האַלט זיך מייסטענס אויף אי־דען, האָט מען באַלד אויסגעפונען, אַז דאָס איז אַ געפערלאַכער שפּיל. מיט די פּאַרטיי־קיטאַיאַוועס איז מען זיכער, אַז וואָס די פּאַרטיי זאָל ניט טאָן, וועלען זיי פּאַרט שפּרינגען קדש און צאַ־לען זייערע קוואָדערס. אָבער דעם אידישען וואוטער, וואָס איז ניט צוגעשריבען צו דער פּאַרטיי־סקאַזקע, קען מען ניט צווינגען, ער זאָל שטימען פאַר אַ פּאַרטיי, וואָס וויל פאַרשליסען די טירען פאַר איינוואַנדערער. און דעריבער האָט מען אין ניו־יאָרק אָנגע־נומען אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער מען האָט גוט־געהייסען דעם באַ־שלוס פון דעם אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס. אמת, די רעזאָלוציע איז דורכגעגאַנגען מיט אַ קאָנפּער מאַיאָריטעט, אָבער אויף אַ וויי־לע איז דאָס געווען אַ טרויסט.

די קאָנווענשאָן אין שיקאַגאָ האָט דיזע האָפנונג אויך אָוועקגע־נומען. די דעבאַטען זיינען געווען העכסט באַלערענד. עס האָט ניט געפעלט קיין רעדנער, וועלכע האָבען מיט קלאָרע אַרגומענטען געזאָגט אַלץ, מיט וואָס אַ סאָציאַליסט קען באַגרינדען די אינטער־נאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט פון דעם אַרבייטער־קלאַס. אָבער זיי זיינען געווען אַ קליינע מינאָריטעט. די מאַיאָריטעט האָט געוויי־זען, אַז דער סאָציאַליזם קען גאַנץ גוט צוזאַמענגעפּאַרט ווערען מיט ראַסען־האַס, מיט נאַציאָנאַלען שאָוויניזם, מיט רעאַקציאָנערע פּאָ־ליטישע טענדענצען.

מ'האָט גענומען אויס'פּשט'לען קאַרל מאַקס'עס געדאַנק: „פּראָלעטאַריער אַלער לענדער, פאַראייניקט אייך!“ הייסט גאָר ניט, אַז זיי זאָלען זיך אַרומשלעפּען פון איין לאַנד אין די אַנדערע, נאָר זאָל זיך יעדערער זיצען ביי זיך אין דער היים, און באַקעמפּפען זיינע אייגענע קאַפּיטאַליסטען, אין דערין וועט זיך אַרויסווייזען זייער פאַראייניקונג.

מיט דעם גרעסטען ציניזם האָט מען זיך לוסטיק געמאַכט אי־בער די „אַבסטראַקטע אידעאַלען פון מענטשלאַכער ברידערלאַכ־קייט“. פאַרשטעהט זיך, האָט מען די „מאָראַלישע אידעאַלען“ אָפּ־גע'פּטר'ט פון דעם שטאַנדפּונקט פון „קלאַסענקאַמפּף“, — ווי דען?

ווען די אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטען פאַרלאַנגען, אַז מי זאָל

דאַ אריינלאָזען יאפּאנישע ארבייטער, טו פּאַרדערט דער קלאַסען־קאַמפּף, אַז די אמעריקאנער ארבייטער זאָלען זיין דאגעגען, וואָרים דאָס איז געגען די אינטערעסען פון דעם אמעריקאנער ארבייטער־קלאַס. אי, וואָס דאָס איז דאָך אַן ארגומענט קעגען דעם קלאַסען־קאַמפּף, וואָרים אויב די אינטערעסען פון דעם יאפּאנישען ארביי־טער־קלאַס זיינען דיזעלבע ווי די אינטערעסען פון דער אמערי־קאנער קאַפּיטאַליסטען־קלאַס, און פאַרקערט, די אינטערעסען פון דעם אמעריקאנער ארבייטער־קלאַס זיינען געגען די אינ־טערעסען פון דעם יאפּאנישען ארבייטער־קלאַס, הייסט דאָך דאָס שוין ניט קלאַסען־קאַמפּף, נאָר ראַסענקאַמפּף? די געגנער פון אזיאַ־טישער אימיגראַציע האָבען דאָס צוגעגעבען.

דעלעגאַט מיללער פון קאָלאָראַדאָ האָט געזאָגט, אַז ער גלויבט ניט אין צוזאַמענמישונג פון ראַסען, דאָס איז אַן אונגליק פאַר אַלע ראַסען. אין דער פראַגע זיינען פאַרמישט ביאָלאָגישע פראַגען, האָט ער געזאָגט. דער וואָרט האָט געקלונגען זעהר „וויסענשאַפטליך“. די זעלבע וויסענשאַפטליכע ארגומענטען האָט שוין די וועלט גע־הערט פון די אייראָפּעאישע אַנטיסעמיטען.

אין דער אמת'ן אָבער זיינען די ביאָלאָגישע טעאָריעס ניט מעהר ווי אַ תירוץ, אזוי ווי אין דער צייט פון שקלאַפעריי האָבען געלערענטע לייט דאָ אין אמעריקע גע'טענה'ט, אַז די שוואַרצע ראַסע מוז צוליב ביאָלאָגישע אורזאַכען זיין פאַרשקלאַפּט.

אַ דעלעגאַט פון פּענסילווייניא, יאַנג, האָט גאַנץ אָפען געזאָגט, אַז נאָך זיין מיינונג וואָלט פאַר דעם ארבייטער־קלאַס זיין די בעסטע זאַך, מ'זאָל אין גאַנצען אויפהערען אריינצולאָזען איינוואַנדערער קיין אמעריקע. און ער איז געווען גאַנץ קאָנסעק־ווענט: אויב מ'דאַרף ניט אריינלאָזען קיין געלע ארבייטער דערפאַר, וואָס זיי זיינען געוואָהנט צו דלות און וועלען אונטערדריקען די שכירות פון אמעריקאנער ארבייטער, טו פאַר וואָס פּאַסט זיך דער תירוץ ניט אויף אייראָפּעאישע אימיגראַנטען אויך? די „ניו־יאָר־קער פאָלקסצייטונג“ האָט מיט עטלאַכע טעג פאַר דער קאָנווענשאָן געהאָט אַן ארטיקל, אין וועלכען זי האָט מיט גרויס שמחה דער־צעהלט וועגען דעם באשלוס, וואָס איז קורץ פאַר דעם אָנגענומען געוואָרען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין ציריך, צו „רעגולירען“ די איינוואַנדערונג פון איטאַליענישע ארבייטער. היינט

ווען די איטאליענישע ארבייטער זיינען שוין אפילו פאר ציריך צו וואלוועל. טו וואס דארף שוין אמעריקע זאגען?

דער וויכטיקסטער ארגומענט קעגען פרייע איינוואנדערונג איז געווען, וואס דערמיט וועט מען אפשטויסען טרייד־יוניאניסטישע וואוטערס. דאס האט געזאגט מאקס הייז, דער „אונקאמפראמיסליבער“ וויים־פרעזידענט פון דער אמעריקאן פעדעריישאן אוו לעיבאר. אפען אבער אנעמען א רעזאלוציע קעגען פרייע אימיגראציע האט די קאנווענשאן אויך ניט געוואלט, וויל פאר א קאמפיין האט מען זיך ניט געוואלט איינרייסען מיט די אידען. די גאלעריעס זיינען געווען פול מיט אידישע סאציאליסטען, וועלכע האבען שטירמיש אפלאדירט יענע דעלעגאטען, וואס האבען פארטיידיקט דעם אינטערנאציאנאלען פרינציפ, און האבען אויסגעפייפט יענע, וואס האבען גערעדט דאגעגען. האט מען געטאן אזוי פונקט ווי די פראפעסיאנעלע פאליטישענס האבען שטענדיק געטאן אין דער אמעריקאנער געשיכטע, ווען עס איז געשטאנען פאר זיי א ברענענדיקע פראגע: זיי האבען אנגענומען א רעזאלוציע, וואס זאל זיין אי נאשים אי וואשים. מען האט באשלאסען צו ערוועהלען א קאמיטע, וואס זאל די פראגע אונטערזוכען און זאל באריכטען נאך דעם קאמפיין. עס זיינען געווען דעלעגאטען פון ביידע זייטען, וואס זיינען געווען עהרלאך גענוג צו פרעגען: וואס האבען מיר דא צו אונטערזוכען? וואס ווייסען מיר נאך ניט וועגען דער פראגע, וואס די קאמיטע קען פאר אונדז אויסגעפינען? אבער אזעלכע שטימען זיינען געווען אין דער מינאריטעט פאר די מעהרצאל פון דעלעגאטען פון דער אמעריקאנער סאציאליסטישער פארטיי איז ניט געווען קלאר, צי זי דארף מאכען ראסען אונטערשידען צווישען ארבייטער, צי ניט.

אין דער קאמיטע, וואס איז ערוועהלט געווארען צו אונטערזוכען די פראגע, זיינען געווען פיר מענטשען, וואס האבען ביי דער קאנווענשאן זעהר שארף גערעדט פאר באשרענקונג. דער פינפטער האט וועגען דער פראגע זיך ניט אויסגעשפראכען. קיין איינציקער פון די, וואס האבען גערעדט פאר דעם אינטערנאציאנאלען באשלוס, איז ניט ערוועהלט געווארען פאר דער קאמיטע. אין דעם קאפיטאליסטישען קאנגרעס אין וואשינגטאן, ווען עס ווערט צוזאמענגעשטעלט א קאמיטע, קריגט אין איהר אימער די אפאזיציע אויך

א פּאָר פּאַרטרעטער. אויף דעם סאָציאַליסטישען קאָנגרעס האָט מען עס געפונען פאַר איבעריק.

4.

## דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי - קאָנגרעס פון 1910

די קאָמיטע, וואָס איז אויסגעקליבען געוואָרען ביי דער פּאַרטיי קאָנוועגשאָן אין שיקאַגאָ אין 1908 צו שטודירען די פראַגע איבער איינוואַנדערונג האָט געזאָלט אַריינברינגען איהר באַריכט ביי דעם קאָנגרעס פון דער פּאַרטיי אין שיקאַגאָ אין 1910.

אויף דעם קאָנגרעס זיינען פּאַרטראָטען געוועזען צוויי ריכטונגען: די אַלטע אונקאָמפּראָמיסליכע ריכטונג אויף איין זייט און די וואָס זוכען צו געווינען די וואוטס פון די טרייד־יוניאָניסטען און די פּאַרמערס מיט אַלע מיטלען — אויף דער אַנדער זייט. די נייע ריכטונג האָט געמאַכט חוזק פון די „בליסטשענדיקע געמיינפּלעצער", זי האָט געשריען אַז זי וויל קיין פראַזען ניט, זי וויל זיך רעכענען מיט „פּאַקטען"; און זי האָט געהאַט אויף איהר זייט די גדולים פון דער פּאַרטיי, דעם איבערזעצער פון קאַרלס מאַרקס ערנעסט אונטערמאַן און דעם גרויסען שטאַאַטסמאַן וויקטאָר בערגער. די צוויי סטאַרס זיינען דאָס געוועזען די מחברים פון דעם באַריהמטען מאַיאָריטעטס רעפּאָרט וועגען אימיגראַציע. ערנעסט אונטערמאַן האָט געזאָגט אין זיין רעפּאָרט אַז די קאָמיטע האָט אָנגעקליבען אַ סך מאַטעריאַלען, נאָר די דאָזיקע מאַטעריאַלען האָט ער ניט פאַרגעלעגט פאַר דעם קאָנגרעס, ער האָט נאָר געגעבען אַ מאָגערען רעפּאָרט, אין וועלכען ער שווערט זיך אויף זיינע נאמנות אַז די איינוואַנדערונג שעדיקט די היגע אַרבייטער. אין וואָס באַשטעהען זייערע מאַטעריאַלען, איז געבליבען אַ סוד, חוץ דעם וואָס ער האָט געגעבען אין דער שטונדע צייט וואָס ער האָט גערעדט פאַר דעם קאָנגרעס און אין וואָס בערגער האָט דערצעהלט אין זיין האַלבע שעה. פון די סעמפּעלס אָבער קען מען זיך שוין פאָרשטעלען, אויף וואָס פאַר אַ סאָרט פּאַקטען עס האָט זיך געשטיצט זייער רעפּאָרט.

„די אויספוהר און איינפוהר פון א קאפיטאליסטישער לאנד ווערען זיכער אנגענומען פון יעדען עקאנאמיסט אלס א גוטער צייכען פון דער מדרגה וואס די ענטוויקלונג פון דער לאנד האט דערגרייכט — האט אונטערמאן געזאגט אין זיין ערסטער רעדע — וואס זשע זיינען די אויספוהר און איינפוהר פון טשיינא און יאפאניע?ביידע באטרעפען אן ערך די זעלבע ציפערען. טשיינא מיט א באפעלקערונג פון אן ערך 500,000,000 פירט ארוים ווארען יעהרלאך אויף 350,000,000 דאלארס, יאפאניע מיט א באפעלקערונג פון 40,000,000 אויך אזוי פיל. מיט אנדערע ווערטער, דער געשעפט פון טשיינא, אויף ווי ווייט עס ווייזט זיך ארוים פון דער איינפוהר און אויספוהר באטרעפט אן ערך 80 סענט אויף יעדען נפש. אין יאפאניע באטרעפט ער אן ערך 8 דאלאר. אין די פאראייניקטע שטאטען באטרעפט ער 1,000 דאלאר. מיר עקספארטירען מער ווי אויף 2,000,000,000 יעדען יאהר. דאס ווייזט אייך ווי אפגעשטאנען יענע לענדער זיינען אינדוסטריעל“.

דאס שטעהט אויף דער 88טער זייט פון דעם סטענאגראפישען באריכט. איך האב געמיינט, אפשר איז דאס א דרוק־פעלער, אבער אין זיין שלום־רעדע הזר'ט ער עס איבער נאך אמאל אויף דער 165טער זייט:

„איך האב אייך געגעבען די ציפערען פון אויספוהר און איך האב אייך באוויזען אז בעת טשיינא האט אן עקספארט פון 80 סענט אויף יעדען נפש און יאפאניע אויף 8 דאלאר, האבען די פאראייניקטע שטאטען אן עקספארט פון 1,000 דאלאר אויף יעדען נפש, וואס דאס ווייזט ווי גרויס איז דער אונטערשיד אין דער אינדוסטריעלער ענטוויקלונג פון די צוויי לענדער“.

ווען מען דערלאנגט אייך א פאקט, אז דער אונטערשיד פון יאפאניע ביז צו די פאראייניקטע שטאטען איז ווי פון 8 דאלאר ביז א 1,000 דאלאר, וואס קענט איהר ענטפערען אויף אזא פאקט?

איינער פון די ארגומענטען קעגען די באשרענקונג פון אימיגראציע איז וואס דורך דעם בייט מען נאר איבער די קאנקורענץ פון די איינגעוואנדערטע ארבייטער אין אמעריקע אויף די קאנקורענץ אין דעם וועלטמארק צווישען אמעריקאנער ווארען און די פראדוקטען וואס ווערען פאבריצירט אין די אויסוואנדערונגס־לענדער. היינט אבער ווען יאפאניע עקספארטירט סך הכל אויף 8 דא־

לאר אנטקעגען די אמעריקאנער 1,000 דאלאר, טו איז דאך קלאר בעשיינפערלאך אז אונדזער געבענטשטע לאנד האט ניט וואס מורא צו האבען פאר די קאנקורענץ פון דער יאפאנישער אינדוסטרי אין דעם וועלטמארק, און דער וויכטיקסטער ארגומענט פון די וואס ווי־לען פרייע איינוואנדערונג האט קיין ווערדע ניט.

דער גליק אבער איז, וואס די גאנצע מעשה וועגען די 1,000 דאלאר איז ניט געשטויגען ניט געפלויגען, און ווען עס וואלט צוויי־שען די הונדערט דעלעגאטען געווען כאטש איינער וואס וויים עפעס פון פאליטישער עקאנאמיע, וואלט די וויסענשאפטליכע קרוין פון דער אמעריקאנער סאציאליסטישער פארטיי געדארפט זיך באגראבען לעבעדיקערהייט פון חרפה.

א טויזענט דאלאר עקספארט דורכשניטלאך אויף א פארשוין און אין גאנצען מאכט אוים דער אמעריקאנער עקספארט, זאגט ער, 2,000,000,000 דאלאר. דאס הייסט אז די באפעלקערונג פון די פאראייניקטע שטאטען מוז באטרעפען אקוראט 2,000,000 מענ־טשען. ווי געפעלט דאס אייך? די שטאט שיקאגא אליין, וואו די געלערנטע קאנווענשאן איז אבגעהאלטען געווארען, האט מער ווי 2,000,000 איינוואוינער.

איהר פארשטעהט, וואס הייסט 1,000 דאלאר עקספארט דורכשניטלאך אויף יעדען איינוואוינער? אין 1900 האט די פאלקס־צעהלונג געוויזען אין אמעריקע 76,000,000 איינוואוינער. ניט רע־כענענדיק די וואס זיינען צוגעקומען אין די צען יאהר צייט, וואלט 1,000 דאלאר פון יעדען איינוואוינער געדארפט אויסמאכען $76,000,000,000 א יאהר, דאס איז פינף מאל אזוי פיל וויפיל די גאנצע אינדוסטרי פון די פאראייניקטע שטאטען פראדוצירט א יאהר.

די אמעריקאנער רעגירונג פארעפענטליכט יעדען יאהר א בוך פון עטלאכע הונדערט זייטען סטאטיסטיקע. דאס איז דער „סטא־טיסטיקאל אבסטראקט“. ווען די אימיגרעישאן קאמיטע פון דער פארטיי וואלט אריינגעקוקט אין יענעם בוך, וואלט זי געלערענט א סך פאקטען. ערסטענס, וואלט זי זיך דערוואוסט אז די אמעריקאנער פארמס פראדוצירען יעהרלאך אן ערך פון $9,000,000,000, די מינעראל־אינדוסטרי אן ערך פון

‎$1,500,000,000, די װעלדער $500,000,000. די פאבריקען באנר־ צען די רויהע פּראָדוקטען פון די פאַרמס, די מיינס און די װעל־ דער פאר מאַטעריאַלען; װען איהר ציהט אַראָפּ װאָס די מאַטעריאַ־ לען האָבען געקאָסט (װאָרים זיי זיינען שוין איינמאָל גערעכענט גע־ װאָרען), טו בלייבט פאר די פּראָדוקציאָן פון די פאבריקען $6,000,000,000. אַלזאָ סך הכל $15,000,000,000. די באַ פעלקערונג פון די פאראייניקטע שטאַטען אין 1909 איז אָפיציעל אָבגעשאַצט געװאָרען אויף 89,000,000. אַלזאָ, האָט די גאַנצע אַמעריקאַנער פּראָדוקציאָן באטראָפען קאַם $170 אויף יעדען איינ־ װאוינער. װאו זשע נעמט זיך $1,000 אויף צו עקספּאָר־ טירען? איז דער תירוץ אז מען עקספּאָרטירט טאַקע פון די פאר־ אייניקטע שטאַטען סך הכל אויף אַן ערך $20 יעהרלאַך אנ־ שטאָט אונטערמאַן'ס 1,000, די העכסטע ציפער פון עקספּאָרט אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער אינדוסטרי איז געװען אין דעם יאָהר װאָס האָט זיך גענענדיקט דעם 30טען יון 1907, און די גאַנצע סומע האָט באטראָפען אַן ערך $22. אין 1909 איז די אויספוהר געפאלען ביז $19 דורכשניטלאַך*).

היינט לאָמיר באטראַכטען די טעאָריע פון אונדזער געלע־ רענטען מאַן, אז מיט דעם װערט פון עקספּאָרטירטע װאָרען קען מען מעסטען די אינדוסטריעלע ענטװיקלונג פון אַ לאַנד. נעמט דעם „סטאַטיסטיקאַל אבסטראַקט" פאר 1909, טאַבליצע נומ. 318, װעט איהר דאָרטען געפינען אויסגערעכענט װיפיל עס באטרעפט דורכ־ שניטלאַך דער עקספּאָרט אויף יעדען איינװאוינער אין די װיכ־

*) איך האָב דאָ איבערגעלאָזען די ציפערן, װאָס די רעגירונג האָט באקאַנט געמאַכט, איידער דער פּאַרטיי־קאָנגרעס פון 1910 איז אָפּגעהאַלטען געװאָרען. די שפּעטערע ציפערן האָבען דעם חשבון בעצם ניט געענדערט.

טיקסטע לענדער. אָט נאָט אייך אויף ציעקאָוואָסץ די ציפערען:

| | |
|---|---|
| האָלאַנד | $150 |
| ארגענטינא | 58 |
| ענגלאַנד | 41 |
| אורוגוואי | 36 |
| טשילי | 36 |
| פראַנקרייך | 25 |
| דייטשלאַנד | 24 |
| די האָלענדישע קאָלאָניעס אין אמעריקע | 21 |
| פאראייניקטע שטאַטען | 18 |

עס קומט אויס אַז די העכסטע מדרגה פון דער קאַפּיטאַליסטי־שער ענטוויקלונג געפינט איהר אין האָלאַנד, וועהרענד די פאראיי־ניקטע שטאַטען זיינען וועניקער ענטוויקעלט אינדוסטריעל איידער די האָלענדישע קאָלאָניעס אין אמעריקע. ארגענטינא איז העכער ענטוויקעלט אינדוסטריעל איידער ענגלאַנד, אורוגוואי און טשילי איידער דייטשלאַנד און פראַנקרייך. ווי קומען גאָר די פאראייניק־טע שטאַטען צו גלייכען זיך מיט אַזאַ הויך־ענטוויקעלטע אינדוס־טריעלע לאַנד, ווי ארגענטינא?

די גאַנצע טעאָריע פון אונזער וויסענשאַפטליכען עקאָנאָמיסט איז, ווי איהר זעהט, „העהערעס בלעך", אויף דייטש גערעדט. דער עקספּאָרט שפּילט גאָר ניט אַזאַ ראָליע אין דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטרי, ווי עם הארצים האָבען זיך איינגערעדט. די גרעסטע עקספּאָרט־לענדער זיינען טאַקע יענע, וואָס האָבען קיין אייגענע אינדוסטרי ניט און האָבען דעריבער ניט קיין היימישען מארק פאר זייערע רויהע מאַטעריאַלען. פאַרקערט, די פאראייניקטע שטאַטען האָבען אַ גרויסען היימישען מארק און דעריבער עקס־פּאָרטירען זיי וועניקער.

פון דעם וויסענשאַפטסמאַן זיינען מיר פּטור. היינט לאָמיך אייך באַקאַנט מאַכען מיט אונזער גרויסען סאָציאַליסטישען שטאַטס־מאַן, וויקטאָר בערגער. אויף דער ז. 230 פון דעם סטענאָגראַפי־שען באריכט חזר'ט ער איבער צוויי מאָל, אַז עס זיינען פאראַן אין די פאראייניקטע שטאַטען 12,000,000 פארמערס. דאָס איז

אקוראט צוויי מאָל אזוי פיל, ווי עס איז געווען לויט דער פאָלקס־צעהלונג פון 1900*). די באפעלקערונג פון די פאראייניקטע שטאַטען איז אין די 10 יאָהר געוואקסען אן ערך %**).

ווען די צאָל פארמערס וואלט זיך אין דער צייט פארדאפּעלט, וואלט עס געהייסען, אז די פארמעריי האט אפּגעצויגען א פּאר מיליאָן מענטשען פון די שטעט. אויב אזוי, וואלט מען דאך ניט נעדארפט זיך ברעכען די קעפּ וועגען אימיגראציע. אז די שטאַטישע לייט, ס'הייסט ארבייטער און קליינע געשעפטס־לייט, געהען אוועק אויף די פארמס, ווערט דאך פּלאַץ פאר איינוואנדערער אין די שטעט. נאַטירליך, דער אמת איז, אז בערגער האט זיך קיינמאָל ניט גענומען די מיה אויסצוגעפינען פון וועמען באשטעהט די אמעריקאנער באפעלקערונג און ער האט גלאט גערעדט אין דער וועלט אריין***). פארשטעהט זיך, האט דאס איהם ניט געשטערט צו זיין א מיטגליד פון דער קאמיטע צו „שטודירען“ די פראגע וועגען אימיגראציע.

אין דער דעבאטע האט ער געסטראשעט די וועלט, אז טשיינא קען שיקען קיין אמעריקא 5,000,000 איינוואנדערער א יאָהר און וועט עס גאר ניט פילען.

„איך זאג, אז אויב עס זאלען קומען 5,000,000 א יאָהר, וועלען מיר אין פופצען יאָהר אויסגעראמט ווערען דורך זייער צאָל, דורך זייער עקאנאמישע קראפט, דורך די קראפט פון עקאנאמישע עוואלוציאָן. (דא האט ער זיך צוהיצט). איך וועל קעמפּפען פאר מיין ווייב און קינדער; איך וועל קעמפּפען פאר מיין שכן'ס ווייב און קינדער; איך וועל קעמפּפען פאר אייערע אלעמענס ווייבער און קינדער קעגען די דאזיקע אימיגראציע“ (ז. 121).

---

*) די נענויע צאָל פארמערס איז געווען 5,675,000.

**) דאס איז געשריבען געווארען אויסער די ציפערן פון דער פאָלקס־צעהלונג פון 1910 זיינען פארעפענטליכט געווארען. דער צוואוואוקס פון 1900 ביז 1910 האט באטראפען 21 פּראצענט.

***) לויט דעם צענזוס פון 1910 זיינען אין די פאראייניקטע שטאַטען געווען 5,982,000 פארמערס.

די רעדע פאסט זיך אמת פאר דעם „גרויסען קונדס“:
75,000,000 איינוואנדערער אין פופצען יאהר! גלאט פאר־
וואלט זיך, גענומען די פיס אין די הענט און געקומען אין די גאל־
דענע לאנד! ווייסט איהר, ס׳איז אן אויסגעצייכענטער פלאן פאר
אונדזערע אידען אין רוסלאנד.

וואס דארפען זיי זיך דרעהען די קעפ מיט טעריטאריאליזם?
גענומען איינגעפאקט זיך און אוועק אלע אין אמעריקע! נאך גע־
נאסע בערגער׳ס חשבון קענען זיי זיך אלע איבערקלייבען קיין גאל־
וועסטאן אין דעם משך פון איין יאהר. וואס מיינט איהר, ס׳איז
ניט כדאי?

ווי פרעגט זיך ניט א מענטש, מיט וואס וועלען די 75,000,000
אביונים אריבערקומען און פון וואנען וועלען זיי דא מאכען א לע־
בען? לאז זיין, ווי די געגנער פון אזיאטישער איינוואנדערונג זא־
גען, אז אלע טשיינאלייט, וואס גנב׳ענען זיך אריין אין אמעריקע,
זיינען פארקאנטראקטירטע ארבייטער. אריבערצוברענגען אהער
5,000,000 איינוואנדערער פון טשיינא דארף קאסטען א פאר
הונדערט מיליאן דאלאר א יאהר. די קאפיטאליסטען, וואס ווע־
לען ארייןלעגען אזא סומע געלט, דארפען דאך זיין זיכער, אז זיי
וועלען קריגען די געלט צוריק, דאס הייסט, עס דארף זיין פאר די
איינוואנדערער באשטעלטע ארבייט. היינט שטעלט זיך די פרא־
גע: קען די אינדוסטרי זיך אויסברייטען אזוי גיך, אז די באפעל־
קערונג זאל זיך פארדאפלען אין 18 יאהר? דאס האט נאך
די וועלט ניט געזעהען אפילו אין יענע צייטען, ווען אמעריקע איז
געווען באדעקט מיט וועלדער און די מערצאל אמעריקאנער זיינען
געווען פארמערס. מיט דער גרויסער איינוואנדערונג, מיט דער
גרויסער ענטוויקלונג פון דער אינדוסטרי אין די לעצטע צען יאהר,
איז די פאלקערונג סך הכל געוואקסען אויף אן ערך 16,000,000

סיידען די קאפיטאליסטען וועלען מאכען א לאקאוט פון אמע־
ריקאנער ארבייטער און בלויז דינגען אויף זייערע פלעצער
אימפארטירטע טשיינאלייט. פון די איינוואנדערער זיינען מער
ווי העלפט מאנסבילען עלטער פון פערצן יאהר; דאס וואלט אויס־
מאכען א לאקאוט פון מער ווי דריטהאלבען מיליאן יעדען יאהר.
עס זיינען היינט צו טאג פאראן אן ערך 15,000,000 אינדוסטריעלע
ארבייטער, עס הייסט אין זעקס יאהר צייט וואלטען אונדזערע קא־

פיטאליסטען פארטיק געווארען מיט דעם לאקאוט און עס וואלט שוין ניט געבליבען קיין איינציקער ווייסער ארבייטער. וואר־זשע וואלטען זיי זיך אהינטאן מיט די 45,000,000 טשיינאלייט, וואס דארפען נאך אנקומען אין די איבעריקע ניין יאהר?

נאך א קלייניצקע קשיא: דער לאקאוט וועט זיך ציהען זעקס יאהר, וואס וועלען די ארויסגעשטופטע ארבייטער דערווייל טאן? וועלען זיי אלע זיך רוהיק לעגען אין קבר צוזאמען מיט זייערע קינדער? אלע אמעריקאנער קאפיטאליסטען וואלטען געדארפט אראפ פון זינען אריינצולעגען געלט אין אזא פראיעקט. האט די אמעריקאנער קאפיטאליסטען־קלאסע גענוג סאלדאטען איינצושטי־לען פינף מיליאן הונגעריקע מענטשען? אזא משוגענער איינפאל איז גוט פאר דזשעק לאנדאן׳ס א פאנטאסטישען ראמאן. אבער א סאציאליסטישער פירער זאל ארויסקומען דערמיט פאר א פאר־טיי־קאנגרעס און ער זאל געפינען דעלעגאטען — ניט פראסטע גע־נאסען, נאר אויסגעקליבענע פערטרויענס־מענער — וואס זאלען אנעמען אזעלכע חלומות פאר „פאקטען“, דאס איז מעגלאך נאר אין אמעריקע.

ווי ביי דער קאנווענשאן מיט צוויי יאהר פריהער, האט זיך איצטער אויך די דעבאטע ניט באשרענקט אויף די געלע איינ־וואנדערונג. עטלאכע דעלעגאטען האבען גערעדט געגען אימיג־ראציע בכלל.

בערגער האט געזאגט, אז די מאסען־איינוואנדערונג פון די לעצטע יאהרען האט ארונטערגעדריקט די שכירות פון די ארביי־טער; די נייע איינוואנדערער, די פאליאקען, די איטאליענער, וואס זיינען צופרידען מיט קלענערע שכירות, האבען אוועקגענומען די ארבייט ביי די טייטשען און אירישע וואס האבען געקראגען בעסער באצאלט. לעצטען יאהר זיינען אהער אריבערגעקומען, האט ער דערצעהלט, אנדערהאלבען מיליאן אימיגראנטען. ווען עס וועלען נאך אנהייבען קומען אהער גריכען און סיריער, וועלען די שכירות ארונטערזינקען אפשר נאר ביז פינף דאלאר א וואך.

בערגער׳ס רעדע פאר א קאנגרעס פון „וויסענשאפטליכע“ סאציאליסטען באווייזט, ווי וועניק דער עולם קימערט זיך דא ווע־גען דעם אמת. דער יעהרלאכער באריכט פון דעם קאמישאנער או

אימיגרעישאַן איז אַן עפענטלאכער דאָקומענט וואָס יעדער איינער קען קריגען פריי. ווען איהר וועט אריינקוקען אהין, וועט איהר גע־פינען אַז אין 1909 זיינען אַנגעקומען קיין אַמעריקע 751,786 אי־מיגראַנטען, עס זיינען אָבער צוריקגעפאָהרען 225,802; חוץ זיי זיינען אָנגעקומען ביז 200,000 רייזענדע אָדער אַזעלכע וואָס זיינען שוין פריהער דאָ געווען, אָבער עס זיינען ארויסגעפאָהרען אַזוינע נאָהענטע פון 175,000. סך־הכל זיינען צוגעקומען 543,843 פרעמ־דע, אַנשטאָט בערגער'ס אַנדערהאַלבען מיליאָן. די העכסטע צאָל איינוואַנדערער זיינען אַנגעקומען אהער אין דעם יאָהר פון דעם 1טען יולי 1906 ביז דעם 1טען יולי 1907, און אפילו אין יענעם יאָהר האָט אויסגעפעלט מער ווי 60,000 צו בערגער'ס אנ־דערהאַלבען מיליאָן, שוין אריינרעכענדיק אין די צאָל אַלע רייזענדע און יענע וואָס זיינען שוין דאָ פריהער גע־ווען און זיינען געקומען צוריק פון אַ רייזע נאָך איירָאפּא. אָבער, ווען איהר רעכענט אַרונטער יענע וואָס זיינען ארויסגעפאָה־רען קיין איירָאפּא אין דעמזעלבען יאָהר, האָבען זיך דאָ אָפּגעשטעלט אין גאַנצען 1,007,000 פרעמדע. דערפון קענט איהר זעהן, ווי בער־גער האָט „שטודירט" די פראַגע וועגען אימיגראַציע.

צו אַן אָפּשטימונג איבער דעם עיקר פון דער פראַגע איז ווידער ניט געקומען. הילקוויט האָט פאָרגעשלאָגען אַ קאָמפּראָמיס־רעזאָלוציע, וואָס יעדער צד האָט געקענט אויסטייטשען ווי ער האָט געוואָלט. דיזע קאָוטשוקענע רעזאָלוציע איז אָנגענומען גע־וואָרען מיט אַ זעהר קליינער מאַיאָריטעט. די מינאָריטעט איז באַ־שטאַנען פון אַזוינע, וואָס זיינען געווען פאַר פרייע איינוואַנדערונג און פאַר באַשרענקונג פון איינוואַנדערונג בכלל. די רעזאָלוציע האָט צוגעזאָגט די אַרבייטער, אַז אויב די סאָציאַליסטישע פאַר־טיי וועט האָבען די מאַכט, וועט זי פאַרהיטען די איינוואַנדערונג פון סטרייק־ברעכער און פון אַזעלכע אימיגראַנטען וואָס זיינען אהער געבראַכט געוואָרען מיט דעם צוועק צו שוועכען די אַרביי־טער אָרגאַניזאַציעס און אַרונטערדריקען די לעבענס־האַלטונג פון די היגע אַרבייטער. דערמיט האָט מען געוואָלט געווינען חן ביי די יוניאָנס. אָבער די טרייד־יוניאָניסטען פון קאַליפאָרניא וואָס ווי־לען פאַרשפּאַרען די טיר פאַר די געלע אַרבייטער, האָבען שוין זיי־ערען אַ פאַרטרעטער אין קאָנגרעס, דעם רעפּובליקאַנער קאָנגרעס־מאַן קאהן, צוליב וואָס זאָלען זיי איהם בייטען אויף דעם סאָציאַ־

ליסטישען אזיאטען־פּרעסער אונטערמאַן, וואָס האָט קיין אויסזיכט ניט עלעקטעט צו ווערען ?

איי, וואָס די רעפּובליקאַנער פּאַרטיי איז אַ קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטיי, טו האָט געזאָגט דער זעלבער קלאַסען־בעוואוסטער סאָציאַליסט אונטערמאַן, אַז אין דעם קאַמפּף געגען אַזיאַטישע איינוואַנדערונג איז ער, דער טשעמפּיאָן פון דעם קלאַסען־בעוואוסטען פּראָלעטאַריאַט, צופרידען צו געהן האַנט אין האַנט מיט דער קליין־בורזשואַזיע פון קאַליפאָרניא, מיט די קרעמערלאַך, וואָס זיי זיינען די גאַנצע אָנפירער אין דער אַגיטאַציע קעגען די געלע ראַסע. די אַרבייטער, וואָס עלעקטען אַלע צוויי יאָהר דעם רעפּובליקאַנער קאָהן, פאָלגען אונטערמאַן׳ס עצה.

דער „קלאַסען־קאַמפּף", פון וועלכען די כלומרשטדיקע „רעוואָלוציאָנערען" דרשה׳נען אַזוי פיל, לאָזט זיך אויס איז אַ קאַמפּף פון דער ווייסער קליין־בורזשואַזיע אין פאַרבינדונג מיט די ווייסע אַרבייטער קעגען די געלע קליין־בורזשואַזיע אין פאַרבינדונג מיט די געלע אַרבייטער און די ווייסע גרויס־קאַפּיטאַליסטען !

דער „היסטאָרישער" קאָנגרעס איז געגאַנגען אויף דעם זעלבען וועג ווי די קאָנווענשאָן פון 1908: ער האָט צוזאַמענגעמישט די קלאַסען און געמאַכט פון דעם קלאַסען־קאַמפּף אַ ראַסען־קאַמפּף.

באַלד נאָך דעם שיקאַגער קאָנגרעס האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון וויסקאָנסין אָפּגעהאַלטען איהר סטעיט קאָנווענשאָן, אויף וועלכער עס זיינען נאָמינירט געוואָרען קאַנדידאַטען פאַר גאָווערנאָר און אַנדערע סטעיט־עמטער און אויך פאַר דעם סענאַט פון די פאַראייניקטע שטאַטען, און עס איז אויך אָנגענומען געוואָרען אַ פּלאַטפאָרמע פאַר דעם סטעיט וויסקאָנסין. אין דער פּלאַטפאָרמע איז אַריינגעשטעלט געוואָרען אַ פאָדערונג, די אַזיאַטישע איינוואַנדערונג זאָל פאַרבאָטען ווערען. אין דער קאָנווענשאָן האָט מען גערעדט, אַז אַזיאַטישע אַרבייטער זיינען שוין אָנגעקומען קיין וויסקאָנסין און אַז די אָרגאַניזירטע אַרבייטער פון וויסקאָנסין פילען שוין דעם דרוק פון זייער קאָנקורענץ.

די סאָציאַלדעמאָקראַטישע פּאַרטיי פון וויסקאָנסין איז אין יענעם יאָהר געווען פאַר די אויגען פון דעם גאַנצען לאַנד. די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט איבערגעדרוקט איהר סטעיט פּלאַטפאָרמע מיט דעם פּונקט געגען אַזיאַטישע איינוואַנדערונג. אָבער

אין דעם ניו־יארקער „קאלל“ איז זי ניט געווען אפגעדרוקט. דער "קאלל„ האט נאך דער קאנווענשאן ניט געהאט קיין איינציקען לייטארטיקל איבער אימיגראציע.

ס'הייסט פאר די אידישע לעזער פון ניו־יארק איז די פארטיי קעגען די אויסשליסונג פון אימיגראנטען צוליב זייער ראסע, און פאר די טרייד־יוניאניסטען פון וויסקאנסין איז זי קעגען אזיאטישע איינוואנדערונג.

דער קאנגרעס פון שיקאגא האט ווידער אויסגעקליבען א קאמישע צו "שטודירען„ די פראגע איבער אימיגרעישאן. זי האט געזאלט באריכטען ביי דער פארטיי־קאנווענשאן אין אינדיאנאפאליס פאר דער וואהל פאר פרעזידענט אין 1912, אבער די רעפארטס פון דער מאיאריטעט און דער מינאריטעט פון דער קאמיטע וועגען אימיגראציע זיינען ניט פארגענומען געווארען.

.5

## דער ערסטער סאציאליסטישער קאנגרעסמאן.

אין דעם זעלבען יאהר, ווען עס איז אפגעהאלטען געווארען דער פארטיי־קאנגרעס אין שיקאגא וואו וויקטאר בערגער איז ארויסגעטראטען פאר דעם פארבאט פון געלער איינוואנדערונג, איז ער ערוועהלט געווארען אין מילוואקי פאר'ן קאנגרעס. דארטען האט ער געהאלטען א רעדע, וועלכע איז פארנאנדערגעשיקט געווארען אין מאסען עקזעמפלארען איבער'ן גאנצען לאנד, אלס א פראפאגאנדא - שריפט. אין יענער רעדע האט ער זיך אויסגעשפראכען וועגען אימיגראציע בזה הלשון*):

„וועהרענד די פראדוקטען פון אונזערע פאבריקען זיינען שטארק פראטעקטעט, אפט ביז צוויי הונדערט פראצענט, זיינען די פראדוצענטען פון דיזע פראדוקטען גארניט פראטעקטעט, פארקערט, אין דער צייט פון די לעצטע צוואנציק יאהר זיינען אין דיזען לאנד געבראכט געווארען מיליאנען סלאווען, איטאליענער, גריכען, רוסען און ארמעניער, איינפאך דערפאר וואס זיי האבען א נידעריקערע לעבענסארט (סטענדערד אוו ליווינג), האבען זיי ארויסגעשטופט די אמעריקאנער, די טייטשען, די ענגלענדער און די איי־

*) ''Congressional Record'' June 15, 1911, p. p. 2026—2030.

רישע פון די שעפער, די פאבריקען און די מיינס פון אונדזערע הויך־פראטעקטעטע אינדוסטריען, און אין די שטאלענע מילען פון פיטסבורג, שיקאגא און מילוואקי, וואו די זאגענאנטע ארבייטער־פרינצען האבען מיט דרייסיק יאהר צוריק געקראגען פון $10 ביז $15 א טאג, קריגען די היינטיקע ווייסע קולים $1.75 פאר צוועלף שטונדען א טאג זיבען טעג אין דער וואך".

פארשטעהט איהר שוין וואס פאר אן אונגליק מיר, די רוסישע, און די ארמעניער האבען געבראכט אויף די געבענטשטע לאנד, אז מיר האבען אראפגעדריקט דעם ארבייטסלוין פון $10 א טאג ביז א דאלאר און פינף און זיבעציק!

בערגער'ס סטאטיסטיקע איז דעם מאל, ווי אימער געוועזן ניט געשטויגען און ניט געפלויגען. עס איז פושט פאלש אז די סלאווען, די איטאליענער, די רוסען, די ארמענער וכדומה האבען ארויסגע־שטופט די אמעריקאנער, די איירישע, א. א. וו.*) וואס איז שייך די ארבייטער־פרינצען וואס האבען מיט דרייסיק יאהר צוריק געקראגען $10 א טאג, טו זיינען זיי טאקע געוועזן פרינצען, ניט קיין פראסטע ארבייטער: דאס זיינען די „ראללערס", וואס מאכען רעלסען. דערצו דארף מען זיין א גענימער פאכמאן, און אזעלכע ראלערס האבען נאך אין 1910 פארדינט $3,000 א יאהר. פאר־קערט אבער, וואו די ארבייט ווערט געמאכט מיט מא־שינען, דארטען דארף מען קיין מייסטערס ניט, די מערסטע ארבייטער זיינען געמיינע ארבייטער, און א פראס־טער ארבייטער קריגט אין אונדזער קאפיטאליסטישער געזעלשאפט ביליקער באצאלט איידער א פאכמאן. דער עיקר פון דער ענט־וויקלונג פון מאשינערי באשטעהט אין דערין וואס די מאשין קען אויסקומען אהן געלערנטע ארבייטער. אין זיין רעדע אויף דער פראטעסט־פארזאמלונג קעגען דעם ארעסט פון מעקנאמארא אין שקיאגא דעם 18טען יוז, 1911, האט ער ווידער איבערגע'חזר'ט דיזעלבע מעשה וועגען די פארצייטיקע $10 א טאג און דעם היינ־טיקען דאלאר פינף און זיבציק, דארטען אבער האט ער עס גע־מאכט אביסעל דייטליכער:

„עס איז געוועזן א צייט" — האט ער געזאגט, לויט דעם בא־

*) געכויער וועגען דעם אין דער ערסטער אפטיילונג און אין מיין ענגלישען בוך קאפיטעל VII.

ריכט אין דעם „שיקאגא דעילי סאָשעליסט“ פון דעם 19טען יוני 1911, „אז אין פיטסבורג, אין מילוואקי, אין סויט שיקאגא און אנ־דערסוואו, האָבען מאַנכע פון די העכסט־געלערנטע ארבייטער אין דער פראָטעקטעטער אייזען־אינדוסטרי געקראָגען פון 10$ ביז 15$ א טאָג, היינט מאכען די ארבייט אונגעלערנטע הענט מיט דער הילף פון מאַשינעריי. די לייט קריגען פאר צוועלף שטונדען שווערע ארבייט 1.75$.“

על כן הייסט דאָס שוין אז נאָר „מאַנכע“ האָבען פארצייטען געקראָגען די צען־דאָלארדיקע און פופצען־דאָלארדיקע שכירות א טאָג, און א סוף דערצו האָט געמאַכט די מאַשין. דאָס איז אַן אַלגעמיין באקאַנטער געזעץ פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוק־ציאָן. וואָס פאר א שייכות האָט עס מיט די מיליאָנען „אימפּאָר־טירטע“ „רוסען“ און איטאַליענער? אין ענגלאַנד, וואָס איז ניט קיין איינוואַנדערונגס־לאַנד, איז די מעשה פּונקט דיזעלבע ווי אין אמעריקע. לאָמיר זאָגען, ווען די איינוואַנדערונג פון „אונגע־ווינטשטע“ אימיגראַנטען זאָל אין גאַנצען פארבאָטען ווע־רען, — וועט די איינפיהרונג פון נייע מאַשינען אויפ־הערען? און וועט די מאַשין ניט פאַרדרענגען די העכער באַצאָלטע געלערנטע ארבייטער דורך פּראָסטע ארבייטער?

און וואָס איז שייך די פּראָסטע ארבייטער, טו לאָמיך אייך זאָ־גען, אז מיט א יאָהר פערציק צוריק, ווען עס זיינען קיין רוסען און איטאַליענער אין אמעריקע ניט געווען און די פּראָסטע אר־בייטער זיינען געווען דייטשען און איירישע, האָבען זיי געלעבט אין א גרעסערען דלות און שמוץ איידער די אָרעמסטע ארבייטער היינטצוטאָג. לעזט דעם רעפּאָרט וועגען אימיגראַציע וואָס איז געמאַכט געוואָרען פון מעקקינלי'ס אינדאָסטריעל קאָמישען אין 1901, וועט איהר דאָרט געפינען צוזאַמענגעשטעלט פאַר־שידענע אנקלאַגען קעגען די דייטשע און די איירישע איינוואַנדע־רער פון א יאָהר פופציק, זעכציק און זיבעציק צוריק, וואָס זיינען וואָרט פאר וואָרט דיזעלביקע ווי די קלאַגען קעגען די היינטיקע איטאַליענער, „רוסען“ און אַנדערע „אונגעווינטשטע“ איינוואַנ־דערער.

קאָנגרעסמאַן בערגער האָט אין זיין רעדע איבערגע'חזר'ט די אַלטע מעשה, וואָס די דעמאַגאָגען, וועלכע שדכ'ענען זיך צו די

ארבייטער־וואוטס, האָבען הונדערטע מאָל שוין געזאָגט פאר איהם: איהר בלאָפט מיט אייער פּראָטעקשאָן, איהר לאָזט ניט אריין קיין אויסלענדישע סחורה אום כלומר'שט צו פּראָטעקטען דעם אמעריקאנער ארבייטער, איהר לאָזט אָבער אריין דעם אויסלענדישען ארבייטער כדי ער זאָל דירעקט קאָנקורירען מיט דעם אמעריקאנער ארבייטער.

**וואָס־זשע איז די אונטערשטע שורה דערפון? דאַרף מען דעם אמעריקאנער ארבייטער אויף „פּראָטעקטען", אָדער ניט?**

וואָס בלייבט צו טאָן, כדי דער הויכער טאַריף זאָל ניט צוציהען אַהער די מיליאָנען סלאַווען, ארמעניער, איטאַליענער און „רוסען"? עס איז גאַנץ קלאָר: מען דאַרף זיי ניט אריינלאָזען, — ניט די טויזענטער יאפּאנער, נאָר טאַקע אָט די מיליאָנען געפּערלאָכע איטאַליענער, פּאָליאַקען, „רוסען", וכדומה, וואָס זיינען געוועהנט פון דער־היים צו א געמיינעם לעבען און האָבען ארונטערגעהאַקט דעם ארבייטס־לוין פון צען דאָלאר א טאָג אויף $1.75 און האָבען אויף דעם אופן „ארויסגעשטופּט" די בעסער־בעצאָלטע דייטשען און די איירישע. בערגער האָט דאָס ניט געזאָגט, אָבער דאָס איז דער לאָגישער שלוס פון זיינע רייד. דאָס איז אַקוראַט וואָס די אַמעריקאָן פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר פאָדערט.

אין קאָנגרעס האָט בערגער געשטימט געגען דעם בוירנעטביל, אין דערין איז ער געווען ניט קאָנסעקווענט. אָבער ניט זיין וואוט, נאָר זיינע ארגומענטען האָבען א ווירקונג. וועניק ווער האָט זיך אינטערעסירט אויסצוגעפינען ווי ער האָט געשטימט. אָבער צו זיינע ווערטער האָט מען זיך צוגעהערט, ווייל — ווי ער האָט אליין געזאָגט,—ער איז געקומען פאַר'ן קאָנגרעס א שלייחות (מעססעדזש) איבערצוגעבען פון דעם פּאָרטשריטליכסטען און דעם אינטעליגענטסטען טייל פון די ארבייטענדע מאַסען, פון מיליאָנען מענער און פרויען".

6.

## דער פאַרהער וועגען אימיגראַציע ביי פּרעזידענט ווילסאָן.

ווען דער בוירנעט ביל צו באַשרענקען די איינוואַנדערונג איז אָנגענומען געוואָרען אין קאָנגרעס אין 1915 און איז איבערגע־געבען געוואָרען צום פּרעזידענט, האָט די עקזעקוטיווע פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי געשיקט טשאַרלז עדוואַרד ראַסעל אַלס איהר שליח, ער זאָל רעדען געגען דעם ביל ביי דעם פאַרהער פאַר דעם פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטען.

די אַמעריקאַן פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר האָט געלאָזט וויסען, אַז זי איז מיט ראַסעל'ס שטעלונג ניט צופרידען. אין דעם „ניו־יאָרקער „קאָלל" איז באַלד ערשינען אַ דעפּעשע פון וואַשינגטאָן, וואו עס איז געשטאַנען די פאָלגענדע ערקלערונג:

„אָבער ראַסעל האָט קלאָר געמאַכט ביי דעם פאַרהער אין ווייַסען הויז, אַז די סאָציאַליסטען זיינען דערפאַר, אַז די אימיגראַציע זאָל באַשרענקט ווערען, נאָר זיי ווילען ניט אונטערשטיצען אַזעלכע באַשרענקונגען וואָס נעמען אָוועק ביי די פאַראייניקטע שטאַטען זייער רעפּוטאַציע אַלס אַן עיר־מקלט פאַר די אונטערדריקטע פון אַלע לענדער"*)

די ערקלערונג האָט אָבער הפּנים ניט צופרידען געשטעלט די פירער פון דער אַמעריקאַנער פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר, איז דער "קאָלל„ ווידער אַרויס מיט פאָלגענדער ערקלערונג:

„דערפאַר וואָס די אָנקלאַגע איז ווייט פאַרברייטעט געוואָרען פון שמואל גאָמפּערס'ען און אַנדערע, אַז טשאַרלז עדוואַרד ראַסעל האָט פאַרטיידיקט אונבאַשרענקטע אימיגראַציע ביי דעם פאַרהער פאַר פּרעזידענט ווילסאָן, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזען מיט דער וועטאָ פון דעם ביל, מוז באַקאַנט געמאַכט ווערען דער ריכטיקער אמת וועגען דעם פאַרהער... וואָס עס האָט פּאַסירט, איז אַזוי איבערגעגעבען אין דעם סטענאָגראַפישען באַריכט פון דעם פאַרהער, וועלכער איז דערנאָך געדרוקט געוואָרען אין דעם „קאָנגרעשאָנאַל רע־קאָרד":

„ד ע ר פּ ר ע ז י ד ע נ ט: עס איז דאָ אַנוועזענד אַ דזשענ־

*) "New York Call", January 26, 1915.

טעלמאַן, מר. ראַסעל, ווענען איך וואָלט געוואָלט הערען אַ מינוט אָדער צוויי".

„טשאַרלז עדוואַרד ראַסעל: מר. פּרעזידענט, איך דאַנק אייך, וואָס איהר זייט אַזוי גוט מיר צו ערלויבען אויסגעהערט צו ווערען וועגען דעם ענין. אַ געוויסע באַגרענצונג און באַשרענקונג פון אימיגראַציע איז בלא ספק נויטיק און געזונט (סאַליוטאַרי). מיר זיינען קעגען דיזע מאַסרעגעל דערפאַר, וואָס דער ליטעראַסי טעסט וואָלט זיין אונוויסענשאַפטליך, ניט פאַרנינפטיק און זעהר שווער דורכצופירען. על כן וואָלט עס ניט דערגרייכט דעם צוועק, וואָס דער ביל פאַרפאָלגט. פון קיין פונקט וואָלט מען ניט געקענט לייכטער אויסדרעהען זיך, ווי פון דעם ליטעראַסי טעסט. ווייטער, אַז עס זיינען פאַראַן וועניקסטענס צוויי אַנדערע מיטעלן, וואָס וואָלטען דערגרייכען דעם געזוכטען צוועק און וואָלטען ניט האָבען דעם זעלבען חסרון, ווי דער ליטראַסי טעסט, איז עס ניט אַ שאָדען, אַז מיר זאָלען אַנעמען דעם דאָזיקען מיטעל, וואָס קעגען איהם איז פאַראַן אַזוי פיל אויסצוזעצען צוליב פאַרשידענע גרינדע, און וואָס וואָלט מסתמא גאָר ניט געקענט דורכגעפירט ווערען? אים נאָמען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכע איך פאַרטרעט דאָ פּראָטעסטיר איך קעגען דעם ביל".

ווייטער האָט ער גערעדט קעגען דעם פונקט וועגען פּאָליטישע אימיגראַנטען און ער האָט געשלאָסען אַזוי:

„אים נאָמען פון דעם מיליאָן סאָציאַליסטען פון דיזען לאַנד, וועמען איך פאַרטרעט, בעט איך אייך דריבער, מר. פּרעזידענט, איהר זאָלט וועטירען דעם ביל.*)

דער "קאָלל„ מאַכט זיך גאָר ניט וויסענדיק פון זיין אייגענעם באַריכט און וויל איינרעדען דעם לעזער, אַז ראַסעל האָט געשטיצט זיין ארגומענט אין גאַנצען אויף דעם גרונד, אַז דער ביל וואָלט אויסגעשלאָסען פּאָליטישע אַנטלאָפענע, וואָס דאָס איז געווען דער גרונד אויף וועלכען די וועטאָ האָט זיך געשטיצט. דער

*)"New York Call", February 23, 1915

אמת איז, אז דער אָפיציעלער פארטרעטער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי האָט ארויסגעשפּראָכען די מיינונג, אז מען דאַרף באשרענקען די אימיגראציע, נאָר דער "ליטערעסי טעסט„ טויג ניט, ווייל ער וועט ניט פירען צו דעם צוועק, עס זיינען פאראן אנדערע מיטלען, וואָס וועלען טאקע ווירקלאך באשרענקען די איינוואנדערונג און פון זיי וועט מען זיך שוין ניט קענען אויסדרעהען.

וואָס זיינען די אַנדערע מיטלען צו באשרענקען די איינוואַנדערונג, אויף וועלכע מר. ראָסעל, אַלס פארטרעטער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וואָלט מסכים געווען, האָט ער ניט געזאָגט ביי דעם פארהער פאר׳ן פּרעזידענט. אָן אַנדייטונג אויף דעם געפינען מיר אָבער אין אַ לייטאַרטיקעל וואָס איז געדרוקט געוואָרען אין דער „ניו־יאָרקער פאָלקסצייטונג“, דעם 2טען פעברואר, 1915, בנוגע צו גאָמפּערס׳עס פּרעטענסיעס אויף ראָססעל׳ן. די רעדאקציע וואָלט געקענט פארשטעהן, זאָגט זי, ווען גאָמפּערס „דען פאָרשלאָג געמאַכט העטע, פּראָ יאהר נור זאָ אונד זאָ פיעלע איינוואַנדערער אין די פעראייניגטע שטאַטען הינאיינצולאססען; יעדע נאַציאָנאַלע אָדער שפּראַכ־גרופּע העטען דאַן איינע בעשטימטע ראַטע צו דיעזער איינוואַנדערונג צוגעשפּראָכען ערהאַלטען קענען“.

דאָס הייסט אַ פּראָצענטנע נאָרמע פאר אימיגראציע פון יעדער נאַציאָנאַליטעט, נאָך דעם מוסטער פון דער רוסישער פּראָצענטנער נאָרמע פאר אידען אין די גימנאַזיעס און אין די אוניווערסיטעטען. וואָס די „פאָלקסצייטונג“ אַליין האַלט די באשרענקונג פון איינוואַנדערונג פאר אַ „קורצזיכטיקע פּאָליטיק“, איז ניט מער ווי איהר אייגענע מיינונג, — אויב מיר מעגען זיך פארלאָזען אויף מר. ראָססעל׳ן, איז די גאַנצע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי פאר באשרענקען די איינוואַנדערונג.

דער „מילוואָקי־לידער“, וואָס ווערט רעדאקטירט פון דעם געוועזענעם סאָציאַליסטישען קאָנגרעסמאן וויקטאָר בערגער, איז ניט איינפערשטאַנען געווען דערמיט וואָס ראָסעל האָט גערעדט קעגען דעם ליטעראסי טעסט. רעדענדיק וועגען פּרעזידענט ווילסאָן׳ס וועטאָ זאָגט ער, אז "דער ליטעראסי טעסט וואָלט געווען אזוי גוט ווי יעדער איינער מיטעל אָפּצוהאלטען דעם מענטשלאכען שטראָם פון די מער אָפּגעשטאַנענע לענדער פון אייראָפּאַ“. נאָך דער מלחמה קען זיך

**א לאַז טאָן אַהער א גרויסע מחנה אימיגראַנטען, און אויב עס קלעקט ניט איצטער קיין ארבייט פאר אַלע ארבייטער, טו ווען עס וועלען צוקומען מיליאָנען נייע, וועלען זיי נאָך ערגער מאַכען די לאַגע, און עס וועט נויטיק זיין צו באשרענקען די איינוואַנדערונג. „דאָס פאָלק פון די פאראייניקטע שטאַטען איז ניט מחויב צו פאַר־זארגען מיט א היים די קרבנות פון דער מלחמה אין אייראָפּא!“*)**

## 7.

## דער אידישער סאָציאַליסטישער קאָנגרעסמאַן

קאָנגרעסמאַן לאָנדאָן איז ערוועהלט געוואָרען אין אַ אידי־שען דיסטריקט. פון זיינע וואוטס זיינען 1800 געווען ריין־סאָציאַ־ליסטישע, וואָס זיינען צוגלייך אָפּגעגעבען געוואָרען פאר אַנדערע קאַנדידאַטען פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און 4100 אַזעל־כע, וואָס זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען נאָר פאר איהם פּערזענליך פון אַזעלכע וואוטערס, וואָס האָבען געשטימט פאר די איבעריקע קאַנדידאַטען פון אַנדערע פּאַרטייען. אין יענעם דיסטריקט איז די שטימונג פאר פרייע איינוואַנדערונג. גאַנץ נאַטירליך דעריבער האָט קאָנגרעסמאַן לאָנדאָן געמוזט אַרויסטרעטען געגען דעם בוירנעט ביל צו באשרענקען די אייראָפּעאישע איינוואַנדערונג. צו דער־זעלבער צייט אָבער איז ער מסכים געווען אויף די אויסשליסונג פון אַזיאַטישע איינוואַנדערונג. איך וועל דאָ איבערזעצען פון דעם אָפיציעלען סטענאָגראפישען פּראָטאָקאָל, וואָס ער האָט גע־זאָגט פאר דער קאָמיטע אָן אימיגרעישאָן ענד נעטשוראַליזעישאָן דעם 22טען יאַנואר 1916 :

„אין זייער געגנערשאַפט צו אימיגראַציע זיינען זיי (די אָר־גאַניזירטע ארבייטער) אויף אַ פאַלשען וועג. זיי ווייזען אָן נאָר אויף דעם אימיגראַנט אַלס זייער שונא. אַנשטאָט דעם וואָלטען זיי געדאַרפט אַרויסנעמען פון די פאַבריקען די מיליאָנען פרויען און קינדער וואָס קאָנקורירען מיט זיי. זיי וואָלטען פונקט אַזוי גוט געקענט פארבּיטען די געבורט פון קינדער, ווייל יעדע קינד וואָס ווערט געבאָרען ביי אַן אַרבייטער איז אַ שווערערע לאַסט **אויף איהם איידער ערגעץ אַן אימיגראַנט וואָס קען קומען אַהער. זיי**

---

*) “The Milwaukee Leader”, January 30, 1915

פאַלגען נאָך דעם אַלטען טעות וואָס מאַלטוס האָט פּאַרטיידיקט אין 1798... נאָך מיין מיינונג, האָט יעדע מענשלאַכע באַשעפענעס אַ רעכט צו געהן אין יעדען טייל פון דער וועלט, און קיין מענטש האָט ניט קיין רעכט צו באַהויפּטען, אַז אַ געוויסער טייל פון דער ערד איז ספּעציעל באַשערט געוואָרען פון דעם אויבערסטען פאַר איהם.

„קאָנגרעסמאַן דזשאָנסאָן: שליסט איהר אין דערין איין די כינעזער?

„מר. לאַנדאַו: די כינעזער זיינען מענטשלאַכע באַשעפּעניסען. די פראַגע וועגען די כינעזער און די יאַפּאַנעזער שאַפט אַנאַנדער שווערען ראַסען־פּראָבלעם און ביז אַהער האָבען די פאַראייניקטע שטאַטען ניט פאַרמאָגט צו לעזען דעם ראַסען־פּראָבלעם, וואָס זיי האָבען אויף זייערע הענט איצטער. דערייבער וואָלט עס געווען זעהר אונקלוג צו שאַפען נייע ראַסען־פּראָבלעמען, און עס איז זעהר אַן ערנסטע זאַך, אַז אימיצער זאָל זיך איינשטעלען פאַר אַזאַ צושטאַנד וואָס וואָלט געשאַפען אַ נייעם פּראָבלעם".

אַלזאָ, די כינעזער זיינען טאַקיע מענטשלאַכע באַשעפענעסען, און יעדע מענטשלאַכע באַשעפענעס האָט דאָס רעכט צו פאָהרען וואו זי וויל, און קיינער טאָר ניט באַהויפּטען אַז אַ געוויסע לאַנד איז באַשאַפען נאָר פאַר איהם, דאָס הייסט די אַמעריקאַנער טאָרען עס ניט באַהויפּטען געגען די כינעזער. זיי וועלען עס אָבער יע טאָן, און דאָס וועט שאַפען אַ ראַסען־פּראָבלעם, דעריבער וואָלט עס זיין אונקלוג צו שטעלען זיך אַמפּערן מיט זיי. די כינעזער און די יאַפּאַנעזער וועלען זיך מוזען זיצען אין דער היים.

דאָס איז די זעלבע שטעלונג, ווי בערגער און אונטערמאַן האָבען אָנגענומען. עס וועלען זיך זיכער געפינען אַ סך דיפּלאָמאַטישע אידען, וואָס וועלען קאָנגרעסמאַן לאַנדאַוען געבען גערעכט דערפאַר. צו וואָס דאַרפען מיר זיין גאָט'ס סטראַפּצעס — וועלען זיי זאָגען — און אָננעמען זיך פאַר די קריוודעס פון די געלע אימיגראַנטען? דאָס קען אונדז פאַרשאַפען איבעריקע געגנער.

אין דערין האָט איהר אָבער אַ גרויסען טעות.

פאַרוואָס ווילען די ווייסע אַרבייטער פון די פּאַסיפיק סטעיטס ניט אַריינלאָזען די געלע אימיגראַנטען? ווייל זיי קומען פון לענ־

דער מיט א נידעריקען סטענדארד אוו ליווינג. זאגט זיך דער גוט באצאלטער אמעריקאנער ארבייטער: די אידען און די איטא־ליענער קומען פון ארעמע לענדער, וואו די שכירות זיינען ני־דעריק, די ארבייטער לעבען זעהר ארעם; אזעלכע לייט וועלען דא ארונטערדריקען די שכירות, דעריבער מוז מען פאר זיי צומאכען די טיר. דער ניט־סאציאליסטישער געגנער פון אי־מיגראציע האט וועניקער ראסען־פאראורטיילע איידער דער סאציאליסטישער געגנער פון אימיגראציע: ביי דעם קאנסער־וואטיווען טרעיד־יוניאניסט זיינען די ארעמע ווייסע ארבייטער ניט קיין גרעסערע יחסנים ווי די געלע, ער פארשטעהט אינסטיקטיוו אז עס איז אן עקאנאמישע פראגע, ניט קיין ראסען־פראגע.

צו וואס דארפען מיר גאר געהן צו די קאנסערוואטיווע טרעיד־יוניאנס, אז אין דער סאציאליסטישער קאנווענשאן גופא, וואס איז אפגעהאלטען געווארען אין 1908 אין שיקאגא, האט זיך א דעלעגאט אויסגעשפראכען, אז מען דארף אין גאנצען אפשטעלען די איינ־וואנדערונג אפילו פון די ארעמע לענדער פון אייראפא. די שטעלונג געגען די אזיאטישע איינוואנדערונג מוז לאגיש פירען דערצו.

## 8.

## די סאציאליסטישע פרעסע וועגען „פרעמדע“ ארבייטער.

די טרעיד־יוניאנס זוכענדיק צו מאנאפאליזירען פאר זיך דעם ארבייטסמארק האבען זיך ניט באנוגענט מיט דער פאדערונג פון באשרענקונגען געגען איינוואנדערונג. זיי האבען פרובירט דורכצופיהרען געזעצע, וואס זאלען געבען די היגע ארבייטער א פריווילעגיע געגען די אקארסט אנגעקומענע. דאס איז פאר זיי לייכטער געווען דורכצופירען ביי רעגירונגס־ארבייטען, ווי ביי אלע אנדערע, ווייל אויף די רעגירונג האבען זיי א פאליטישען איינפלוס דורך זייערע וואוטס. אויף דעם אופן איז אין ניו־יארק געשאפען געווארען א געזעץ, אז א קאנטראקטאר (פאדראד־

טשיק) ביי שטאַטישע ארבייטען מוז דינגען נאָר בירגער. דער
נעזעץ איז א צייט מיט יאהרען געבליבען אויף'ן פּאַפּיר, ווייל ער
האָט זיך ניט געלאָזען דורכפירען אין לעבען. פּשוט דערפאַר, וואָס
די ארבייטסטיילונג אין אמעריקא האָט איבערגעלאָזען די מערסטע
שווערע און שמוציקע אַרבייטען פאַר די גרינע אַרבייטער, בעת
די היגע געבוירענע און די אלטע תושבים פארנעמען די בעסערע
שטעלען.. אַבער ענדע 1914, באַלד נאָך דעם אָנהויב פון דער
מלחמה, זיינען אין ניו־יאָרק אַ סך אַרבייטער ארומגעגאַנגען לע־
דיק, און די יוניאָנס פון די בריקלעיערס און מעיסאָנס (די מר
ליארעם) האָט זיך געווענדעט צו דער פּאַבליק סערוויס קאָמישאָן
(דער קאָמיסיע וואָס האָט אויפזיכט איבער די שטאָט־באַהנען) מיט
דער פאָדערונג, זי זאָל צווינגען די קאָנטראַקטאָרס ביי דעם "סאָב־
וועי", (דער באַהן וואָס געהט אונטער דער ערד) צו דינגען נאָר
אמעריקאַנער בירגער. דער צוועק איז געווען אוועקצונעמען די
אַרבייט פון פרישע אימיגראַנטען און איבערגעבען זי צו אלטע
תושבים. די קאָנטראַקטאָרס האָבען זיך געשטעלט דאַגעגען.
זיי האָבען ענטפערט, אַז די עכטע אמעריקאַנער אַרבייטער זיי־
נען יחסנים און ווילען ניט טאָן די שווערע און שמוציקע אַרבייט*)

---

*) אויב איהר וועט אריינקוקען אין די סטאַטיסטיקע וואָס די צענזורס־ביוראָ
האָט פארעפענטליכט וועגען די באַשעפטיקונגען פון דער שטאָט ניו־יאָרק, און
איהר וועט אויסרעכענען וויפיעל עס באַטרעפט די צאָל אימיגראַנטען אין יעדע
הונדערט פּראָסטע ארבייטער וואָס גראָבען ערד אין די גאַסען דעסגלייכען („ראָוד
ענד סטריט בילדינג ענד ריפּעירינג"), טו וועט איהר געפינען, אַז צווי־
שען אַלע מאַנזבילען וואָס האָבען ערגעץ אַ פּרנסה איז דער פּראָצענט אימיגראַנ־
טען 55, און צווישען אַלע פּראָסטע ארבייטער וואָס אַרבייטען אין די גאַסען 83.
אַדער רעכענט פאַרקערט, די צאָל היגע געבאָרענע ווייסע צווישען די פּראָסטע
אַרבייטער וואָס אַרבייטען אין די גאַסען איז 19 פּראָצענט, און למשל צווישען
פּלאָמבערס און גאַז־פיטערס — 69 פּראָצענט.

היינט אויב איהר ווילט וויסען די צאָל פון די סאַמע פּני, וואָס זיינען דאָ
געבאָרען געוואָרען פון אַמעריקאַנער געבאָרענע עלטערן טו באַטרעפט זי צווי־
שען פּראָסטע ארבייטער וואָס זיינען באַשעפטיקט אין די גאַסען (ערד־גרעבער
און דעסגלייכען) סך־הכל 4 פּראָצענט. ווען איהר וועט פאַרגלייכען די צאָל פּראָסטע
אַרבייטער מכל המינים וואָס זיינען געבאָרען געוואָרען פון אַמעריקאַנער עלטערן
מיט דער גאַנצער צאָל פאַרדינערס וואָס זיינען אַמעריקאַנער בני אַמעריקאַנער,
טו וועט איהר געפינען ווייניקער ווי 4 פון יעדע הונדערט. וואָס [illegible]

דער שטרייק איז אריין אין די קארטס. דערווייִלע האבען די קאָנ־טראַקטאָרס אפּגעשטעלט די ארבייט און די גרינע ארבייטער האָ־בען פארלאָרען זייערע שטיקעל ברויט.

אונז אינטערעסירט דאָ די שטעלונג וואס די סאָציאַליסטישע פּרעסע האט גענומען צו דעם קאמפּף פון די אלטע אימיגראנטען (מערסטענס אייִרישע) געגען די גרינע (מערסטענס איטאליע־נער.)

די ערסטע עטלאכע טעג נאכדעם ווי די מעיסאָנס און בריק־לעיערס יוניאָן איז ארויס מיט דער פאָדערונג, אַז די קאָנטראַק־טאָרס זאָלען אפּשאפען אלע ארבייטער, וואָס זיינען נאָך ניט קיין בירגער און זאָלען דינגען בירגער אויף זייערע שטעלען, האבען אי דער „קאָלל“, אי די דייטשע „פאָלקסצייטונג“ געשוויגען אין זייערע רעדאַקציאָנעלע קאָלומס, אין זייערע באריכטען אבער האָ־בען זיי באלד פון אָנהויב אָן מיט די קעפּלאָך און דעם אלגעמיינעם טאָן געוויזען, אז זיי האלטען מיט דער יוניאָן אין איהר פאָדערונג.

דעם 21טען נאָוועמבער 1914, איז די „פאָלקס־צייטונג“ ארויס מיט אַ רעדאַקציאָנעלער נאָטיץ וועגען דער אנגעלעגענהייט, וואו זי זאָגט, אַז אין דעם געזעץ זיינען פאראַן צוויי באשטימונגען: איינע, אַז די ארבייטער זאָלען ארבייטען ניט מער ווי אכט שטונ־דען, און די צווייטע, אַז עס זאָלען געדונגען ווערען אויסשליסלאך אמעריקאנער בירגער. וואָס מען ארבייט ביי דעם סאָבוועי מער ווי אכט שטונדען אַ טאָג, וועגען דעם האָט מען ביז אהער געמאַכט אַ שווייג. דער שרייבער מיינט אז די יוניאָן האָט געזאָלט „אויך אויף דער דורכפירונג פאָן דיזער געזעצליכער באשטימונג געוויכט לעגען“. דערמיט וואָלט די האנדלונג פון דער יוניאָן „אנגעוואָרען עפּעס פון איהר רעאַקציאָנערען קאָליר, וואָס זי שיינט צו האָבען,

איבעריקע ? זיי זיינען קלוירקס פארקויפערס, בוכהאלטערס און דעסגלייכען — איבער 30 פּראָצענט, סוחרים און פאבריקאנטען — אַז ערך 7 פּראָצענט, פּראָ־פעסיאָנעלע לייט און עפענטליכע בעאמטע — אַז ערך 13 פּראָצענט, די איבע־ריקע 46 פּראָצענט זיינען בעלי מלאכות.

ווען זי באשטעהט נאר אויף דעם פונקט מכח די בירגער און וויל אויף דעם אופן אוועקנעמען די באשעפטיקונג ביי אלע ניט־בירגער".

אביסעל שעמעדיק, נאר נישקשה.

מיט צוועלף טעג שפעטער איז שוין די זעלבע „פאלקסצייטונג" ארויס מיט א גאנצען לייטארטיקעל. זי הויבט אן דערפון, וואס עס האט זיך אויסגעוויזען, אז פון די אלע ארבייטער ביי די סאבעים האבען ניינציק פראצענט נאך אפילו זייערע „ערסטע פייפערס" ניט ארויסגענומען, און זי רעדט ווייטער אזוי:

„די קאנטראקטען האבען אלזא דאס געזעץ אויפ'ס גרעבליכסטע איבערטרעטען, אונד די אינטערעסירטען געווערקשאפטען טאטען ניכט מעהר אלס איהרע פפליכט, אלס זי דען פערזוך אונטערנאהמען, די דורכפיהרונג דעם געזעצעס צו ערצווינגען. איינע אנדערע פראגע איסט עס, אויב די דורכפיהרונג איינעם דערארטיגען געזעצעס ווירקליך אים אינטערעססע דער ארבייטערשאפט ניו־יארקס ליגט".

די צייטונג ווייזט, אז דערמיט, וואס מען וועט לאזען די איטאליענער ארבייטער אהן א שטיקל ברויט, וועט מען ניט פארמינדערען די ארבייטסלאזיקייט. צו דער זעלבער צייט מיינט זי, אז וואס די ארבייטער ווערען שלעכט באצאלט, איז „ווייל עס זיך אין דער הויפטזאכע אום איטאליענישע, סלאווישע, גריכישע אונד אנדערע „געניגזאמע" נאציאנאלע גרופען האנדעלט,... ווי ווייטער אויך צוגעגעבען ווערדען מוס, דאס די ערד־ארבייטער מאסען לייכטער צו ארגאניזירען אונד בעסער... צו בעשיצען ווערען, ווען זי בירגער פאן דען פעראייניגטען שטאאטען ווערען".

דער לייטארטיקל־שרייבער מיינט אבער אז עס איז אונמעגלאך דורכצופירען דעם געזעץ און עס קען קיין גוטס ניט ברענגען. זיין פלאן וואלט זיין, די שטאט זאל אויסקומען גאר אהן קאנטראקטארס, זי זאל אליין בויען די סאבוועיס, „מאן ווירד דאן די מעגליכקייט האבען מענשענוויירדיגע לאהנע אונד ארבייטספערהעלטניסע צו ערצווינגען. רעאקציאנערע געזעצע... קענען דאן אהנע שאדען פיר די ארבייטער רוהיג אין דען גרויסען פאפיערקארב געווארפען ווערדען".

איהר זעט ווי די צייטונג דרעהט זיך דא אהין און אהער. איינער־זייטס, קען דער געזעץ קעגען די אויסלענדישע ארבייטער ניט פארמינדערען די ארבייטסלאזיקייט, פונדעסטוועגען האט די יר־

ניאן געטאן איהר פליכט, אז זי האט זיך גענומען דורכצופירען דעם נוצלאזען געזעץ קעגען די פרעמדע ארבייטער.

פארוואס? איז די בריקלייערס יוניאן אן אפטיילונג פון דער פאליס, וואס זי איז מחויב אויפצופאסען, אז יעדער רעאקציאנערער געזעץ זאל אפגעהיט ווערען?

פארשטעהט איהר. הגם דער געזעץ קען ניט פארמינדערען די ארבייטסלאזיקייט, וועט מען דעם דאזיקען רעאקציאנערען געזעץ נאר „דאן" קענען „אהנע שאדען פיר די ארבייטער" ארייננוואר־פען אין דעם פאפיר קארב, ווען מען וועט האבען אנגענומען דעם פלאן פון דער „פאלקסצייטונג". היות, אבער, ווי דער פלאן איז נאך ניט אנגענומען געווארען, טו קען מען הפנים איהם נאך דערוויי־לע ניט ארייננווארפען אין פאפיער־קארב „אהנע שאדען פיר די אר־בייטער", ווארים ביז וואס ווען וועט ווערען, איז לייכטער צו אר־גאניזירען די ארבייטער, ווען זיי זיינען שוין בירגער. דערצו נאך האנדעלט זיך וועגען אזעלכע נאציאנאליטעטען, ווי די איטאליע־נער, די סלאווען א. אז. וו., וואס זיי באנוגענען זיך מיט וואס עס איז.

די „פאלקס־צייטונג" זאגט אפען, אז דער געזעץ אויף וועלכען די יוניאן שטיצט זיך איז רעאקציאנער און „דאס פארגעהען" פון דער יוניאן האט א „רעאקציאנערן אנשטריך". דאס הייסט אלזא, אז אונטער געוויסע אומשטענדען איז די אונקאמפראמיסליך־אר־טאדאקסישע און „רעוואלוציאנערע" „פאלקס צייטונג" מסכים אויף א רעאקציאנערע שטעלונג פון די יוניאנס. דאס איז איינס אוועק.

ווייטער, טיילט זי איין דעם ארבייטער־קלאס אין צוויי סאר־טען, נאך די „נאציאנאלע גרופען": 1) די „געניגזאמע", וואס זיי־נען צופרידען מיט קליינע שכירות און שלעכטער באהאנדלונג, דאס זיינען די איטאליענישע, סלאווישע, גריכישע א. א. וו., און 2) די וואס מען קען „לייכטער ארגאניזירען און בעסער פאר איבערגרי־פען באשיצען", דאס זיינען די בירגער פון די פאראייינקטע שטאַ־טען. אמת, אין דעמזעלבען ארטיקל ווערט מיט עטלאכע שורות פריהער געזאגט, אז די איינציקע בירגער וואס מען קען קריגען צו פארנעמען די שטעלען פון די ענטלאסענע איטאליענער זיינען „לאנד־ארבייטער און פארמערשע זיהן... וואס זיינען געוועהנט צו שווערע ארבייט און קליינעם ארבייטסלוין". עס קומט אוים אלזא,

אז מאנכע בירגער געהערן אויך צו דעם „געניגזאמען" סארט, כאטש זיי באלאנגען שוין גאר ניט צו די געניגזאמע נאציאנאלע גרופען. ווארים, ווי באקאנט, זיינען די מערסטע פארמערשע זיהן און לאנד־ארבייטער אמעריקאנער געבארענע פון אמעריקאנער עלטערן. ווי־דער, אין דעם סטרייק פון די קוילען־גרעבער אין קאלאראדא, האבען די איטאליענער, די סלאווען און די גריכען אפגעסטרייקט מער ווי א יאהר נאכאנאנד, — הפנים לאזען די דאזיקע נאציאנאלע גרופען יע ארגאניזירען. אבער וואס האבען מיר דא צו פרעגען קשיות? פאר אונדז איז גענוג צו וויסען, אז די „פאלקס־צייטונג" זאגט, אז די טענות פון די אימיגראנטען־פרעסער קעגען די איטאליענישע, סלאווישע, גריכישע און אנדערע נאציאנאלע גרופען, „מוזען צוגעגעבען ווערען".

ווי בערגער האט אויסגעטייטשט דעם פסוק, „פראלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט אייך", מיינט דאס ניט, אז זיי דאר־פען אלע קומען קיין מילוואקי, זיי מעגען זיך זיצען יעדערער אין זיין לאנד און זיין סאלידאריש פון ווייטען. די „ניו־יארקער פאלקס־צייטונג" געהט א שריט ווייטער. נאך איהרע רייד נויטיקט זיך די טעאריע וועגען דער אינטערנאציאנאלער סאלידאריטעט פון דעם ארבייטער־קלאס אין אז אמענדמענט ניט נאר פאר פארשידענע לענדער, אבער אפילו פאר דיזעלבע שטאט אויך: עס עקזיסטירען אינעווייניק, אין דעם ארבייטער־קלאס פארשידענע נאציאנאלע גרו־פען, וואס זייערע אינטערעסען זיינען גאר ניט סאלידאריש. פאר די אמעריקאנער בירגער לוינט זיך צו קריכען אויף די שטעלען פון די גרינע.

דער "קאלל„ האט זיך אפען געשטעלט אויף דער זייט פון די אלטע אימיגראנטען געגען די גרינע. איך וועל דא איבערזעצען ווערטליך דעם לייטארטיקעל פון דעם 4טען נאוועמבער, 1914.

„עס איז פאראן א געזעץ אין די געזעצביכער, וואס באשטימט אז אלע ארבייטער ביי עפענטליכע ארבייטען דארפען זיין אמערי־קאנער בירגער און קיין אויסלענדער טאר ניט געדונגען ווערען פאר אזעלכע ארבייט. עס איז קלאר צו לעזען פאר אלעמען. ווע־גען זיינע מעלות אדער חסרונות וועלען מיר דא גארנישט ניט זאגען. אבער דער געזעץ איז דא, עס ווערען איצטער געבויט סאב־

**וועיס און א גרויסע צאָל אויסלענדישע ארבייטער זיינען דארטען** באשעפטיקט, אין העכסטער מיסאכטונג פון דעם געזעץ. די יוניאנס פון ניו־יארק, ניט קריגענדיק קיין אויפמערקזאמקייט אויף זייערע קלאגען וועגען ביליגער ארבייט, האבען זיך געשטיצט אויף דיזען געזעץ און האבען אויפגעפאדערט די פאבליק סוירוויס קאָמישאָן, זי זאָל זאגען, צי זי קלערט צו פאָלגען דעם געזעץ. די קאָמישאָן האט ערקלערט, אז זי וועט פאָלגען. אין דעם מאָמענט אבער איז ארויסגעגעבען געוואָרען אן אינדזשאָנקשאָן, וואָס ערלויבט איהר ניט צו ערקלערען די קאָנטראקטען פאר אונגילטיק צוליב דעם ברעכען פון די נעזעצע וועגען אויסלענדישע ארבייטער. דערווייליע ארבייטען זיך די אויסלענדער ווייטער, ביז וואנען מען וועט אויסגעפינען צי דער געזעץ איז „קאָנסטיטוציאָנעל".

איך וועל איבערהיפּען א ציטאטע פון ערגעץ אַן אנדער ציי־טונג און איבערגעהן צו די ווערטער פון דעם רעדאקטאָר, וועלכער איז ניט איינפארשטאנען מיט דעם שלום פון „דעם קאפּיטאליסטישען מח, אז דער געזעץ וועגען אויסלענדישע ארבייטער איז געגען די קאָנסיטטושאָן, דארף אבגעשאפט ווערען, און די אויסלענדער דארפען ערלויבט ווערען צו ארבייטען ווייטער ביי דעם סאָבוועי".

דאָ קומט ווייטער א ציטאטע פון יענער צייטונג, וואו עס ווערט אויסגעשפּראָכען דער געדאנק „אַז יעדער מענטש, וואָס איז אריינגעלאָזען געוואָרען אהער, האָט דאָס רעכט אויפצוהאַלטען זיין פאמיליע מיט עהרלאכע ארבייט. דאָס שיינט צו זיין א בעסערע אידעע וועגען א רעגירונג, ווי דער פּלאַן פון די יוניאָנס צו מאכען אזעלכע געזעצע, אַז די אויסלענדישע ארבייטער, וואָס קומען אהער, זאָלען מוזען אַנקומען צו צדקה אָדער הונגערען".

„געוויס, עס שיינט צו זיין א בעסערע אידעע — פאר די קאפּיטאַליסטען" — רופט זיך אָב דער רעדאקטאָר פון „קאָלל" — „אָבער עס וואָלט זיי קיינמאָל ניט איינפאַלען צו ראטען די אויסלענדישע ארבייטער זיי זאָלען פאָלגען דעם געזעץ, אויב זיי ווילען האָבען זייערע שטעלען, און ווערען נאטוראליזירט, הגם עס שיינט צו זיין גרינג*). ניין, זיין ווילט זיך א קאמפף איבער.

*) אַז מען דארף אָפּ זיין פינף יאהר אין אַמעריקע, איידער מען קען נאַטוראליזירט ווערען, פארגעסט דער געזעצגליבענדער רעדאקטאָר. און אין דער צייט פון די פינף יאהר וואָס זאָלען די ענטלאסענע ארבייטער פון די סאבוועיס טאן.

דעם. יעדע זאך וואס קען ערגעץ וואו שטעלען אין סכנה זייער אבסאלוטען קאנטראל איבער דעם אנגעבאט פון ביליקע ארבייט, גע־זעץ צי ניט געזעץ, איז א זאך וואס מוז באקעמפפט ווערען ביז צום סוף. דא איז א געלעגענהייט אויסצושפילען איין טייל פון דעם גע־זעץ קעגען אן אנדערען, — דעם נאציאנאלען געזעץ, וואס עס ווערט באהויפטעט אויף א קונציקען אין קרומען אופן, אז ער איז אויף דער זייט פון די קאפיטאליסטען, קעגען דעם געזעץ פון דעם סטעיט, וואס עס קען ניט אפנעלייקענט ווערען, אז ער איז אויף דער זייט פון די ארבייטער".

ווייטער שטראפט דער רעדאקטאר די ארבייטער, פארוואס זיי נעמען ניט אוועק ביי דעם קאפיטאליסטישען קלאס „די מאכט אויסצוטייטשען דעם געזעץ": „דאס וואלט געווען סאציאליזם און פאליטישע אקציאן, און מר. גאמפערס האט פארזאגט די ארגאני־זירטע ארבייטער, אז דאס טארען זיי ניט. און כל זמן זיין ווארט איז געזעץ, בלייבט פאר די ארגאניזירטע ארבייטער גארנישט אי־בער חוץ צו לעגען זיך, ווי זיי האבען שוין אזוי אפט פריהער גע־טאן".

דער שלום איז קלאר: אויב די ארגאניזירטע ארבייטער וואל־טען ניט געפאלגט מר. גאמפערס'ן, נאר זיי וואלטען זיך באנוצט מיט „סאציאליזם און פאליטישע אקציאן", וואלט דער געזעץ קע־נען פרעמדע ארבייטער אויסגעטייטשט געווארען אזוי ווי די בריק־לייערס יוניאן פארלאנגט.

נו, לאזט זיך אויס, אין א פאר חדשים ארום, גאט צו דאנקען, אז די רעפאבליקאנער און דעמאקראטישע דזשאדזשעס האבען אויך אויסגעטייטשט דעם געזעץ אזוי ווי די סאציאליס־טישע דזשאדזשעס וואלטען עס געטאן. זיינען שוין הפנים גאמפערס מיט זיינע אדיוטאנטען פארט גערעכט, ווארים אויף דעם אופן האבען זיי געקראגען א "זיג" פאר דעם ארבייטער - קלאס, ניט ווארטענדיק ביז וואנען עס וואלט זיי געלונגען צו עלעקטען א מאיאריטעט סאציאליסטישע דזשא־דזשעס פאר דער קאורט און אפילס.

די קאורט און אפיעלס האט אגב נאר צוגעשטימט צו דער ענט־שיידונג, וואס די סופרים קאורט האט נאך מיט צוויי מאנאט צו־

דיק אפגעגעבען אין דער שטאט ניו־יארק. וועגען יענער ענטשיי־דונג האט זיך דער ארגאן פון דעם געוועזענעם סאציאליסטישען קאנגרעסמאן בערגער, דער „מילוואקי לידער", אויסגעשפראכען רע־דאקציאנעל דעם 7טען דעצעמבער, 1914, בזה הלשון:

„דיזער געזעץ איז א היבשע ביסעל פארדאמט געווארען פון יע־נע ניו־יארקער צייטונגען, וואס באגריסען אימיגראציע אלס א מי־טעל ארונטערצודריקען דעם ארבייטסלוין. זיי זיינען געוועזען זי־כער, אז די קאורטס וועלען ערקלערען, אז דער געזעץ איז געגען דער קאנסטיטושאן. אין דעם האבען זיי זיך גענארט. עס וואלט געוועזען א מאדנע זאך, אויב א סטעיט אדער א מדינה זאל ניט האבען די מאכט צו באשעפטיקען אין די עפענטלאכע ארבייטען איהרע אייגענע בירגער גיכער ווי אנדערע. ווי אזוי א מדינה דארף זיך באנוצען מיט איהר מאכט אויסצושליסען פרעמדע פון די פריי־ווילעגיעס פון בירגערטום — איז גאר אן אנדער פראגע. וואס איז שייך די ארבייטער, זיינען זייערע אינטערעסען דיזעלבע, צי זיי זיי־נען דא געבארען, צי נאטוראליזירט, צי ניט נאטוראליזירט. וואס פרעמדע וועלען ניט צוגעלאזען ווערען צו עפענטלאכע ארבייטען, וועט ברענגען א קנאפען נוצען פאר דעם אמעריקאנער ארבייטער... אונטער א געזונטען סיסטעם פון פראדוקציאן און פארטיילונג פון רייכטום, וואס מער ארבייט ווערט געמאכט פון פרעמדע, וואלט גע־ווען א סך בעסער, ווארים מער ארבייט מיינט מער רייכטום און מער רייכטום מיינט מער קאמפארט און מער פרייע צייט פאר אלע־מען".

ווי איהר זעהט, קענט איהר עס טייטשען ווי איהר ווילט. ווער עס איז געגען די באשרענקונגען בנוגע צו אימיגראנטען, קען זיך שטיצען אויף די ווערטער, אז דער דאזיקער געזעץ וועט ניט העלפען די אמעריקאנער ארבייטער. ווער עס איז קעגען אימיגראציע, קען זיך קוויקען מיט דעם פסוק, אז אימיגראציע איז א מיטעל ארונטער־צודריקען דעם ארבייטסלוין, און אז דער שטאט האט דאס רעכט צו באשטימען, אז פרעמדע ארבייטער זאלען ניט צוגעלאזען ווערען צו עפענטלאכע ארבייטען. דאס מיינט אבער ניט חלילה, אז די סאציאליסטישע פארטיי איז קעגען אימיגראציע, אדרבא, „אונטער א געזונטען סיסטעם פון פראדוקציאן און פארטיילונג פון רייכ־טום" וועט די ארבייט פון פרעמדע ארבייטער זיין א ברכה פאר אלעמען.

פון דער אנדער זייט אבער דארף מען ניט פארגעסען, אז דאס איז נאר גערעדט, ווען עס איז שוין איינגעפירט א „געזונטער סיסטעם פון פראדוקציאן און פארטיילונג פון רייכטום“, אונטער דעם איצטיקען קאפיטאליסטישען סיסטעם אבער...

דאס רופט מען אין אמעריקע „פאליטיקס“.

דער „פארווערטס“, זייענדיק א צייטונג פאר אידישע לעזער, איז ער, פארשטעהט זיך, „געוועזן ענטשידען קעגען דעם געזעץ, וואס האט פארבאטען ניט־בירגער צו ארבייטען ביי קהל׳שע ארבייט“, און איז „העכסט צופרידען וואס ער איז צוריקגערופען געווארען“. אזוי איז געשטאנען אין דעם לייטארטיקל פון דעם 15טען מארט, 1915, בנוגע צו דער אפשאפונג פון דעם געזעץ, וואס האט געפאדערט, אז אלע ארבייטער ביי שטאטישע אונטערנעהמונגען זאלען זיין אמעריקאנער בירגער. צו דער זעלבער צייט אבער, זייענדיק א יוניאן־צייטונג, שטימט ער איין מיט אלע טענות וואס „די פירער פון די קאנסערוואטיווע יוניאנס“, האבען קעגען די פרעמדע ארבייטער. אט הערט צו וואס עס שטעהט אין דעם זעלבען ארטיקל:

„אזוי ווי בירגער־ארבייטער קריגען געווענלאך העכערע וויידזשעס, ווי די גרינע איטאליענער, האבען די קאנטראקטארס אין זייערע „עסטימייטס“ פאר די קהל׳שע דזשאבס גערעכענט פאר פראסטע ארבייט דריי דאלאר א טאג, דעם יוניאן פרייז, די שטאט האט נאטירליך דיזע ציפער גע־מוזט אנעמען, און די קאנטראקטס זיינען געמאכט געווארען אויף דעם גרונד פון דיזען חשבון, אז ארבייט זאל קאסטען א גוטען יוניאן־פרייז.

„נאכדעם ווי די קאנטראקטען זיינען אונטערגעשריבען געווארען האבען זיך די קאנטראקטארס אויפ׳ן געזעץ אין גאנצען פארגעסען און האבען זיך גענומען אנשטעלען פאר די דזשאבס גרינע איטאליענער, וועלכע האבען פון געזעץ גארניט געוואוסט און וועלכע וואלטען גאר ניט געקענט טאן, ווען זיי וואלטען עס יא געוואוסט. זיי האט מען נאטירליך בעצאלט א דריטעל פון דעם פרייז, וואס די קאנטראקטארס האבען גערעכענט דער שטאט...

„וויבאלד דער גרינער ארבייטער איז צופרידען צו נעמען קלענערע וויידזשעס, איז דאס דער העכסטער פון אלע הויכע פרינציפען, אז דער קאנטראקטאר זאל די מעגלאכקייט האבען איהם צו דינגען“.

מילא, דער „פארווערטס“ גערענקט דעם פסוק: „ואהבתם את הגר כי גרים הייתם בארץ מצרים“, און עס מאכט איהם ניט אויס וואס „דער גרינער ארבייטער איז צופרידען צו נעמען קלענערע וויידזשעס“, פון זיינעטוועגען מעג זיך דער גרינער פארנעמען דעם פלאץ פון „א בירגער־ארבייטער“, וואס וואלט געקראגען דריי מאל אזוי פיעל באצאלט פאר די זעלבע מלאכה. אבער די אמעריקאנער געבארענע ארבייטער זיינען קיין מאל ניט געווען קיין גרים בארץ מצרים, און וואס איז שייך וואס דער „פארווערטס“ גלויבט ניט „דאס דער געזעץ האט א רעכט צו מאכען איין גרופע ארבייטער פאר גרעסערע יחסנים, ווי א צווייטע... דאס דערמיט וואס איין ארבייטער האט סיטיזען־פייפערס דערפאר וואס ער איז אין דיזען לאנד געווען מיט א פאר יאהר לענגער, ווי אן אנדערער, דארף ער האבען מער רעכט פאר אירגענד וועלכען דזשאב. דער „פארווערטס“ איז אין פרינציפ קעגען די איינטיילונג פון ארבייטער אין קלאסען און אין גרופען“, — טו האלט דער היינטיקער דור אמעריקאנער זעהר קנאפ פון אלע „אבסטראקטע פרינציפען“. דער כלל אז „אלע דארפען זיין גלייך“, וואס שטאמט פון דער דעקלערייששאן אוו אינדעפענדענס, ווערט היינט באטראכט פון די אמעריקאנער סאציאל־רעפארמערס פאר א „בלישטשענדיקען געמיינפלאץ“. אויב עס איז טאקע אמת, אז דער גרינער איטאליענער איז צופרידען צו נעמען א דריטל פון דעם פרייז וואס א בירגער וואלט קריגען, און אויב דאס איז דערפאר וואס די גרינע איטאליענער ווייסען ניט פון דעם געזעץ, וואס באשטימט א העכערען ארבייטסלוין. „און וואלטען גארנישט געקענט טאן, ווען זיי וואלטען עס יא געוואוסט“, קלערט ביי זיך דער אמעריקאנער ארבייטער, אז אזא אונוויסענדען און שלים'מזל'דיקען קאנקורענט דארף מען ניט דערלאזען, ער זאל קאליע מאכען דעם פרייז. איי וואס דער „פארווערטס“ זאגט צו די יוניאנס, אז אויב זיי ווילען „העלפען ער־

וועהלען געזעץ־מאכער און רעגירונגס־בעאמטע, וועלכע וועלען ווירקלאך פארטרעטען און היטען די אינטערעסען פון די ארבייטער" וועלען שוין די דאזיקע רעגירער, „לייכט קענען דורכפירען געזעצע, וואס וועלען צווינגען די קאנטראקטארס צו צאלען די ארבייטער מענטשלאכע ווייזשעס", טו איז דאך דאס וואס דער טייטש רופט צוקונפטס־מוזיק. זיץ און ווארט ביז וואנען די סאציאליסטישע פארטיי וועט האבען א מאיאריטעט אין אלבאני און וועט דורכפירען בעסערע געזעצע! כל זמן עס איז געווען א געזעץ וואס האט שוין געהאלפען דעם אמעריקאנער ארבייטער אויספירען וואס ער האט געוואלט, האט מען פארשפארט צו זוכען א בעסערען.

דער צווייטער פלאן פון „פארווערטס" — „צו ארגאניזירען אלע ארבייטער, גרינע צי ניט גרינע, בירגער צי ניט בירגער, אהן אן אויסנאהם, זיי ארגאניזירען און אויפקלערען און דורך קאמפף דערנאך געווינען די ווידזשעס צו וועלכע די ארבייטער זיינען באַרעכטיקט", — איז אויך א לאנגע מעשה. צו וואס דארף מען אזוי לאנג ווארטען און אזוי פיל מאטערען זיך, אז מען קען פראסט מאַכען א געזעץ וואס זאל ניט צולאזען דעם גרינעם צו די קהל'שע ארבייטען, וועלען די אמעריקאנער ארבייטער שוין ממילא קריגען יוניאן־ווידזשעס.

עס איז דעריבער גאנץ קלאר, אז די שטעלונג פון דעם „פאר־ווערטס" איז ניט קאסעקוועגט, און דער סאציאליסטישער „קאלל" איז גערעכט וואס ער האט זיך ארייגעווארפען אין דעם קאמפף פון די קאנסערוואטיווע יוניאן־פירערס קעגען די גרינע ארבייטער.

אמת, עס האט זיך דעמאלט געהאנדעלט מכח איטאליענער, אבער אויב עס איז א כלל, אז „בירגער־ארבייטער קריגען געוועהנלאך העכערע ווידזשעס ווי די גרינע איטאליענער", ווי עס לערנט אונדז דער אידישער ארגאן פון דעם וויסענשאפטליכען סאציאליזם, טו שטאמט דאס ענטוועדער פון אלגעמיינע עקאנאמישע אורזאכען, וואס ווירקען ביי איטאליענער פונקט אזוי ווי ביי אידען, אדער פון דעם ראסען־כאראקטער פון די איטאליענער. עס זיינען פאראי איצטער דא אין אמעריקע סאציאליסטען, ווי ערנעסט אונטערמאן, וואס שטימען איין מיט דער טעאריע אז יעדע ראסע האט איהר אייגענע נאטור, וואס פון איהר הענגט אפ דער גאנצער באנעמען זיך פון דער ראסע אין דעם געשעפטס־לעבען. די דאזיקע ראסען־

טעאָריע, איז דער פונדאַמענט פון דעם „וויסענשאַפטליכען" אַנ־טיסעמיטיזם. עס קען ניט זיין, אַז דער „פאָרווערטס" זאָל באַוואוסטערהייט איינשטימען מיט דער דאָזיקער ראַסען־טעאָריע. הייסט דאָס, אַז אין דער געשיכטע מיט די איטאַליענישע ערד־אַרבייטער, האָבען מיר צו טאָן מיט אַ וויסענשאַפטליכען געזעץ, אַז דער אַרבייטער וואָס האָט שוין געקראָגען די צווייטע פייפערס קריגט דערפאַר בעסער באַצאָלט איידער דער אַרבייטער וואָס האָט נאָך סך הכל די ערסטע פייפערס, אָדער האָט נאָך גאָר קיין פייפערס ניט גענומען. עס איז קלאָר בעשיינפערלאָך, אַז אויב עס איז פאַראַן אַזאַ כלל, מוז דאָס זיין אַן אַלגעמיינער עקאָנאָמישער געזעץ, וואָס באַשרענקט זיך ניט אויף די איטאַליענער אַליין, נאָר איז נוגע צו די אידישע אַרבייטער אויך. אויב דער „פאָרווערטס" וויל ניט זיין קאָנסעקוועגט, ווייל ער איז אַן אוהב ישראל, טו וועלען זיינע גוי'אישע גענאָסען יע זיין קאָנסעקוועגט און אַגיטירען פאַר באַשרענקונג פון אימיגראַציע בכלל, ניט נאָר פון דער איטאַליענישער אימיגראַציע.

איז עס אָבער אמת אַז די "בירגער־אַרבייטער„ קריגען העכערע שכירות ווי די גרינע? פון דעם "פאָרווערטס„ וואָלטען די אידישע אַרבייטער געמעגט זיך ריכטען, אַז ער וועט אונטערזוכען די פראַגע, איידער ער וועט איבער'חזר'ן אָהן קיין שום קריטיק די באָבע מעשיות פון די קאָנסערוואַטיווע טרייד־יוניאָניסטען. ווי די מעשה איז, האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז אין דער קורצער צייט ווען די קאָנטראַקטאָרס האָבען געמוזט אָפּשטעלען די אַרבייט צוליב דעם געזעץ געגען גרינע אַרבייטער, האָבען זיי געדונגען אַ פּאָר טויזענט בירגער וואָס האָבען זיך געשטעלט אַרבייטען פאַר די זעלבע שכירות וואָס די גרינע האָבען געקראָגען. ווען דער געזעץ וואָלט געפאָדערט, אַז די אַרבייטער ביי דעם סאָבוויי זאָלען זיין היגע געבאָרענע פון געבאָרענע אַמעריקאַנער עלטערען, וואָלט מען נאָך געקענט זאָגען, אַז די אַמעריקאַנער לעבען בעסער פאַר די גרינע, דעריבער פאַרלאַנגען זיי העכערע שכירות. אין דער אמת'ן אָבער האָט דער געזעץ נאָר געפאָדערט, אַז די אַרבייטער זאָלען זיין בירגער. דאָס הייסט, ווי אַ קאָנטראַקטאָר האָט זיך אויסגעדריקט, אַז זיי האָבען געדאַרפט איבערבייטען אַזעלכע איטאַליענער וואָס זיינען דאָ אָפּגעוועזען סך הכל פינפטהאַלבען יאָהר אויף אַנדערע איטאַליענער, וואָס זיינען שוין

דא אפגעווען גאנצע זעקסטהאלבען יאהר. די ריכטיקייט איז, אז די גאנצע טעאריע, אז דער גרינער ארבייטער קריגט וועניקער באצאלט פאר דעם אמעריקאנער, איז נאר א האלבער אמת, וואס איז אזוי גוט ווי א גאנצער ליגען. די סטאטיסטישע אונטערזוכונגען, וואס זיינען דא געמאכט געווארען אין פארשידענע צייטען, האבען געוויזען, אז דער גרינער ארבייטער פארנעמט זיך דא מיט פראסטערע ארבייט איידער דער געבארענער אמעריקאנער אדער דער אימיגראנט, וואס איז שוין לאנג אין לאנד, און פארשטעהט זיך פאר פראסטע ארבייט צאלט מען וועניקער ווי פאר בעסערע ארבייט.

וואס איז דער פועל־יוצא פון דער גאנצער מעשה ? פון א קאפיטאליסטישען שטאנדפונקט מעג דער שטאט באשטימען, אז ער וועט דינגען נאר זיינע אייגענע בירגער. וואו שטעהט דאס, אז די גרינע ערד־ארבייטער דארפען דוקא ארבייטען ביי שטאטישע פאדראדען? לאזען זיי ארבייטען ביי די אייזענבאנען, אדער אין אנדערע פריוואט־אינדוסטריען ! פון א סאציאליסטישען שטאנדפונקט אבער איז אין דערין פארוויקעלט א פונדאמענטאל פראגע. דער סאציאליסטישער פראגראם פאדערט אז די אייזענבאנען און אלע אנדערע מאנאפאליסטישע אינדוסטריען זאלען איבערגענומען ווערען פון דער רעגירונג. אלזא, הייסט עס, אז וואס מער די פאדערונגען פון דער סאציאליסטישער פלאטפארמע וועגען פארשטאטליכונג פון דער אינדוסטרי וועלען דורכגעפירט ווערען, אלץ ענגער וועט ווערען פאר דעם אימיגראנט. דאס איז א פיל ווירקזאמערער מיטעל צו באשרענקען די איינוואנדערונג ווי דער בוירנעט ביל.

9

## די סאציאליסטען און די טרעיד־יוניאנס.

עס זיינען פאראן א סך טרעיד־יוניאנס, וואס דאס רוב פון זייערע מיטגלידער זיינען סאציאליסטען און די אדמיניסטראציע זייערע ליגט אין סאציאליסטישע הענט. זייערע פארטרעטער קומען צו די קאנווענשאנס פון דער אמעריקאן פעדערעישאן אוו לעיבאר, וואס איז די הויפטקראפט אין דער אגיטאציע פאר די באשרענקונג פון אימיגראציע. דארטען האט זיך זיי געבאטען א געלעגענהייט אנצונעמען א שטעלונג אין דער פראגע, און זיי האבען

מיט זייער שווייגען געהאָלפען אין דער אגיטאציע פאר באשרענ־קונג פון איינוואנדערונג.

דער אמת איז אז אפילו די אידישע יוניאן־פירערס קוקען אויף אימיגראציע מיט די אויגען פון זייערע "עכט־אמעריקאנער„ חברים. אין 1898 האָט דער ניו יארקער דעפּארטמענט אוו לעיבאר ארויס־געשיקט אָנפראגען צו די סעקרעטערע פון אלע יוניאָנס, וואָס זיי דענקען וועגען איינוואנדערונג. דער סעקרעטער פון דער קלאוקמא־כער יוניאָן האָט געענטפערט, אז אימיגראציע איז שעדלאך פאר די ארבייטער, מחמת די גרינע שטערען דער יוניאן אויפצוהאלטען די פרייזען פון דער ארבייט.

אין דעם זעלבען זין האָט זיך אויסגעדריקט מר. מאקס פיין, א פירער פון די פעראייניקטע אידישע געווערקשאפטען און א מיטגליעד פון דער סאָציאליסטישער פארטיי אין אן ארטיקל אין דער „צוקונפט“.

דער באקאנטער רוסישער שרייבער באזראוו, וואָס חתמ'עט זיך „סאָן“, וועלכע איז אין 1903 געווען דאָ אין אמעריקע, האָט דערצעהלט אין א פעליעטאָן אין א רוסישער צייטונג זיין געשפּרעך איבער אימיגראציע מיט א פירער פון דער קלאָוקמאכער יוניאָן, וועלכער פארנעמט נאָך היינט אויך א וויכטיקען פּלאַץ אין דער אידישער טרייד־יוניאָניסטישער באוועגונג און איז אויך א מעמבער פון דער „פאָרווערטס“־פעדערעישאָן. ווי טאָן דערצעהלט האָט ער געזאָגט, אז די גרינע אימיגראנטען זיינען א גרויסע שטע־רונג אין דער אידישער ארבייטער־באוועגונג: קאָם געלינגט עס צו אָרגאניזירען די ארבייטער און אביסעל צו פארבעסערען זייער לאגע, קומען די גרינע און פילען אָן די אונאָרגאניזירטע שעפּער, וואו מען ארבייט אונטער'ן פרייז. דעריבער איז ער געווען ענטשידען פאר באשרענקונג פון דער איינוואנדערונג. טאָן האָט ביי איהם געפרעגט, ווי שטימט דאָס מיט זיין אינטערנאציאָנאלער סאָלידארי־טעט, האָט ער געענטפערט: „אז איינער קומט און וויל ביי מיר אוועקנעמען מיין שטיקעל ברויט, טו מוז איך זיך וועהרען געגען אהים„.

אז אידישע סאָציאליסטישע יוניאָן־פירערס דענקען אזוי, טו איז דאָך גאנץ נאטירליך אז זייערע ניט־אידישע גענאָסען זאָלען גלויבען, אז יעדער איינוואנדערער, וואָס קומט קיין

אמעריקע, פארנעהמט דעם פלאץ פון אן אמעריקאנער ארבייטער, — אזוי האט זיך אויסגעדריקט ביי א פארהער פאר דער קאמיטע פון קאנגרעס דער פארטרעטער פון די אייזענבאהן־ארבייטער ראו, — אגב א כאציאליסט, א געוועזענער קאנדידאט פון דער סאציאליסטישער פארטיי פאר'ן קאנגרעס פון קענסאס־סיטי.

די פראגע וועגען אימיגראציע איז זעהר שארף געשטעלט געווארען ביי די קאנווענשאנס פון דער אמעריקאן פעדערעישאן אוו לעיבאר אין פילאדעלפיא אין 1914 און אין סאן־פראנציסקא אין 1915. באלד נאך דער פילאדעלפיער קאנווענשאן האט דער בוירנע ביל געגען איינוואנדערונג געדארפט פארקומען פאר'ן קאנגרעס צום ערסטען מאל אין פרעזידענט ווילסאן'ס אדמיניסטראציע. און ביי דער קאנווענשאן אין סאן־פראנציסקא האבען די יוניאנס געדארפט אויסשפרעכען זיך געגען פרעזידענט ווילסאן'ס וועטא פון יענעם ביל און אויפמונטערן קאנגרעסמאן בוירנעט נאך א מאל אריינצוברינגען זיין ביל אין קאנגרעס. די אמעריקאן פעדערישאן איז ניט קיין סאציאליסטישע קערפערשאפט, אבער צווישען די דעלעגאטען פון די יוניאנס געפינען זיך אימער א סך אקטיווע און פראמינענטע סאציאליסטען. וואס איז זייער שטעלונג צו דער פראגע ?

ביי דער קאנווענשאן פון דער אמעריקאן פעדערעישאן אוו לעיבאר אין 1914 אין פילאדעלפיע איז די פאדערונג צו באשרענקען די איינוואנדערונג איינשטימיק אנגענומען געווארען. אין דער אפשטימונג האבען זיך באטייליקט די דעלעגאטען פון דער אינטערנעשאנאל ליידיס גארמענט ווארקערס יוניאן. דאס איז א פערבאנד פון אידישע, איטאליענישע און א קליינע צאל פוילישע און רוסישע ארבייטער. ביי איהר קאנווענשאן אין קליוולענד מיט עטלאכע מאנאט פריהער האט זי אנגענומען א רעזאלוציע פאר פרייע איינוואנדערונג און באאויפטראגט איהרע דעלעגאטען פארצוברענגען די רעזאלוציע פאר דער קאנווענשאן פון דער א. פ. אוו ל. ביי דער קאנווענשאן אין פילאדעלפיע אבער האבען איהרע דעלעגאטען קיין ווארט ניט געזאגט וועגען זייער רעזאלוציע אדער וועגען אימיגראציע בכלל. פרעזידענט שלעזינגער האט ערקלערט אין דעם „פארווערטס", אז די פראגע איז נאר דערמאנט געווארען אין דעם יעהרלאכען באריכט פון דער פעדערעישאן און די דעלעגאטען האבען נאר געהאט די

געלעגענהייט צו שטימען ענטוועדער פאר דעם גאנצען באריכט אדער קעגען דעם גאנצען באריכט, דאריבער האָבען די דעלעגאטען פון זיין אָרגאניזאציע געפונען פאר דיפּלאָמאטישער ניט אויפצוהויבען קיין "אישו„ וועגען אימיגראציע, און זיי האָבען געשטימט פאר דעם בעריכט.

ביי דער נעקסטער קאָנווענשאָן פון דער אמעריקאן פעדערעישאָן, וואָס איז אָפּגעהאלטען געוואָרען ביי דער וועלט־אויסשטעלונג אין סאַן־פראַנציסקאָ אין נאָוועמבער 1915, האָבען די דעלעגאטען געדארפט שטימען דירעקט פאר אָדער געגען א רעזאָלוציע צו אונטערשטיצען דעם בוירנעט־ביל געגען אימיגראציע.

אין דער גאנצער פּרעסע איז באריכטעט געוואָרען, אז די רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרען איינשטימיק. דאָס האָט ארויסגערופען א שארפע קריטיק אין דער אידישער סאָציאליסטישער פּרעסע געגען די אידישע דעלעגאטען, וואָס זיינען געוועזען ביי דער קאָנווענשאָן.

איינער פון זיי, מר. פאליאקאָוו, האָט געענטפערט אין "פארווערטס", אז זיי האָבען געשטימט געגען דער רעזאָליוציע, דער סאָציאליסטישער אסעמבלימאן פון ניו־יארק, מר. אברהם שיפּליאקאָוו, פארלאזענדיק זיך אויף מר. פאָליאקאָוו'ס ערקלערונג, האָט ביי א פארהער פאר דער קאָמיטע פון דעם קאָנגרעס איבער אימיגראציע געלייקענט, אז די רעזאָלוציע צו אונטערשטיצען בוירנעט'ס ביל איז אָנגענומען געוואָרען איינשטימיק. אָבער סעקרעטער מאָריסאָן פון דער אמעריקאן פעדערעישאָן האָט איהם אויף'ן שטעל געענטפערט אז אין דעם פּראָטאָקאָל פון דער קאָנווענשאָן איז עס ניט פארשריבען. די פארטרעטער פון דער יוניאָן האָבען געהאט פאר זיך א קאָפּיע פון דעם סטענאָגראפישען באריכט א פּאָר טעג נאָך דער אָפּשטימונג. אויב זיי האָבען ניט געהאט קיין צייט צו פארריכטען דעם "טעות„ נאָך איידער די קאָנווענשאָן האָט זיך געשלאָסען, האָבען זיי עס באלד געקענט טאָן דורך אן אפיציעלען בריעף צו דער עקזעקוטיווע פון דער א. פ. אָוו ל.„ דאָס האָבען זיי אָבער ניט געטאָן. דער אמת איז, אז זיי האָבען זיך ניט באַנוצט מיט די מיטלען, וואָס זיי האָבען געהאט צו "רעקאָרדען„ זייערע שטימען דאגעגען.

ווען דער סאָציאליסטישער דעלעגאט פון די מיינערס, אדאָלף גערמער, האָט געוואָלט שטימען געגען דער ערוועלונג פון גאָמ־

פערס׳ן, האט ער געפאדערט, אז זיין שטימע זאל איינגעשריבען ווער־
רען דאנעגען אין דעם פּראטאקאל. דאס זעלבע האבען געקענט
טאן די דעלעגאטען פון דער לעדיס גארמענט ווארקערס יוניאן
אין דער פראגע וועגען אימיגראציע. דאס האבען זיי פארפעלט
צו טאן. דערנאך האט מען זיך גע׳פּלפּול׳ט פאר די לעזער פון
„פארווערטס“, אז חיות ווי עס שטעהט דאך ניט אין פּראטאקאל,
אז די רעזאלוציע איז אנגענומען געווארען איינשטימיק, איז דאך
דאס א סימן, אז זי איז ניט אנגענומען געווארען איינשטימיק, —
והא ראיה, אז ווען א באשלוס איז יע אנגענומען געווארען איינשטי־
מיק, שטעהט אז ער איז אנגענומען געווארען איינשטימיק. דער־
פון איז געדרונגען, אז זיי האבען טאקע יע געשטימט געגען דער
רעזאלוציע.

לאז זיין אזוי, אבער די דעלעגאטען פון דער לעדיס גאר־
מענט ווארקערס יוניאן זיינען ניט געווען די איינציקע סאציאליס־
טישע דעלעגאטען ביי דער קאנווענשאן. די אנדערע האבען אפילו
ניט פּרובירט צו לייקענען, אז זיי האבען ניט געשטימט געגען
דער רעזאלוציע.

די פראגע וועגען געלער איינוואנדערונג האט געשאפען א
דראמאטישע סצענע ביי דער קאנווענשאן. די ארגאניזירטע ארביי־
טער פון יאפּאניע האבען געשיקט צוויי “ברידערלאכע דעלעגאטען„
(„פראטווירנאל דעלעגעיטס“) צו דער קאנווענשאן. שפּעטער איז
אין דער “אינטערנעשאנאל סאשאליסט רעוויאו„ און אין אנדערע
סאציאליסטישע צייטונגען און צייטשריפטען ערשינען א מעשה,
אז די דעלעגאטען זיינען גאר ניט געווען קיין פארטרעטער פון
אן אמת׳ער ארבייטער־ארגאניזאציע. איך האב אבער געהערט די
איינצעלהייטען וועגען דער דעלעגאציע ביי א לאנטש פון דעם
טווענטיעטה סענטשורי קלאב אין באסטאן פון דר. גיוליק, דעם
אמעריקאנער פּראפעסאר אין יאפּאניע, וועלכער האט אליין צו־
זאמענגעבראכט דעם שידוך. ער האט דערצעהלט אז אום צו שא־
פען א פריינדשאפטליכע שטימונג צווישען די פאראייניקטע שטא־
טען און יאפּאניע האט ער פארגעשלאגען אין יאפּאניע אז די יא־
פּאנעזישע יוניאנס זאלען שיקען דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן
פון דער אמעריקאן פעדערייטשאן אוו לעיבאר. זיי זיינען אנגעקומען
אין סאן־פראנציסקא אין מאנאט יול, דאס הייסט פיער מאנאט
פאר דער קאנווענשאן. ער האט זיי פארגעשטעלט פאר שארענ־

בערג׳ן, דעם יוניאן־פירער און סעקרעטער פון דעם אנטי־אזיא־טישען פערבאנד. אין סעפּטעמבער זיינען זיי געווען אין וואַ־שינגטאָן און האָבען אָפּגעשטאַטעט א וויזיט ביי דער עקזעקוטי־ווע פון דער אמעריקאן פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר. די קרעדענשאַלס קאָמיטע האָט אַלזאָ געהאט גענוג צייט צו אינטערזוכען, צו זיי פארטרעטען אן אמת׳ע ארבייטער־ארגאניזאציע, צי ניט. אין איהר באריכט פאר דער קאָנווענשאָן האָט די קרעדענשאַלס קאָמיטע ניט מסופק געווען זייער רעכט בעטראכט צו ווערען פאר דעלעגאטען פון אן ארבייטער פערבאנד. איהר באשלוס בנוגע צו זיי האָט זיך דעריבער געשטיצט אויף אַנדערע גרינדע. ווי די קאָנווענשאָן פון דער אמעריקאן פעדערעישאָן האָט זיי אויפגענומען, וועל איך דאָ איבערגעבען כמעט וואָרט פאר וואָרט פון די סטענאָגראפישע פּראָטאָקאָלען פון איהרע זיצונגען.

ביי דער ערסטער זיצונג, מאָנטאג אין דער פריה, דעם 8טען נאָוועמבער, האָט די קרעדענשעלס קאָמיטע באריכטעט, אז עס זיי־נען פאראן "זיבען (7) ברידערלאַכע דעלעגאטען, און די קאָמיטע רעקאָמאַנדירט, אז מען זאָל די פאָלגענדע אַנידערזעצען" (דאָס איז דער אָפיציעלער ענגלישער פּאַרלאַמענטארישער אויסדרוק, — דאָס הייסט, זיי זאָלען אָנגענומען ווערען אלס דעלעגאטען). ווייטער פאָלגען די נעמען פון די אָרגאניזאציעס און פון די דעלעגאטען :

פון דעם בריטישען טרייד־יוניאַן־קאָנגרעס — צוויי (2) דעלעגאטען מיט צוויי (2) וואוטס, פון דעם קענעדער טרייד ענד לייבאָר קאָנג־רעס — איין (1) דעלעגאט מיט איין (1) וואוט, פון פרויען ארביי־טער־אָרגאניזאציאנען — צוויי (2) דעלעגאטען אָן וואוטס, און פון דעם "פעדערעיטעד קאָנסיל אָף דהי טשוירטטשעס אָף קריסט„ — אויך צוויי (2) דעלעגאטען, אויך אָן וואוטס. דאָס מאכט אויס צוזאמען די גאנצע זיבען (7) „ברידערליכע דעלעגאטען", וואָס יע־דער פון זיי האָט געקראָגען א „זיץ" ביי דער קאָנווענשאָן, דריי מיט שטימרעכט און פיר אָן שטימרעכט, אָבער מיט אַלע אַנדערע רעכ־טען פון דעלעגאטען, דאָס הייסט מיט דעם רעכט צו באטייליגען זיך אין די דעבאטען. באלד נאָך דער ליסט פון די דעלעגאטען, איינ־שליסענדיג די דאָזיקע זיבען „פראַטוירנאַל דעלעגאַטס", קומט דער פאָלגענדער פונקט :

"מיר האָבען באקומען קרעדענשעלס פון ב. סוזוקי און ס.

אַשימאַטסו פון יאפּאַן, וועלכע רעפּרעזענטירען דעם פּריינדלאַכען פאַרבאַנד פון די ארבייטער פון יאפּאַן. מיר רעקאָמאַנדירען אז די גאַסטפּריינדלאַכקייט (קוירטסי) פון דער קאַנווענשאַן זאָל זיי געוויזען ווערען, מיט דער געלעגענהייט אויסגעהערט צו ווערען צו ערגעץ א פּאַסענדער צייט.„

“טשערמאַן באַשער פון דער קאָמיטע האָט געמאַכט דעם פאָר־שלאַג, אַז דער באַריכט פון דער קאָמיטע זאָל אָנגענומען ווערען. דער פאָרשלאַג איז אונטערשטיצט געוואָרען און איז אָנגענומען גע־וואָרען מיט אַן איינשטימיקען וואוט”.

צוויי פאַקטען זיינען גאַנץ קלאָר:

ערסטענס, זיינען די דעלעגאַטען פון יאפּאַן ניט אריינגערע־כענט געוואָרען צווישען די זיבען “ברידערלאַכע דעלעגאַטען„ זיי זיינען ניט אויפגענומען געוואָרען אויף די זעלביקע “פּראַווועס„ ווי די דאָזיקע זיבען, מען האָט פון זיי געמאַכט א באַזונדערע קאַ־טעגאָריע;

צווייטענס, האָבען זיי ניט געקראָגען דאָס רעכט צו באַטיי־ליקען זיך אין אַלע פערהאַנדלונגען פון דער קאָנווענשאַן, ווי עס האָבען געקראָגען די ברידערלאַכע דעלעגאַטען פון די קריסטלאַכע טשווירטשעס, נאָר מען האָט באַשלאָסען זיי “אויסצוהערען„ אין א בעשטימטער צייט, ווען די קאָנווענשאַן וועט געפינען פאַר פּאַ־סענד.

דעם דריטען טאָג פון דער קאָנווענשאַן, נאָכדעם ווי מען האָט אויסגעהערט די באַריכטען פון די קאָמיטעס, האָט דעלעגאַט העיז געמאַכט דעם פאָלגענדען פאָרשלאָג:

“איך מאַך צום פאָרשלאַג, אַז מיר זאָלען געבען דאָס וואָרט די דעלעגאַטען פון דעם בריטישען טרייד־יוניאַן־קאָנגרעס„.

דער פאָרשלאָג איז איינשטימיק אָנגענומען געוואָרען און די דעלעגאַטען האָבען געקראָגען דאָס וואָרט. דאָס איז געווען פאַר־מיטאָג. ביי דער נאָכמיטאָגדיקער זיצונג האָט צו ערסט גערעט דער ברידערלאַכער דעלעגאַט פון די קענעדער יוניאַנס, אויך אָן קיין שום פאָרשטעלונגס־רעדע. נאָך איהם האָט דער פאָרזיצענדער גע־האַלטען א קורצע אַנשפּראַכע צו דער קאָנווענשאַן אין וועלכער ער האָט דערצעהלט, אז לעצטען סעפּטעמבער האָבען זיך געמעלדעט צו דער עקזעקוטיווע פון דער “אַמעריקאַן פעדערעישאָן אָף לייבאָר„

די צוויי דעלעגאטען פון די ארגאניזירטע ארבייטער פון יאפאניע און האבען געבעטען, מען זאל זיי געבען די געלעגענהייט צו רעדען פאר דער קאנווענשאן. די קרעדענשעל קאמיטע האט באשלאסען זיי אויפצונעמען, און איצטער גיט ער זיי דאסווארט. די גאנצע איינלייטונג מאכט דעם איינדורק, אז ער פארענטפערט זיך פאר דער קאנווענשאן, וואס ער גיט זיי דאס ווארט.

מען מעג דערמט ברענגען אין צוזאמענהאנג די רעזאלוציע נומער 28, וואס איז אריינגעבראכט געווארען אין דער קאנווענשאן פון דער לאונדרי ווארקערס אינטערנעשאנאל יוניאן און לויטעט אזוי :

"עס איז די פליכט פון דעם פאלק אפצוהאלטען זיך פון פאט־ראניזירען אדער באשעפטיגען אזיאטען אויף וועלכער עס איז ארט.„

אין סאן־פראנציסקא, דארפט איהר וויסען, באיקאטירען שוין די יוניאנס אלע געלע ארבייטער. זיי האבען זיך געווענדעט צו די יוניאנס, מען זאל זיי אריינגעמען פאר מעמבערס, אבער מען לאזט זיי ניט צו צו ווערען יוניאן־לייט.

עס איז גאנץ פארשטענדליך, אז ווען מען באיקאטירט אזיא־טישע ארבייטער און האנדעלסלייט, דארף מען האבען א תירוץ, פאר וואס מען לאזט צו די דעלעגאטען פון אזיאטישע ארבייטער.

סוזוקי, דער פרעזידענט פון די צען טויזענט (10,000) אר־גאניזירטע ארבייטער פון יאפאניע האט אין זיין רעדע געזוכט צו ערקלערען די צעכאווע אמעריקאנער יוניאן־לייט דעם פרינציפ פון אינטערנאציאנאלער סאלידאריטעט פון די ארבייטער. איך וועל דא איבערזעצען א טייל פון זיין רעדע :

איך האב געלערענט אין יאפאן אז עס זיינען ניטא קיין נא־ציאנאלע גרעניצען אין דער ארבייטערשאפט. דער ארבייטער איז אן ארבייטער פאר דער וועלט, פאר דער מענשהייט. ניט די הויכע בערג, ניט די ברייטע ימים קענען צורייסען די אמת'ע פריינטשאפט פון די וועלט־ארבייטער. די ארבייטער האבען דיזעלביקע שונאים און די זעלביקע אינטערעסען. מיר, די ארבייטער פון דער וועלט מוזען מארשירען פארווערטס און דערגרייכען אונזער אלגעמיינעם ציל, אן אונטערשיד פון ראסע, רעליגיאן און נאציאנאליטעט . . . פאראורטייל איז דער שונא פון דעם ארבייטער. מיר דארפען אר־בייטען אלע צוזאמען, מיט א קלארער פארשטענדיקונג און ווארע־

מער פריינטשאפט„.

זיי זיינען נאאיווע אידעאליסטען, די יונגע פיאנערען פון דער אזיאטישער ארבייטער־בעוועגונג. די ווערטער וואס בעגייסטערען זיי, זיינען "פארגעסענע ווערטער„ ווי דער רוסישער סאטיריקער סאלטיקאוו דריקט זיך אויס, — פארגעסענע ווערטער אפילו פאר די מערסטע סאציאליסטען, ווי די איצטיקע מלחמה האט געוויזען — וואס־זשע זאל מען זיך וואונדערען אויף די קאנסערוואטיווע אמעריקאנער טרייד־יוניאנס ?

די "אמעריקאן פעדעריישאן אף לייבאר„ איז ביי דער היגער סאציאליסטישער פארטיי "ווי א געליבטער זון ביי זיינע עלטערען, וועלכע פירען זיך ניט ווי זיי וואלטען געוואונשען„. מען רעט זיך איין, אז די פעדעריישאן אף לעיבאר איז "די נאטירליכע אר־בייטער־ארגאניזאציאן„ אויף וועלכער אלע סאציאליסטישע "אי־דעאלען און האפנונגען זיינען געבויט.... אפילו ווען זיי זיינען נאך ניט איינגאנצען ביי זייער בעוואוסטזיין„ מוזען זיי "ארויפקור־מען אויפ'ן ריכטיקען וועג. עס ליגט אין זייער נאטור„. אזוי איז געשטאנען אין דעם אידישען "פארווערטס„.

וואסזשע האבען די פארטרעטער פון די סאציאליסטישע "אי־דעאלען און האפנונגען„ ביי דער קאנווענשאן געטאן צו ברינגען זייערע "געליבטען זון„ צו זיין "בעוואוסטזיין„ ? לויט דעם אפי־ציעלען סטענאגראפישען פראטאקאל איז דער באריכט פון דער קרעדענשאלס־קאמיטע איינשטימיק גוט - געהייסען געווארען דאס הייסט, די אידישע דעלעגאטען פון ער אינטער־ניישאנאל לידיס גארמעט וואירקערס, מר. שלעזינגער און מר. פאליאקאוו, האבען אויך געשטימט, אז מען זאל די פארטרעטער פון די ארבייטער פון יאפאן ניט אנערקענען פאר "ברידער„. זיי זיינען אבער ניט געוועזען די איינציקע, וואס האבען צוגעשטימט צו דער ערקלערונג, אז די ארגאניזירטע ארבייטער פון די פאראייניק־טע שטאטען אנערקענען ניט די ארגאניזירטע ארבייטער פון יא־פאניע פאר זייערע "ברידער„. פאר די רעזאלוציע האט אויך גע־שטימט אדאלף גערמער, א פראמינענטער דייטשער סאציאליסט און א פארטרעטער פון די ארבייטער אין די קוילען־גרובען, וואס דאס איז אן ארגאניזאציע פון איינגעוואנדערטע סלאווישע, אי־טאליענישע און גריכישע ארבייטער.

**די דעלעגאטען פון די דייטשע ברויערײ־ארבייטער, ספעציעל**

פון מילוואקי, רעכענען זיך אויך פאר סאציאליסטען, און זיי האבע: אויך געשטימט פאר דעם רעפארט פון דער קרעדענשעל קאמיטע. פאר דעם רעפארט האט אויך געשטימט אזא אויסגעשפראכענער סאציאליסט ווי מאקס העיז. צווישען די דעלעגאטען איז אויך געווען רזשאנסאן, א סאציאליסט, וואס מיט זיין וואהל פאר פרעזידענט פון די מאשיניסטען אויפ׳ן שטעל פון אקאנעל׳ן האבען זיך בשעת מעשה אלע סאציאליסטען אזוי משמח געווען. בקיצור, עס איז זיכער געווען ביי דער קאנווענשאן א גאנץ היבשע סאציאליסטישע מינאריטעט, און די מינאריטעט האט צוגעשטימט צו דער ערקלערונג, אז די אמעריקאנער ארבייטער אנערקענען ניט זייער סאלידאריטעט מיט די ארבייטער פון יאפאניע.

דער טעלעגראפישער באריכט איבער דער קאנווענשאן וואס איז ערשינען אויף מארגען אין אלע אמעריקאנער צייטונגען האט אויפמערקזאם געמאכט אויף דעם קאנטראסט פון דער האנדלונג פון דער קאנווענשאן בנוגע צו די דעלעגאטען פון די ארגאניזירטע ארבייטער פון יאפאניע מיט דער אויפנאמע פון די "ברידערלאכע דעלעגאטען" פון אמעריקאנער קירכען. די קאנווענשאן האט זיך אלזא געהאלטען פאר סאלידאריש מיט אמעריקאנער גלחים און פאר ניט סאלידאריש מיט די ארגאניזירטע ארבייטער פון די מזרח לענדער.

ווי איהר געדענקט, באלד נאך דעם שטוטגארטער אינטערנאציאנאלען קאנגרעס, האט בערגער ערקלערט, אז "ארבייטער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך" מיינט ניט זיי זאלען אלע קומען פאראייניקען זיך אין אמעריקע, — זיי מעגען זיך זיצען יעדערער ביי זיך אין דער היים, אין מילוואקי און אין טאקיא, און זיין סאלידאריש פון דער ווייטען. די סאציאליסטען, וואס האבען פארטראטען זייערע יוניאנס ביי דער קאנווענשאן אין סאן־פראנציסקא, זיינען געגאנגען איין שריט ווייטער: זיי האבען ערקלערט, אז זיי זיינען לחלוטין ניט סאלידאריש מיט די ארבייטער פון טאקיא, און ווילען זייערע פארטרעטער אפילו ניט אויפנעמען אלס ברידערלאכע רעלעגאטען.

געדענקט, עס איז ניט געגאנגען אום די איינגעוואנדערטע

יאפאנעזער ארבייטער, וואס געפינען זיך שוין דא, נאר אום יענע, וואס האבען זיך ארגאניזירט ביי זיך אין דער היים צו פירען א קאמפף דארטען פאר בעסערע ארבייטס־באדינגונגען. דאכט זיך, פון דעם קורצזיכטיקסטען און ענגהערציקסטען שטאנדפונקט האט גע־דארפט אויסקומען, אז די אמעריקאנער ארבייטער זיינען פאר־אינטערעסירט צו שטיצען מאראליש די ארגאניזירטע ארבייטער פון יאפאניע.

מילא, דא קען מען פאר זיי פארשפארען די טיר מיט דער הילף פון די הינגע פאליטישע פריינט פון דער אמעריקאן פעדעריי־שאן אוו לעיבאר. אבער יאפאניע פראדוצירט דאך וואַרען, וואס ווערען אימפארטירט אהער אויך, עס איז גענוג געווען זיך דורכצו־געהען איבער דער אויסשטעלונג צו זעהען דעם מערקווירדיקען פארט־שריט פון דער אינדוסטרי אין יאפאניע. דער טאריף, וואס איז גע־מאכט געגען אייראפעאישע וואַרען, וועלכע ווערען פראדוצירט מיט העכער באצאלטע ארבייטער, קען ניט פארצאמען דעם וועג פאר יאפאנישע וואַרען, וואס ווערען פראדוצירט מיט ביליקערע ארבייט אויף יענעם זייט פון דעם שטילען אקעאן. ווען די שכירות פון די ארבייטער וועלען געהעכערט ווערען אין יאפאניע, וועט דאך זייער קאנקורענץ ניט זיין אזוי געפערלאך פאר די אמעריקאנער ארבייטער אויף דעם אמעריקאנער וואַרען־מארק.*

אבער וואס טויגען די טענות ? אז די פאליטישענס פון דער סאציאליסטישער פארטיי, וואס זוכען צו "בארען פון אינוועניק„ אין דער אמעריקאן פעדערעישאן אף לעיבאר, וועלען מיט די קאנ־סערוואטיווע יוניאנס צוליב אימיגראציע ניט איינרייסען.

---

*) איך רעד שוין ניט פון דעם וועלט־מארק, איבער וועלכען די אמעריקא־נער קאפיטאליסטען און די אמעריקאנער ארבייטער האבען קיין געזעצלאכע מאכט ניט און וואו זיי קענען ניט פראטעקטען זיך מיט קיין טאריף געגען יאפאנישע קאנקורענץ. די אמעריקאנער אינדוסטרי פראדוצירט נאך דערווייל זעהר ווייניק פאר דעם אויסלענדישען מארק, און די פארטרעטער פון די אמעריקאנער ארגא־ניזירטע ארבייטער קוקען ניט אריין אין דער צוקונפט, אבער ווען איהר ווילט באטראכטען די פראגע פון א סאציאליסטישען שטאנדפונקט, טו מוזט איהר אויס־רעכענען, וואס וועט ארויסקומען אין צען - צוואנציק יאהר ארום. און אין צוואנציק יאר ארום וועט יאפאניע האבען א גרויסע קאפיטאליסטישע אינדוס־טרי מיט פרעמדע קאפיטאלען.

## 10. שלום.

מיר קענען איצטער מאכען דעם סך הכל פון דער שטעלונג פון דער אמעריקאנער סאָציאַליסטישער פארטיי צו אימיגראציע: מיט קנאפּע אויסנאמען, שטעהט זי פאר די באשרענקונג פון איינ־וואַנדערונג. ניט אינטערנאַציאָנאלע סאָלידאַריטעט, נאָר העגעמאָניע פון דעם אמעריקאנער ארבייטער־קלאס אין דעם ארבייטס־מארק פון דער וועלט. נידער מיט די בייזע חלומות פון קאַרל מארקס׳ן. עס לעבע סאמיועל גאָמפּערס!

די אמעריקאַנער אַרבייטער גלויבען אז ווען עס קומען אריין אהער מיליאָנען נייע מענטשען, טו מוזען די וואָס זיינען שוין דאָ פריהער געווען, צורוקען זיך איינער צו דעם אַנדערען ענגער, ווי אין אַ קאר, כדי צו מאַכען פּלאַץ פאר די אָנגעקומענע. עס איז די אַלטע טהעאָריע פון מאַלטוס׳ן, אז די לעבענסמיטעל וואקסען ניט אזוי גיך, ווי די עופה׳לאך. די סאָציאַליסטען האָבען קיינמאָל ניט געהאַלטען פון מאַלטוס׳עס טעאָריע. קאַרל מארקס האָט באוויזען, אז די איבערבאפעלקערונג האָט גאָרנישט צו טאָן מיט דער צאָל איינוואוינער. כל־זמן די קאפּיטאַליסטישע אינדוסטרי איז ניט אין גאנצען רעוואָלוציאָנירט געוואָרען, מוז זי פּראָדוצירען אן ארמעע ארבייטסלאָזע, צי מיט אימיגראציע, צי אָהן אימיגראציע.

דער אינטערנאַציאָנאלער סאָציאַליזם איז דער וויי־סענשאפטליכער אויסדרוק פון דעם באפרייאונגס־קאמפף פון דעם אַרבייטער־קלאָס, — דער אינטערנאַציאָנאלער סאָציאליזם שליסט איין יעדע פּאָרטגעשריטענע פּאָדערונג פון דעם אַר־בייטער קלאָס, — געדענקט: יעדע פּאָרטגעשריטענע. דער אַר־בייטער־קלאָס קען אָבער שטעלען רעאַקציאָנערע פּאָדערונגען אויך. אונטערשטיצען דעם עקאָנאָמישען קאמפף פון די ארבייטער הייסט ניט אונטערצו׳חנפ׳ענען זיך צו די אַרבייטער אום יעדען פּרייז, ווען זיי שטעלען רעאקציאָנערע פּאָדערונגען. דער קלאסישער ביישפּיל פון רעאקציאָנערע ארבייטער־פּאָדערונגען איז דער קאמפּף פון דעם האַנט־ארבייטער געגען די מאשין. די סאָציאַליסטען האָבען קיינמאָל ניט אונטערשטיצט אָט די פּאָדערונג פון די ארבייטער.

אָ יוניאָן באשטעהט אויך ניט פון מלכים, נאָר פון זינדיקע מענ־שען, און ווען זיי האָבען די מעגליכקייט, קענען זיי מאכען פון אַ יוניאָן אַ פּארצייטיקען צעך, ווי די צעכען פון די מייסטערס

אין רוסלאַנד. אַ פאַרשלאָסענע יוניאָן, ווי מיר האָבען זיי דאָ אַ סך אין אַמעריקע, איז אַ צעך, אַ מאָנאָפּאָליסטישע אָרגאַניזאַציע. זי האַלט צוריק די אָרגאַניזירונג פון דעם אַרבייטער־קלאַס. וואָרים זי וויל ניט אַריינלאָזען אַ טייל פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין די רייהען פון דער אָרגאַנאיזירטער אַרבייטערשאַפט. זי צווינגט זיי צו ווערען סקעבס, וואָרים דאָס איז זייער איינציקער מיטעל צו מאַכען אַ לעבען, ווען די יוניאָן לאָזט זיי ניט צו צו דער אַרבייט.

די טרעיד־יוניאָנס אין די סויטה לאָזען ניט אַריין קיין שוואַרצע אַרבייטער; אין 1908 זיינען ווייסע אייזענבאַן אַרבייטער אַרויס אין אַ סטרייק צו צווינגען אַן אייזענבאַן קאָמפּאַניע אין דזשאָרדזשיא צו ענטלאַסען די שוואַרצע קאָטשעגאַרען.

דערזעלבער צעכאָווער גייסט האָט געפונען זיין אויסדרוק אין די ראַנגאַטקעס וואָס די אָרגאַניזירטע אַרבייטער האָבען אויסגעבויט מיט הילף פון די פּאָליטישענס אין קאָנגרעס קעגען די איינוואַנדערונג פון פרעמדע אַרבייטער.

דער אַרויסטריט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי נעגען אימיגראַציע האָט זיך פון אָנהויב געריכטעט נאָר געגען אַזיאַטישע איינוואַנדערונג. דער תירוץ איז געווען, אַז די אימיגראַנטען פון אייראָפּאַ קען מען אָרגאַניזירען, ווערהענד די אַזיאַטישע אימיגראַנטען, און בכלל יענע וואָס קומען פון לענדער, וואו דער קאַפּיטאַליזם איז שוואַך ענטוויקעלט, זיינען „ניט אָרגאַניזירבאַר“, דער אמת איז, אַז דאָס רוב פון דער אַמעריקאַנער אַרבייטערשאַפט איז נאָך אויך ניט אָרגאַניזירט, פאַר היינט און פאַר מאָרגען איז זי אַלזאָ פּאַקטיש אויך „ניט אָרגאַניזירבאַר“. מיר ווייסען, אַז פאַרקערט, די יאַפּאַנעזער אַרבייטער אין האַוואַיי און אין די וועסט אָרגאַניזירען זיך יע, פאַרשטעהט זיך, זיי מוזען האָבען זייערע אייגענע אָרגאַנייזערס, אָבער אין יאַפּאַניע זיינען פאַראַן סאָציאַליסטען. אַנשטאַט צו פאַרשפּאַרען די טירען פאַר אַלע יאַפּאַנעזער אַרבייטער, וואָלט בעסער געפּאַסט פאַר סאָציאַליסטען, זיי זאָלען איינלאַדען אַהער זייערע גענאָסען פון יאַפּאַניע צו העלפען אָרגאַניזירען די יאַפּאַנעזישע אַרבייטער.

די אַגיטאַציע געגען געלע איינוואַנדערונג האָט געמוזט פאַרפירען די סאָציאַליסטען אויף דעם זעלביקען וועג, אויף וועלכען די טרעיד־יוניאָניסטישע אַגיטאַטאָרס געגען געלע איינוואַנדערונג זיינען פריהער פאַר זיי געגאַנגען.

צו זאגען, אז די סאציאליסטישע פארטיי איז די פארטיי פון דעם ארבייטער־קלאס, און דעריבער איז זי מחויב צו פארטרעטען יעדע פאדערונג פון די ארבייטער, ווי רעאקציאנער זי זאל ניט זיין, איז א השיבנו נאזאד פון דער פארטשריטליכער (דער זאגענאנטער „רעוואלוציאנערער") ריכטונג פון דעם סאציאליזם.

זעכציק יאהר נאכאנאנד האט געהייסען, אז דער סאציאליזם איז אינטערנאציאנאל, אז ער וויל אפשאפען אלע ראנאטקעס, אז עס איז ניטא פאר דעם סאציאליזם קיין ראסען־אונטערשידען. אבער דאס איז געווען כל־זמן מען האט געלעבט אין וואלקענקוקסהיים, ווי דער טייטש זאגט. דאמאלס האבען די סאציאליסטישע פירערס קריטיקירט די בורזשואזנע פאליטישענס, וואס האבען זיך יע גע־רעכענט מיט דער היינטיקער צוטיילונג אויף פיינדליכע ראסען און נאציאנען, און האבען נאכגעגעבען דעם גייסט פון נאציאנאלען שאוויניזם און ראסען־האס. אין דעם מאמענט אבער, ווי עס האט זיך די סאציאליסטען אויסגעדוכט, אז עס איז פאראן פאר זיי אן אויסזיכט ארייגצוכאפען די וואוטס פון די קאנסערוואטיווע טרייד־יוניאניסטען, איז דאס, וואס זיי האבען גע'דרש'ענט גאנצע זעכציק יאהר, מיט אמאל פאר זיי געווארען א „פראזע".

דער אפאטרוניזם איז ענג פארבונדען מיט דעם אמעריקאנער פארטיי־סיסטעם, יעדע אמעריקאנער פארטיי וויל ארייננארען אלע וואוטערס צו זיך אין זאק אריין. דערצו דארף מען יעדען איינעם צוזאגען וואס ער פערלאנגט. עס האנדעלט זיך דא ניט אום פרינ־ציפען, נאר אום ערפאלג פון דער פארטיי ארגאניזאציע. דעריבער מוז די אמעריקאנער פארטיי שטענדיק בייטען איהרע פרינציפען, לויט נאך די פאדערונגען פון מאמענט.

און ווי מיר זעהען, האט זיך די סאציאליסטישע פארטיי אויך געוויזען גאנץ צופרידען צוצופאסען איהרע פרינציפען „פרימיטיווע-ניטיעלנא ק'פאדאלסטי", ווי שטשעדרין זאגט, — ס'הייסט ארונטערזינקען ביז צו דער נידערטרעכטיגקייט פון דער ארומיקער סביבה.

אבער די סאציאליסטישע פאליטישענס, וועלכע ווילען צוּבאמקען צו די קאנסערוואטיווע טרעיד-יואניסטען, האפענדיק, אז זיי וועלען דערמיט כאפען וואוטס פאר די סאציאליסטישע פארטיי, זיינען זיך מטריח גאר אומזיסט. די ארבייטער וועלכע ווילען באשרענקען אימיגראציע, וואלטען געדארפט זיין פשוט'ע אידיאטען צו שטימען פאר די סאציאליסטישע פארטיי. זיי ווילען באשרענקען די אימיגראציע היינט, ניט ווארטענדיק, ביז די סאציאליסטען וועלען האבען א טשאנס צו ווערען א קראפט אין קאנגרעס. און היינט קענען זיי געפינען אונטערשטיצונג פאר די פאדערונג ביי דער דעמאקראטישער און דער רעפובליקאנער פארטיי, וועלכע האבען שוין דורכגעפיהרט א סך אזוינע געזעצען און האבען געמאכט א טרעיד-יוניאניסט פאר א מיניסטער, אנאנדערן פאר אימיגריישאן קאמישאנער און א סך טרעיד-יוניאניסטען פאר קלענערע בעאמטע, וואס האבען אין זייערע הענט די אויספירונג פון דעם געזעץ געגען אימיגראציע. מיט דער אגיטאציע געגען איינוואנדערונג העלפען נאר די סאציאליסטען די אלטע פארטייען. די שונאים פון אימיגראציע דארפען די סאציאליסטישע פארטיי אויף כפרות.

אז דער ראסען-האס פון די אמעריקאנער ארבייטער קענען די נעלע ארבייטער וועט זיך סוף-כל-סוף ענדיקען מיט א מלחמה צווישען די פאראייניקטע שטאטען און יאפאניע, דאס זעהען היינט א סך אמעריקאנער פאליטישענס און אנדערע טוערס. אבער ביי קיי-

נעם פון זיי שטעלט זיך ניט די פראגע: אויב דער ראסען־האס קען אונדז אריינשלעפען אין א מלחמה, טו דארפען מיר אפשר בעסער באצייטענס פארקערעווען פון דעם געפערלאכען וועג צוריק אויף דעם וועג פון פרייהייט, אויף וועלכען די פאראייניקטע שטאטען זיינען געגאנגען, איידער די ארגאניזירטע ארבייטער האבען נע־צוואונגען די אמעריקאנער רעגירונג אנצונעמען די מאנאפאליסטי־שע ראסען־פאליטיק? ניין, זיי ענטפערען גאר אנדערש: מיר האבען א רעכט ניט אריינצולאזען אין אונדזער לאנד וועמען מיר ווי־לען ניט; אויב יאפאניע וויל צוליב דעם פירען מלחמה מיט אונדז, מוזען מיר צוגרייטען א שטארקע ארמעע און א גרויסען פלאט.

דאס זעלבע זאגט בערגער, דער סאציאליסטישער פירער:

דער אמעריקאנער פראלעטאריאט וועט ניט נאכגעבען, — האט ער געזאגט — די געלע וועלען איהם מוזען באזיגען מיט א באוואפענטער מאכט.



ב י י ל א ג ע :

# מאיק ברעדי איבר׳ן קלאסען-קאמפף.

ווער איז מאיק ברעדי? נאך זיין נאמען נאך, קומט ער קענטיק פון איירלאנד, אליין אבער האלט ער זיך פאר א בריטיש־שפּרעכענדען אנגלא־סאקסען, און דערצו איז ער נאך אפנים א סאציאליסט אויך. ס׳ווייזט אויס, עס געהט איהם נעבאך ניט גוט, האט ער אויסגעלאזען זיין ביטער הארץ אין א לעטער צום רעדאקטאר אין דעם „קאלל" פון 17טען מאי, 1911, וואס איז ווערט צו לעזען. איך האב איהם פארטייטש ווארט פאר ווארט:

„בעת די קאפּיטאליסטישע פּאליטישענס זיינען ביזי מיט שליסען אן אינטערנאציאנאלען פרידענס־טראקטאט צווישען די יונייטעד סטעיטס און גרוים בריטאניע אונטער דעם מאנטעל פון ברידערלאכע פריינטשאפט, באגלייט מיט חלשות׳דיקען שוואץ־ווע־גען „אנגלא־סאקסישער קרובה׳שאפט", „ראסען־הערשאפט", „בלוט איז געדיכטער ווי וואסער", און נאך אזוינע נארישקייטען, געפינען די בריטישע און ענגליש־שפּרעכענדע ארבייטער פון אמעריקע, אז די זעלביקע קאפּיטאליסטישע באנדע לאזט זיי ניט צו צו קיין ארבייט. עס איז שוין פון א לאנגער צייט א מנהג ביי די אמעריקאנער קאפּיטאליסטען, טראסטס, קארפּארייששאנס, אין גאנצען צו מאכען דיס־קרימינעישאן קעגען אלע ענגליש־שפּרעכענדע ארבייטער און ארבייטערינען, אלס „געדונגענע מענטשען". דאס איז מער קענטיק אין פּראסטער ארבייט. אין אלע גרויסע שטעט פון אמעריקע זיינען פאראן טויזענטער אונבאשעפטיקטע מענער און נייעציק פּראצענט פון זיי זיינען ווייסע ענגליש־שפּרעכענדע לייט. (זייענדיק „ווויסענשאפליכע סאציאליסטען", זיינען זיי אלע סטאטיסטיקער —

*) דיזער ארטיקעל איז געדרוקט געוועזן אין דער „פרייער ארבייטער שטימע" אין 1911. איך האב איהם דא איבערגעדרוקט אין א פארקירצטער פארמע צו ווייזען, וואס פאר א ווירקונג עס האט אויף דעם אונוויסענדען ארבייטער די סאציאליסטישע פּראפּאגאנדע פון אזוינע צייטונגען, ווי דער „ניו־יארק קאלל", וואס האלט זיך מיט דער ארבייט און מיט די געלט פון די אידישע גענאסען.

דאָס זאָג איך, ניט מאיק). די ארבייטסגעבער גלייכען בעסער אַז אראַבער, אַן אינדוס, אַ נעגער, אַ דעיגאָ, אַ גריך, אַ סלאַווישען, אַ יאַפּאַנעזער, אַ טשינק, איידער ערגעץ אַן אַנגלאָ־סאַקסען, מסתמא דערפאר וואָס די דאַזיקע און די פּארוואַנדטע ראַסען זיינען מער שקלאַפיש, עס פעלט זיי דער גייסט, זיי זיינען שטיל און פאָלגען וואָס מען הייסט זיי, און זיי זיינען צופרידען צו האָרעווען פאר בי־ליקער באַצאָלט. זייענדיק דאָס רוב אונוויסענד, מאַטערען זיי אוים מיט פרייד זייער לעבען, ניט באַקלאָגענדיק זיך, פאר א טאָפּ ליג־דזען. פאר וואָס אָרגאַניזירען זיך ניט די בריטיש־שפּרעכענדע לייט צו באַקעמפּפען (און נוקם זיין זיך) מיט קרעפטיקע מיטלען יעדע אונפריינטלאַכע אַטאַקע, וואָס ווערט איצטער אָנגעווענדעט פון די רייכע קאַפּיטאַליסטען פון אמעריקע, איז איבער דעם מענטשלאַכען שכל.

„פּראָסטע ארבייט ווערט מער ניט אָנגעבאָטען די ווייסע אַנג־לאָ־סאַקסען. עס הייסט, אַז „קיין ענגלישע, סקאָטישע, איירישע, וועלש, אָדער קענעדער דאַרפען זיך ניט מטריח זיין" אומעטום אין די יונייטעד סטעיטס. דער גרעסטער טייל פּראָסטע ארבייט אין דער שטאָט ניו־יאָרק ווערט געמאַכט פון איטאַליענער, גריכען און טערקען. שיקאַגאָ האָט איהרע פּאָליאַקען, סלאַווישע, בולגאַ־רען און דעיגאָס, בעת סאַן־פראַנציסקאָ האָט איהרע פּעאָנס פון מע־קסיקאָ.

„די בריטישע לייט וואָס וואוינען אין די יונייטעד סטעיטס, מעגען זיך אליין שטעלען די העכסט וויכטיקע פראגע באַטרע־פענד דעם אייביקען היינט, אזוי גוט ווי די נאָהענטע צוקונפט: „ווער זאָל הערשען אין אמעריקע?" ווער, דער סלאַווישער, אָדער דער אַנגלאָ־סאַקס? עס מוז געענטפערט ווערען ווען עס איז".

געצייכענט מאיק ברעידי, — קענסאַס סיטי, מיזורי, דעם 14טען מאי, 1911.

**אויב איהר מיינט אפשר אז דאָס איז ניט שייך צו אייך, מחמת דער נאָמען „איד" ווערט ניט דערמאָנט, טו האָט איהר אַ טעות, וואָ־רים אין די סוירקיולאַרס פון דער אימיגרעישאָן רעסטריקשאַן ליעג זיינען די אידען פאַרעכענט צווישען „סלאַווישע" אימיגראַנטען.**

איהר וועט מיר זאָגען: מאַלע וואָס מאיק שרייבט! עס האַנ־דעלט זיך דאָ אָבער ניט וועגען מאיק'ן, נאָר וועגען דעם אויסגע־

קליבענעם רעדאקטאר פון דעם אפיציאנזעם ארגאן פון דער סאציאליסטישער פארטיי, וואס האט עס געדרוקט. איך בין זיכער ניט געגען פרייע פרעסע. אבער, ערסטענס, ווייס איך ניט, צו דערזועלבער רעדאקטאר וואלט געלאזט דרוקען א בריעף, וואס וואלט למשל רעקאמענדירט, אז די סאציאליסטישע פארטיי זאל אינדארסירען לאפאלעט'ען פאר פרעזידענט אין 1912. דאס וואלט זיין קעגען דער טאקטיק פון דער סאציאליסטישער פארטיי? און איז אן אויפרוף צו ארגאניזירען די „בריטיש־שפרעכענדע" ארבייטער קעגען היגע ארבייטער פון אנדערע נאציאנאליטעטען און צו נוקם זיין זיך „מיט קרעפטיקע מיטלען", ס'הייסט ניט אנדערש ווי מיט פאגראמען, ניט קעגען דעם סאציאליסטישען פרינציפ פון סאלידאריטעט פון דעם ארבייטער־קלאס?

מילא, לאז זיין, אז די מיינונגס־פרייהייט אין דער סאציאליסטישער פרעסע איז אזוי ברייט, אז אפילו א שרייבער פון א טשערנאסאטיענעם פאגראם־ארטיקעל ווערט אויך אויפגענומען ווי א גאסט. אבער א גאסט דארף זיך דאך פירען ווי א גאסט. אין קיין אנשטענדיקער קאפיטאליסטישער צייטונג, וואס גיט אפ פלאץ פאר א פרייע פאלקס־טריבונע, לאזט מען ניט דורך קיין זידעל־ווערטער, ווי „דעיגא", אדער „טשינק". דאס פאסט פאר דער „נאוואיע ווראמיא" און אויך פאר דעם „קאלל".

איך וואלט נאך געקענט פארשטעהן, ווען דער רעדאקטאר וואלט אפגעדרוקט דעם לעטער און וואלט וועגען איהם געשריבען א רעדאקציאנעלע נאטיץ. איך בין אבער גאר ניט זיכער, אז דער רעדאקטאר פון „קאלל" אליין איז דער עיקר ניט איינפערשטאנען מיט מאיק'ן. אט איז א סעמפעל פון דער רעדאקציאנעלער „פאליסי" פון דעם „קאלל".

מיט א פאר טעג פריהער איז אין דעם „קאלל" געווען א באריכט וועגען דער קאנווענשאן פון דער מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן, וואו עס איז אויך באשפראכען געווארען די פראגע וועגען אימיגרעישאן. נאטירליך, זיינען די קאפיטאליסטען פאר פרייע איינוואנדערונג, און איינער פון די רעדנער האט זיך אויסגעשפראכען קעגען דעם רעפארט פון דער אימיגרעישאן קאמישאן, וואס האט פארגעשלאגען ויט אריינצולאזען קיין איינוואנדערער, וואס קענען ניט לעזען און שרייבען. דער באריכט אין דעם „קאלל" האט גע־

טראָגען די קעפּל: „זיי ווילט זיך אונוויסענדע אימיגראַנטען". די קעפּל גופא ווייזט שוין, אַז דער רעפּאָרטער וויל ניט קיין אונוויסענדע אימיגראַנטען. דערצו מוז מען נאָך נעמען אין באַטראַכט, אַז דער גאַנצער באַריכט איז געווען פיינדליך צו דער קאָנווענשאַן, און דאָס האָט געמאַכט די קעפּל נאָך ביטערער.

